אינסטיטוט פאר ייִדישער קולטור בא דער אוקרײַנישער
וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע. פילאָלאָגישע סעקציע.

נ. שטיף

# ייִדישע סטיליסטיק

1־טע סעריע

1 9 3 0

צענטראלער פארלאג פאר די פעלקער פונ פ.ס.ר.ר.

מאָסקווע כארקאָוו מינסק

אלאוקרײַנישע פיליע

די ביבליאָגראפישע פארצייכענונג
פונעם בוך און די שיפערן פאר
ביבליאָטעק-קאטאלאָגן זײַנען אָפגע-
דרוקט אין „צײַטשריפט פון דרוק“ און
אין דעם „קארטן-רעפערטואר“ פון
דער אוקראַיִנישער ביכער-פאלאטע.

מעלוכע - טרעסט „קיִעוו - דרוק“,
2-טע דרוקערײַ, וואָראָווסקי 42.
באשט. 2875، געדרוקט — 2000.
9 דרוקבויגנ. הויפטליט (768)4522.

# קירצונגען

**בוכ** = פאָליטיק, ליטעראטור-קריטיק, וויסנשאפט א. ד. גל.

**בערנשטיין** = איגנאַץ בערנשטיין: „יידישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן“, ווארשע, 1908.

**בערל בראָדער** = (מארגוליעס) „שירי זמרה“, ווארשע, 1882.

**גינזבורג — מארעק** = ש. מ. גינזבורג און פּ. ס. מארעק „יידישע פאָלקסלידער“ (Евр. народн. песни), פּעטערבורג, 1901.

**הייליקמאַן** = ט. הייליקמאַן „געשיכטע פון דער געזעלשאפטלעכער באַוועגונג פון די ייִדן אין פּוילן און רוסלאַנד“ 1. טייל, מאָסקווע, 1926.

**וו״ב** = וואָכנבלאַט.

**זש.** = זשורנאַל.

**ממ״ס** = מענדעלע מויכער ספאָרים.

**נאַכמען בראַצלאַווער** = נאַכמען בראַצלאַווער „סיפּורי מעשיות“.

**פ״ב** = פאָלקסביכל, פון דער פּאַקנטרעגער-ליטעראַטור.

**פ״וו** = פאָלקסוואָרט, א באַקאַנטער פאָלקסטימלעכער אויסדרוק.

**צ.** = צײַטונג.

**ש״א** = שאָלעם אליי‌כעם.

---

א שטערנדל * באַ דער זײַט — הייסט, אַז די ציטאַט איז גענומען פון אויסלענדישע אויסגאַבעס.

# פירוואָרט

דאָס איצטיקע בוך — דאָס איז א שטודיע וועגן אייניקע וויכטיקע פראגעס פון ייִדישער סטיליסטיק.

אָבער נישט סטאם א שטודיע; — דאָ קומט אויך אָפּ צום אויסדרוק א רעגו־לירנדיקער פּרינציפּ: דער לייענער וועט דאָ געפינען א באשטימטע שטע־לונג, א געוויסן ענטפער אף שטרייַטיקע פראגעס.

הינטער דעם שטעקט דער געדאנק: די שפּראך פּירט אויס זייער א וויכטיקע סאָציִאלע פונקציע, — זי איז א מיטל, א געצייַג פון פאורקער אין דער געזעלשאפט. די אנטוויקלונג פון דער שפּראך איז א סאָציִאלער פּראָצעס, וואָס איז גע־וועגדט אָן דער אנטוויקלונג פון די געזעלשאפטלעך־ווירטשאפטלעכע באציִונגען, און, אזויווי אלע אזוינע פּראָצעסן, קען מען און מע דארף דאָס געזעלשאפטלעך באווירקן, רעגולירן, — גערעכנט זיך מיט די רעאלע אינטערעסן פון די מאסן.

אז אזא רעגוליר־ארבעט האָבן מיר איצט זייער נויטיק, — דאָס וועט שווערלעך עמעצער אָפּפרעגן. אונדזער קולטור־שפּראך, — די שפּראך פון דער פּרעסע, פּארזאמ־לונגען, פון דעם לערער אין שול, פון דעם פּובליציסטישן און וויסנשאפטלעכן בוך א. אז. וו., — לעבט איבער אין ראטנפארבאנד אן עמעסע רעוואָלוציע. די דיאַזיקע רע־וואָליוציע איז א דירעקטער און אומפארמייַדלעכער רעזולטאט פון דעם גרויסן אָק־טיאבער. די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט ארויסגערוקט אף די פּעדערשטע קולטור־פּאָזיציעס א נייַעם קלאס און האָט געשטעלט צו דער ייִדישער שפּראך נייַע פאָדערונגען.

די רעוואָליוציע האָט אָפּגעשווענקט א היפּש ביסל שפּראך־מאטעריאל, וואָס איז בארופן געווען צו דינען די הינטערשטעליקע קליינבירגערלעכע שיכטן, און האָט גע־מאָנט, און מאָנט צו שאפן ווערטער און אויסדריקן פאר א מענגע נייַע באגריפן פון א געזעלשאפט, וואָס לעבט מיט דערווירקלעכקייט און מיט די אידעאלן פון פּראָלעטארישער דיקטאטור, פון סאָציִאליסטיש בויען, פון פּלאנווירטשאפט א. אז. וו. די ייִדישע קולטור־שפּראך שטייט איצט אייַן אין א ראטנסיסטעם, אין הויכשולן, אין געריכט, אין אדמיניסטראציע; זי מוז דינען פאר א גראנדיִעזער ארבעט איבערצובויען די עקאָנאָמיק און דעם שטייגער פון ברייטע ייִדישע מאסן (אינדוסטריִאליזאציע, קאָלאָניזאציע א. אז. וו.) און זי מוז זיך דערצו שטארק און־טערגאָרטלען: יערושע האָט זי געקריגן זייער ווייניק.

ווידער האָט זיך געענדערט דער טראָגער פון דער קולטור־שפּראך. ס׳איז שוין נישט מער ווי פריִער די דינע שיכט אינטעליגענטן און האלב־אינטעליגענטן פּראָפע־סיִאָנאלן, „ייִדישיסטן“. דער איצטיקער קולטור־הערשנדיקער קלאס, — מעמיילע דער

טראָגער פון דער קולטור־שפּראַך אויך,— דאָס איז אין אַ קלענערער מאָס אַ טייל פון דער אַלטער רעוואָליוציאָנערער אינטעליגענץ, צום גרעסטן טייל אָבער — נײַע מענטשן: דער אַקטיוו פונעם אַרבעטער־קלאַס, צומטייל דער קוסטאַרן־אַקטיוו, די נײַע סאָוועטישע לערערשאַפט, קולטור־טוער. צום וואָרט זײַנען געקומען די יינגסטע, וואָס זײַנען שוין אויסגעוואַקסן אין דער רעוואָליוציע. זיי האָבן נישט קיין ירושע; צו ייִדישער קולטור־אַרבעט קומען זיי פונעם פּאַרטיי־ביוראָ, פונעם פּראָפּאַריין, פון דעם פּאַב־קאָם; — אָפּטמאָל נאָר אַפּ אַ ווײַל. ספּעציעל האָט די סאָוועטישע פּרעסע אַרויסגע־בראַכט אַ נײַע קאַטעגאָריע פּען־מענטשן: אַרבקאָרן, קוסטקאָרן, דאָרפקאָרן א. ד. גל., וואָס דאַרפן צואַרבעטן מיט דער פּען אין דער פאַבריק, אין וואַרשטאַט, ניט „זיצן און שרײַבן“ אין רעדאַקציעס.

בא אַזאַ לאַגע איז געווען נאַטירלעך, וואָס די שפּראַך האָט זיך געמוזט גרינט־לעך באַנײַען, האָט געמוזט ווײַט אַרויס פון אַלע אירע ברעגן. דאָס איז קיין נײַס נישט. ענלעכס איז פאָרגעקומען מיט פראַנצויזיש די צײַט פון דער פראַנצויזי־שער רעוואָליוציע [1]; דאָסזעלבע, אַפּ אַן אַנדער שטייגער, זעען מיר איצט אין רוסיש אויך. אויב אַ רוסישער לינגוויסט (פּאָליוואַנאָוו) האַלט, אַז די הײַנטיקע רוסישע שפּראַך, ביפראַט די קאָמיוגישע שפּראַך, איז אַקעגן רוסיש פון 1913 אַן אַנדער שפּראַך, בעיס אין רוסיש האָבן מיר אַ שטאַרקערע שפּראַך־טראַדיציע, איז דאָס אַוודע אָנגעמאָסטן פאַר ייִדיש. די ענדערונגען אין דער לעקסיק און אין דער פּראַזעאָלאָ־גיע, די מענגע נײַע ווערטער און אויסדריקן, וואָס זײַנען איצט אונדז צוגעקומען (צומטייל,— אָנשטאָט די אַלטע),— דאָס וואַרפט זיך שוין אויבנאויף אַלעמען אין די אויגן. דער רעוואָליוציאָניזירנדיקער פּראָצעס האָט אָבער אײַנגעשניטן אין דער שפּראַך אַסאַך טיפער, שאַרפער. גרינטלעכע ווײַטפירנדיקע ענדערונגען זעען מיר אויך צו אין דעם טייל, וואָס איז בעעצעם קאָנסערוואַטיווער און שטאַנדעוודיקער,— אין די גראַמאַטישע פאָרמעס.

ס'איז גענוג צו דערמאָנען, אַשטייגער, די נײַע וואָרטבילדונג (מיט אַזוינע אַלט־באַקאַנטע סופיקסן ווי „יש“, „יק“, צומטייל מיט נײַע: „באַר“ א. ד. גל.), דערהויפּט די אַדיעקטיוויזאַציע פון דער שפּראַך. מיר זעען איצט צו נײַע דרייסטע גענג צו בילדן אַדיעקטיוון (ראַטישע טוער, ברויטיקער קרײַז א. ד. גל.) אין אַזוינע פאַלן, ווו נאָך גאָר נישט לאַנג האָבן מיר געמאַכט דערפון קאָמפּאָזיטן (צונויפגעזעצטע ווערטער). מיט דער אַדיעקטיוויזאַציע בינדט מען אויף די באַהאַלטענע ענערגיע פונעם וואָרט, וואָס איז געבונדן אינעם קאָמפּאָזיט, און מע מאַכט פרײַער, לײַכטער דעם זאַצבוי, א. אז. וו.[2].

די סאָוועטישע ייִדישע פּרעסע,— דער טאָנגעבער פון אונדזער קולטור־שפּראַך,— האָט אין דעמדאָזיקן באַנײַ־פּראָצעס נישט קיין קליינע פאַרדינסטן.

---

[1] זע וועגן דעם:

К. Державин. „Борьба классов и партий в языке великой французской революции“ Язык и Литература, т. II, вып. 1. Ленинград, 1927, стр. 1—62.

[2] זע: דער באַריכט וועגן מײַן רעפעראַט איבער דער שפּראַך פון דער סאָוועטישער ייִדישער פּרעסע, אין „עמעס“ 1929, נומ. 145; אויך ב. סלוצקי: „די אַרבעט פון דער פילאָלאָגישער סעקציע בא דער קאַ־טעדרע פאַר ייִדישער קולטור (קיִעוו) אַפּ דער שפּראַך פון דער סאָוועטישער ייִדישער פּרעסע“, אין דער „ייִדישער שפּראַך“, 1929, נומ. 3(16).

דער גרויסער שטראָם האָט אָבער, ווי אלעמאָל, געבראַכט נישט בלויז ריינע וואַסערן. באַנאַנד מיט דעם געזונטן, אָרגאַנישן, מיט דעם, וואָס קען און דאַרף בלײַבן אין דער שפּראַך, האָט בײַ אַזאַ האַסטיקן פּראָצעס געמוזט צוקומען אַ היפּש ביסל אַמפּליקס, שטרײַטיקס און אָפּגעפּרעגטס אויך. דער פּראָצעס אינטערנאַציאָנאַליזאַציע, די מעכטיקע ווירקונג פון דער רוסישער קאָמוניסטישער פּרעסע און בוך, וואָס צו זיי מוז מען אָנקומען, האָט געבראַכט, אַז מע זאָל אַסאַך איבערנעמען פון דער פּרעמד, און, — אין דער אײַליקער צײַטונג־אַרבעט, — נישט שטענדיק מיט דער גענויטיקער געהיטקייט[1]. דאָס איז צו זען אין אַ טייל לעקסיק, פּראַזעאָלאָגיע; אָבער צום־שווערסטן לאָזט זיך דאָס אומקריטיש־איבערגענומענע פילן אין סינטאַקס. דאָ, אין סינטאַקס, איז דאָס שווערער, ווײַל אַ שלעכטער זאַצבוי, אַ צו קאָמפּליצירטע, גראַמאַטיש־אויסגעקינצלטע קאָנסטרוקציע פאַרשווערט, — ווי באַקאַנט, — דעם מאַסנמענטשנ ניט קיין פאַרגלײַך מער דאָס לייענען און באַנעמען, — מעמיילע דאָס באַהעפטן זיך צו געזעלשאַפטלעכקייט, צו קולטור און וויסן, — אַסאַך מער איידער האַרבע, נײַע ווערטער און אויסדריקן. און פון די מאַסן האַנדלט זיך דאָס בײַ אונדז, פון די געדיכטע שיכטן, וואָס אַ גרויסער טייל זייערער קומט צום געדרוקטן וואָרט דירעקט פונעם „ליקפּונקט“, פון נעכטיקער אומיווּרעדיקייט.

דער שווערער זאַצבוי דאַרף דעריבער האָבן פּריִער און מערער פאַר אַנדערע זאַכן די וויסנשאַפטלעך־געזעלשאַפטלעכע קריטיק און רעגוליר־הילף. פון אַזאַ פּרוּװ האַנדלט זיך דאָס אין איצטיקן בוך.

מע דאַרף נישט מיינען, אַז דאָס שטרײַטיקע, דאָס אָפּגעפּרעגטע איז עפּעס אַ ספּעציִעלע אייגנטימלעכקייט פון דער יִדישער קולטור־שפּראַך. דאָס איז איצט אינטערנאַציאָנאַל, — אין די גרענעצן פונעם פאַרבאַנד, — אַזוי ווי אינטערנאַציאָנאַל איז די אידעאָלאָגיע פון דער סאָוועטישער פּרעסע און בוך. פאַר אַ מוסטער דינט פאַר אַלעמען די היײַנטיקע רוסישע קולטור־שפּראַך, דערהויפּט די רוסישע פּרעסע־שפּראַך, און מע טוט דאָס נאָך אין אוקראַיִניש, אַשטייגער, א. אַנד., אַזוי גוט ווי אין יִדיש. דער כילעק איז נאָר, וואָס דאָרט, בײַ פּראַט אין רוסיש, האָט מען זיך אָפּ די פּעלערנ שוין פּריִער אַרומגעזען. מע האָט זיך אַרומגעזען, אַז די פּרעסע־שפּראַך איז, אַזוי צו זאָגן, צו פיל „פאַרגראַמאַטישט“ געוואָרן: צו פיל פּרעסט מען אײַן געדאַנק און האַנדלונג אין שאַבלאָניזירטע, געקינצלטע סינטאַקסישע קאָנסטרוקציִעס (די שטאַרק־קאָמפּליצירטע פּראָזע, מיט בײַזאַצן — אָפּטמאָל צוויי דרײַ־גאָרנדיקע, — געקייטלט דורך פאָרמעלע, ניט־דיפערענצירטע הילפוואָרטער (וועלכע, ווו א. ד. גל.); דאָס אָפּגעבלאַסטע זאַכוואָרט אַנשטאָט דעם דינאַמישן צײַטוואָרט א. אַז. וו.), — קאָנסטרוקציִעס, וואָס מע דאַרף זיי ערשט צעקײַען, קעדיי זיי צו באַנעמען, און וואָס אָפּטמאָל פאַרשלינגען זיי, פאַרטונקלען אַ טייל לעבעדיקן אינהאַלט פון די געפּענטעטע

[1] כ׳ מ. ליטוואַקאָוו זאָגט וועגן דעם:

„זי (די יִדישע צײַטונג-שפּראַך; נ. ש.) איז צופיל פאַרקאַזיאָנעוועט, פאַרעזאָליוצעוועט און פאַר־טעזיסט געוואָרן, אַז ניט שטענדיק קען זי אַ פּאָשעטער בענאָדאָם פאַרשטיין. באַזונדערס באַציט זיך דאָס צום אינפאָרמאַציִע-טייל: „טאַס“, „רוסטאַ“ און „ראַטאַו“ גיבן איבער די טעלעגראַמעס אַפּ אַ טערקישט רוסיש, ווערן זיי אָפּט איבערגעזעצט אַפּ אַ יִדיש טערקיש, באַקומט זיך אין סאַכאַקל אַזאַ טאַרגעמלאָשן אַז עס איז אַמאָל שווער צו טרעפן ווער, וואָס, וועמען“ („עמעס“, 1928, נומ. 103).

פראזע־טיילן; קורץ, — מיר האָבן דאָ גראַמאַטיק קעגן סטיל. האָט מען זיך ערנסט גענומען פאַר קריטיק און רעגולירן; — באַ אונדז הייבט מען ערשט אָן[1].

בעכיין האַנדלט זיך דאָ נישט פון קיין ספּעציִעל־יִידישער שפּראַך־פּראָבלעם, — מעמיילע נישט פון קיינע ספּעציִעלע וועג דידאַקטישע פּראָבלעם צו פאַרענטפערן. דער וועג צו בעסערס איז דאָ דערזעלבער, וואָס אין אַנדערע שפּראַכן, אַזויווי דערזעלבער איז דער צוועק, דיזעלבע איז די אָריִענטאַציע. די אָריִענטאַציע איז אויף די מאַסן, צום אַלעם ערשטן, — אויף דעם אַרבעטער. דער צוועק איז — אַ שפּראַך, וואָס זאָל דעם אַרבעטער זיין פאַרשטענדלעך און אייגן, וואָס זאָל אים דינען פאַר זיינע וויטע און נאָענטע צוועקן; און דער וועג איז — וואָס נענטער צו דער שפּראַך פון די מאַסן, צו דער גערעדטער שפּראַך (פאָלקשפּראַך). דאָס איז, ביכלאַל גערעדט, די קריטיש־רעגולירנדיקע „נאָרמע" אין איצטיקן בוך אויך. אַהער קומט נאָך צו דאָס, וואָס ס'קען דינען, פון קאָנטראָל־וועגן, אין דער ליטעראַרישער שפּראַך, אין דער שפּראַך פון דער בעסערער פּובליציסטיק.

אַזוי זעט אויס דער צוועק און די מעטאָדע פון דעם בוך.

קריטיק און רעגוליר־אַרבעט דאַרף אויך האָבן אויף זיך קאָנטראָל. אין אונדזער פאַל איז דאָס שוין אין אַ געוויסער מאָס פאַראַן. דאָס, וואָס איך ברענג איצט אין בוך, — דאָס איז שוין באַקאַנט פון עם זשורנאַל „די יִידישע שפּראַך".

ס'איז באַקאַנט און צומטייל אויסגעפּרוּווט אויך: סײַ וועגן זשורנאַל בעעצעם און מיינע אַרבעטן דאָרט, סײַ וועגן זייער פּאַקטישער ווירקונג אויף אונדזער קולטור־שפּראַך, ספּעציִעל אויף דער צייטונג־שפּראַך, איז שוין אין דער פּרעסע געשריבן געוואָרן. איך האָב זיך דאָ, אין בוך, גערעכנט, — ווי ווייט ס'איז מיר מעגלעך געווען, — מיט די אָפענטפערן און טייַנעס, וואָס מע האָט אַרויסגעשטעלט קעגן אייניקע מיינע באַטראַכטונגען און מיינונגען. אין אַ געזאַמלטער בוך־פאָרמע איז דעם אַוטערס צוועק און מעטאָדע נאָך איבערזיכטלעכער; וועלן איצט די אַרבעטן, האָפנטלעך, נאָך מער ציִען אויף זיך די קריטישע אויפמערקזאַמקייט פון ברייטערע קרייַזן לייענער. אַזוינס קען מען נאָר באַגריסן. פאַר יעדן אָנווייַז, וואָס האָב איך דאָ געפעלט אָדער פאַרפעלט, דאַנק איך פאָרויס.

צולעצט אַ פּאָר ווערטער וועגן דער פאָרמע, ווי אַזוי די אַרבעטן קומען איצט אין בוך: פיר פון זיי זיינען, מיט קליינע בעסערונגען, געבראַכט אַזוי ווי זיי זיינען געדרוקט געוואָרן אין דער „יִידישער שפּראַך". גרינטלעך איבערגעאַרבעט איז דאָס „פון"־אַרטיקל.

**נ. שטיף.**

קיִעוו, 11 אָקטיאַבער, 1929.

---

[1]) זע: ש. דאָבין „קעגן די טייַנעס", אין דער „יִידישע שפּראַך", 1929, נומ. 1 (14); אויך מ. מייַדאַנסקיס רעפעראַט וועגן מ. הלאַרקיס בוך Наша газетна мова, דאָרט, נומ. 3(16).

# „פונ"

די פרעפּאָזיציע „פונ" פארנעמט אינ דעמ לעבעדיקנ שפּראכגעברויכ א היפּש אָרט; זי פירט אויס אסאכ פארשיידנארטיקע פונקציעס. גיט מענ איר נאָכ צו אנ „אָנלאָדונג": באוווּסט אונ אומבאווּסט וויל מענ אינ דער שריפטשפּראכ נאָכ מער ציִענ דעמ „פונ", פארשטופּנ מיט אימ אלע לעכער, ביפראט אינ דער אײַליקער צײַטונג־שפּראכ, אינ איבערזעצונגענ. אָנשטאָט צו פּרוּוונ אנ אנדער וואָרט־קאָמבינאציע, אנ אנדער זאצבוי, דאָרט ווו ייִדיש קענ נישט נאָכגיינ פּוסטריט דער פרעמדער שפּראכ, האָט מענ גרייט דעמ „פונ", אונ מע איז מיט אימ יויצע. דער „פונ" פּלאָנטערט זיכ פאר די פיס, ד ע ז אָ ר ג א נ י ז י ר ט די שפּראכ.

לאָמיכ דאָ ברענגענ, אשטייגער, אזא פראזע, — איינע פונ אסאכ אזעלכע,— מיט א דרײַגאָרנדיקנ „פונ":

1) אָבער אלס אלגעמיינע פאָרמולירונג, וואָס נעמט ארומ יעדע פאָרמ פ ו נ אָפּהענגיקייט פ ו נ ע מ אונ־טערגעוואָרפענעמ פאָלק פ ו נ ע מ הערשנדיקנ, זײַנענ אינ דעמדאָזיקנ געדאנק פאראנ געוויסע פעלערנ (הייליקמאנ).

די האמעטנעקייט פונ אזא פראזע פילנ מיר נאָכ איידער מיר מאכנ זיכ קלאָר, פארוואָס. דאָ האנדלט זיכ אָבער נישט בלויז פונ שפּראכ־עסטעטיק (כאָטש שפּראכ־עסטעטיק, ווי א טייל שפּראכ־קולטור, איז אויכ ניט אָפּגעפרעגט); דאָ האנדלט זיכ פונ ק ל אָ ר ק יי ט, פונ ריכטיק איבערגעבנ אונ באנעמענ א געדאנק. קוקנ מיר זיכ צו צו דער פראזע, אזוי זעענ מיר, אז די דרײַ „פונ"ענ ליגנ דאָ, אזוי צו זאָגנ, אינ פארשיידענע פלאכנ: די ערשטע צוויי דארפנ איבערגעבנ דעמ רוסישנ ג ע נ י ט י ו ו; דער דריטער — די פרעפּאָזיציע от אָבער אינ ייִדישנ טעקסט זעט מענ דאָס מיטאמאָל נישט: דער צווייטער „פונ" לאָזט זיכ אפּנ ערשטנ קוק אזוי טײַטש ווי דער דריטער; דאָס הייסט, אז עפּעס איז „אָפּהענגיק" פונעמ (от) „אונטערגעוואָרפענעמ פאָלק" אונ פונעמ „הערשנדיקנ" (דערופ, וואָס ס'פעלט דאָ א קאָמע, בא אזא טײַטש, קענ מענ זיכ נישט פארלאָזנ). מיט דעמ „פונ" באווײַזט מענ שוינ א קונצ צו פארטונקלענ דעמ געדאנק, ארײַנלייגנ אָפּטמאָל אינ זאצ צוויי גרונט־פארשיידענע מיינענ, וואָס איינעמ פונ זיי איז מענ זיכער ניט אויסנ.

איכ וויל דאָס דאָ ווײַזנ מיט נאָכ א פּאָר בײַשפּילנ (אגעוו, ניט פונ די ערגסטע), וואָס אזוינס טרעפט מענ אפ טריט אונ שריט.

איינס נאָכנ אנדערנ קענ מענ געפינענ אזוינע פראזעס:

2) דאָס צווינגט אונדז צו פארשארפנ די פראגע וועגנ די פאבריק־שילער אונ זייערע באציִונגענ מיט די מײַסטער. דער קאָמיוג מוז ארויסטרעטנ א ל ס פ א ר ט יי ד י ק ע ר פ ו נ ד י פ א ב ר י ק - ש י ל ע ר (צ.).

3) עמעס, ניט אומעטום מוז דער שילער, דאָס לערנייִנגל פארטיידיקט ווערנ פ ו נ ע מ מ ײַ ס ט ע ר (צ.).

מיט דעמ צווייטנ זאצ אינ נומער 2 איז זיכער געמיינט אזוי: דער קאָמיוג מוז זיכ אָנעמענ פ א ר ד י פ א ב ר י ק - ש י ל ע ר.

לויט דער פּראַקטיק נאָך פון דער פּאַסיוועד זאַצקאָנסטרוקציע, דאַרף מען האַלטן דאָס וואָרט „מײַסטער" אין דער פראַזע 3 פאַר דעם לאָגישן סוביעקט. מע קען מיינען, אַז דער שרײַבער איז דאָ אויסן צו זאָגן: ניט אומעטום דאַרף דער מײַסטער „פאַרטיידיקן", זיך אָנעמען פאַר דעם שילער, פאַר דעם לערנייִנגל. אַזוי קען מען פאַרשטיין; דאַרפן דאַרף מען אָבער פאַרשטיין גאָר אַנדערש (ווײַל אַזוי מיינט דער שרײַבער): ניט אומעטום דאַרף מען זיך אָנעמען דעם שילערס קריוודע (ניט אומעטום דאַרף מען געבן דעם שילער גערעכט) אנקעגן דעם מײַסטער. אַנדערש געזעדט: ניט אַלעמאָל איז דער שילער גערעכט און דער מײַסטער אומגערעכט.

אַזוינע קינצן זײַנען בײַ אונדז פון די וואָכעדיקע זאַכן.

ס'איז שוין צײַט דעריבער זיך ערנסט צו פאַרנעמען מיט דעם „פון", ווײַזן מיט דער לאָגיק און מיט דער פּראַקטיק פון דער שפּראַך, ווו מע דאַרף דעם „פון" געניטיק האָבן, ווו מע קען זיך גאַנץ גוט באַגיין אָן אים. ווו מע דאַרף זיך באַגיין אָן אים, ווײַל ער שטערט, ער פאַרוויסט די שפּראַך.

איך וועל אָנהויבן פון:

## I

# יאָ — „פון"

## 1. רוים און באַוועגונג

1) „פון" האָט א פונקציע צו ווײַזן דעם אויסגאַנג־פּונקט פון א באַוועגונג (רוים־באַגריף), אָדער די זאַך, וואָס מע איז געווען נאָענט צו איר באַם אָנהויב באַוועגונג. „פון" קומט דאָ נאָך אַזוינע צײַטווערטער, ווי: גיין, אַרויסגיין, ווײַכן, אָפּשיידן זיך, פאַלן, טרײַבן, יאָגן, קומען, באַקומען, בײַ ציִען, אַרויסציִען, אַרויסנעמען א. אַז. וו.

אין רוסיש נוצט מען דאָ из, с, от; אין דײַטשן: von.

4) זיך אַרויסקראַטשקעווען פון דער בלאָטע (ש"א).
5) זיי שלעפּן אַרויס די טעפּלעך פון אויוון (ש"א).
6) דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווײַט פונעם בוימעלע (בערנשטיין, נום. 2710).
7) איז אָנגעקומען א בויד מיט דרײַ פערד פון דער גרויסער שטאָט, פון פּערעיאַסלעוו (ש"א).
8) ער האָט אים געטראָגן גאַנצע שטיקער ברויט פון דער שויכעטקעס טיש (ש"א).

צו דערדאָזיקער גרופּע געהערט אויך דער פאַרבונד מיט „שטאַמען", „אָפּשטאַמען", „אַרויסקומען":

9) דאָס שטאַמט פון אָט דעם קליינעם וועוויריק (ש"א).

„פון" איז דאָ מעגלעך אָן א צײַטוואָרט פאַר באַוועגונג:

10) ער האָט דאָס ביערושע פון זײַן רעבן (ש"א).
11) א פּרינץ פון די אַמאָליקע פּרינצן (ש"א).
12) א קאָרעוו פון דער מאַמעס צאַד (ש"א).
13) זיי זײַנען נאָר ביידע... פון איין שטאָט (ש"א).

אין דעם פאַל, ווען מע גיט אָן דאָס אָרט קאָנקרעט באַם נאָמען, איז דאָס מעגלעך פאַראַלעל אויסצודריקן מיט אַן אייגנשאַפטוואָרט:

14) מײַן מאַמעס מאַמע איז פון מעזשערעטשקע און עפּרוסיס טאַטע... איז אויך א מעזשערעטשקער (ש"א).

15) ווער עס איז פון נעמעראָוו איז ניט פון געבעראָוו (ש״א).

דאָ קען מען אויך זאָגן:

15a) אַ נעמעראָווער איז ניט קיין געבעראָווער.

אָנשטאָט „פון״ טרעפט מען דאָ אָפטמאָל: „אויס״ (ווי מיר שײַנט, אָפטער אין פּוילישן ייִדיש):

16) אויס די אויגן — אויס דעם האַרץ (בערנשטיין נומ. 42).

17) דער רועכ רעדט היינט אויס דיר (ממ״ס).

„פון״ קומט אויך אין אַזוינע פאַלן, ווען ס'איז געגעבן דער אָנהויב און דער סאָף פון אַ באַוועגונג, פון אַן אויסשטרעק („פון״—„ביז״):

18) מאַלאַכיי־כאַבאָלע וואַרפן איַיך פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער (ש״א).

19) אָנגעטון גייט ער פון קאָפּ ביז די פיס אין זייַד (ש״א).

## 2. אין דעם רוים־באַגריף לייגט מען אַרייַן אַן אַנדער מיין

20) דעם סענדערן האָט דאָס שטאַרק געאַרט, וואָס איך בין אַראָפּ פון וועג, אָפּגעבנדיק זיך מיט נאַרישע זאַכן (ממ״ס).

דאָ הייסט דאָס: איך בין געוואָרן ניט דער, וואָס אַלע, וואָס מע דאַרף זייַן.

[צום פאַרגלייַך דערצו אַזאַ זאַץ:

21) זי (די קליאַטשע) נעמט זיך גאָר אַראָפּ פון דעם וועג און וויל פאַרקריכן אין אַ בלאָטע (ממ״ס).]

22) אַראָפּ פון זינען (פ״וו).

23) זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ נאַרישקייטן (פ״וו).

אין רוסיש האָבן מיר דאָ от, с, из אין דייַטשן: von.

## 3. „פון“ נוצט מען בײַ צײַט־באַגריפן

24) געהערט האָב איך פון גאַנץ לאַנג (ממ״ס).

25) דאָ פיטערן זיך דאָך אַלע שטאָט־בעהיימעס פון אייביקע יאָרן (ממ״ס).

ווען סע ווערט אָנגעגעבן דער אָנהויב און דער סאָף פון אַ צײַט־אָפּשניט:

26) כאָטש רייד איבער מיר פון הײַנט ביז איבעראיאָר (ממ״ס).

27) עס דויערט פון עסטער־טאָנעס ביז פורים (בערנשטיין, נומ. 989).

28) דראָשעס וואָס פערד האָבן געהאַלטן פון בילעמס אייזל ביז אַצינד (ממ״ס).

אין רוסישן האָבן מיר דאָ с, от; אין דײַטשן: von.

## 4. אַטריבוטן (אייגנשאַפטן)

29) איבערלאָזנדיק פון זיך אַ רייעך פון פערד (ש״א).

30) אַרויסגעפּאָרן ווידער אַפּ דער ברייטער וועלט פון פעלדער און גערטנער, פון זאַמד און פון וואַלד און פון הימל (ש״א).

31) האָט ער געמאַכט אַ סודע פון דער ברייטער האַנט (ש״א).

32) עפּעס אַן אומבאַקאַנטער פאַרשויג פון אַ ווילדער אויסזען (ממ״ס).

33) אַ פרומער ייִד מיט אַ ברייטן שטערן, אַ שטערן פון אַ באַל־מויעכ (ממ״ס).

34) ער האָט אין זיך נישט אַפילע קיין אָדער פון אַ פרינץ (ממ״ס).

35) סענצער איז געווען אַמאָל פון די געהויבענע סוסים (ממ״ס).

36) געווען אין וואָראָנקע אַ ייִד אַ באַלעבאָס, פון די נעגידים (ש״א).

אין די לעצטע פאלן קען מען דאָס זאָגן מיט אַן אייגנשאפט-וואָרט אויך אָדער מיט אַ זאכוואָרט: „אַ פּרינצישער אָדער“, „אַ געהויבע-נער סוס“ „אַ נאָגיד“.

37) דערפאר איז זײַן פּאָנעם געווען פון אַ קינד; אַ ריז, וואָס טראָגט אַ קינדיש פּאָנעם (אש).

אין רוסיש זאָגט מען דאָס צומיינסטנ מיט אַן אייגנשאפטוואָרט אין געניטיוו. צומטייל מיט из; אין דײַטשן — צומיינסטנס מיט von.

## 5. „פון“ צו באצייכענען אַ טייל פון עפּעס

(פון אַ גרופּע, אַ צאָל)

38) איינס פון די דרײַ פאנעס ווייס איך — דאָס איז אַ בעזעס (ממ״ס).

דער טייל־באגריף שטעקט אויך אין אַזוינע קאָמבינאציִעס:

39) אפ דעם בוים האָבן געוואקסן זייער שיינע עפּל, האָט זיך אים זייער געגלוסט, און ער האָט גע-געסן פון זיי (נאכמען בראצלאווער).

40) יענע שיינע פערד... האָבן דאָך פון קאָל טווו (ממ״ס).

41) מע האָט אים מאלביש אומאניל געווען קעיאד האמעלעך... פון אַלעם גוטן (פּערעץ).

ווען דער טייל־באגריף איז קאָמבינירט מיט קאָמפּאראטיוון און סופּערלאטיוון (ערשטער און העכסטער פארגלײַכגראד):

42) דער מינדסטער פון די אומעס האָוילעם (ממ״ס).

43) דער עלטערער פון דיביידע (ש״א).

אין אסאך פאלן אין דערדאָזיקער גרופּע לאָזט זיך שוין אויסקומען אָן דעם „פון“. מע דרוקט דאָס אויס מיט אַן אייגנשאפטוואָרט:

44) וויינען וווינט יאהא אין דנעפּראָוויץ און האלט שטארק אין דער מוירע איטלעכן פון יענע מיט די לאנגע נעזער. לאָז איינער אַזעלכער זיך איר נאָר אַ ווײַז טון... (ממ״ס).

45) איינער אַ שלאָס אפ דער אײַזערנער טיר פון אזריִעל פּויזנערס גרויסער קאָלבוי־קלייט האָט ווירקלעך געכאפּט דעם אָנבליק פון דעם שלאָס, וואָס העגנט אפ מיילעכס שטיבל (בערגעלסאָן).

46) פאר דעם מינדסטן פון די אומעס האָוילעם זאָל אַ‍ײַערער דער גרעסטער זיך מאכן קליין (ממ״ס).

אין דער פּובליציסטישער שפּראך וואָלט מען דאָ גיכער געניצט דעם שאבלאָן: „איינער פון זיי“, „איינער פון די שלעסער“, „דער גרעסטער פון אײַך“.

לויט מענדעלע—בערגעלסאָנס מוסטערן קען מען שרײַבן: „מיר גייען ארײַן אין איין אזא הויז“, ניט דאפקע: „אין איינעם פון אָט די הײַזער“ (צ.).

מיר וועלן נאָך ווײַטער זען, אַז בא אַ געוויסער גרופּע באגריפן פון אָרט און קאָלעקטיוון איז „פון“ דאָ איבעריק. מע דארף זיך באגיין אָן אים.

אין רוסישן האָבן מיר דאָ: из, דאָס אייגנשאפטוואָרט, דעם געניטיוו; אין דײַטשן: von, unter.

## 6. „פון“ צו באצייכענען שטאָף, פון וואָס אַ זאך איז געמאכט

47) פון אַ הונט קען מען אפילע קיין גוטן פּעלץ ניט מאכן (בערנשטיין, נומ. 1154).

48) ... אַ שווארצן אלטן קאפּטן פון איילנקיטײַ (אקסנפעלד).

49) ... אָנגעטון מיר אַן אנדער ווערטל, דאכט זיך, פון אטלאס (ממ״ס).

אָבער דאָ קאָנקורירט שוין שטארק דאָס אייגנשאפטוואָרט:

50) ... אין אַ נײַעם איילנקיטײַענעם קאפּטן (אקסנפעלד).

51) ... אַ לאנגע אטלאסענע קאפּאָטע מיט אַ גארטל (ממ״ס).

52) צוויי טולפּעס האָט ער: איינער איז א י ע נ אָ ט ע נ ע ר, דער אנדערער איז פון פּ י ז ע ם (ש״א).
אין רוסיש האָבן מיר דאָ из אָדער אן אייגנשאפטוואָרט; אין דײַטשן von, aus, אן אייגנשאפטוואָרט.

## 7. אין פאַרבינדונג מיט שטאָף־באַצייכענונגען — צו ווײַזן די קוואנטיטעט (צאָלן, מאָסן)

53) א זײַדן קלייד מיט א שלעפּ פ ו ן דרײַ ארשין (קאלמוס).
54) א ווײַס האנטעך פ ו ן פינעף איילן פאר א גאַרטל (פ״ב).
אין רוסיש קומט דאָ צומטייל в, צומטייל אייגנשאפטוואָרט; אין דײַטש—von.

## 8. „פון“ ווײַזט דאָס באַווירקט זײַן, די סיבע פון עפּעס

55) אגעוו, האָט אָנגעהויבן צו שטעכן אין די זײַטן פ ו נ ע ם טרייסלען און פונעם וואַרפן (ש״א).
56) דער שטויב איז פ ו נ ע ם לויפן זייער גרויס (ש״א).
57) צעבראָכן פ ו ן א נאכט ניט שלאָפן האָט ער זיך געהויקערט (בערגעלסאָן).
58) האָט מען געזאָגט, אז זי שווײַגט פ ו ן שלעכטיקייט (דערז.).
59) פ ו ן באָרשט מיט ברויט ווערן די באַקן רויט (בערנשטיין, № 347.).
60) דאָס איז אים געקומען פון א גוט־אויג (פ״וו).
אין געוויסע פאלן, ווען די פּרעפּאָזיציע קומט פאר א זאכוואָרט, טרעפט מען דאָ „פ א ר“:
61) עפּשער איז ער גאָר פ א ר הונגער געשטאָרבן (פּערעץ).
62) אויסער זיך איז ער פ א ר שרעק (פּערעץ).
63) מע פּלאצט פ א ר געלעכטער (פּערעץ).
64) דאָס מעשוגע זײַן איז פ א ר ווילטיק און האצלאָכע (פּערעץ).
65) ביילע שטיקט זיך שטילערהייט פ א ר געלעכטער (ממ״ס).
66) ער שפּײַט, קראַצט זיך פ א ר פאַרדראָס אין דער פּייע (ממ״ס).
67) עס גיט אים א קלאַפּ אין הארצן פ א ר פרייד (ממ״ס).
68) איך לאַך פ א ר סימכע (ממ״ס).
69) מעג ער שוין געשוואָלן ווערן פ א ר הונגער (ש״א).
70) דער טאַלמיד... איז טכילעס שיר ניט אומגעפאלן פ א ר שרעק (ש״א).
דאָסזעלבע אין דער פאָלקשפּראַך:
71) דרײַ מענטשן אין דער וועלט זינגען פ א ר צאָרעס... (בערנשטיין, № 1466).
72) פ א ר גרויס דאָרשט ברענט מיר דאָס הארץ (בערל בראָדער).
73) פ א ר הונגער בין איך זייער מאַט (דערז.).
אמאָל טרעפן מיר דאָ: „אויס“.
74) שווײַגט שוין די מאַמע א ו י ס מוירע (אש).
75) א ו י ס פרומקייט האלט זי מיט אים קיין שאָלעם ניט (בערגעלסאָן).
אין רוסיש האָבן מיר דאָ от, c; אין דײַטשן — von...
נאָענט צו דער איצטיקער גרופּע. (דערהויפּט צום טיפּ 57) שטייט די פּאסיווע זאצקאָנסטרוקציע:
76) און א פאַרוויגטער פון די געדאנקען, הויבט זיך אָן צו דרעמלען (ש״א).
אָבער די פּאסיווע קאָנסטרוקציע איז אין ייִדיש ביכלאל שוועך. דערפון זאָל נאָך ספּעציעל גערעדט ווערן[1].

1) זע ווײַטער דאָס קאַפּיטל: „די פּאסיווע זאצקאָנסטרוקציע“.

## 9. „פונ" בא געוויסע צײַטווערטער

רעדנ, דערציילנ, שמועסנ, האנדלענ, טראכטנ, קלערנ, וויסנ, זיכ דערוויסנ, הערנ (פונ עפעס) א. אז. וו. (פארגלײַכ מיט דעמ טייל — „פונ").

77) דאָרט וועט ער עס אָנהויבנ צו וויסנ פונ א לעבנ (ש״א).

78) (זיי האָבנ) געשמועסט פונ דער ווײַטער נעסיִע (ש״א).

79) פינעלע האָט זיכ אָנגעהערט אסאכ מײַסעס פונ גרויסע שטעט (ש״א).

בא איינִיקע שרײַבער טרעפנ מיר דאָ צומטייל „וועגנ" אונ „מיקויעכ" אָנ־שטאָט „פונ".

80) קיינער זאָל ניט וויסנ וועגנ אירע לײדנ (בערגעלסאָנ).

81) מע האָט וועגנ איר גערעדט אינ אלע פארמעגלעכע הײַזער (דערז.).

82) שמועסנ איז ניטאָ מיקויעכ וואָס (דערז.).

בא פערעצנ האָב איכ געטראָפנ בא „כאָלעמענ" אונ „קלערנ" די פרעפאָזיציע „איבער" (א ווירקונג פונ דײַטש?):

83) ער שלאָפט אונ כאָלעמט איבער א וועלט.

84) איכ האָב א מיִעסע טעווע געקריגנ: איבער וואָס איכ זע, האָב איכ ליב צו קלערנ.

ש״א שרײַבט אינ די פאלנ „וועגנ":

85) די נײַע היימ, וואָס כעוורע האָבנ וועגנ איר אזוי פיל געכאָלעמט.

בא בערגעלסאָנענ:

86) מע דארפ טראכטנ וועגנ נאכטלעגער.

בא איינִיקע צײַטווערטער קאָנקורירט דאָ „פאר":

87) גאָט היט אָפּ פאר איינ זאָרג (בערנשטיינ, № 662; זע אויכ דאָרט № 663, 669—677 א. אנד.)

88) פארנ טויט אונ פארנ דאלעס קענ מענ זיכ ניט באוואָרענענ (בערנשטיינ, № 1713).

אקעגנ אינ א צײַטונג־נאָטיצ:

89) די פארטיי־אָרגאניזאציעס דארפנ אָנעמענ מיטלענ צו דער צײַט זיכ באוואָרענענ פונ ארויסגעבנ שלעכטע יובילײ־ליטעראטור.

אינ רוסיש האָבנ מיר דאָ о, от אינ דײַטשנ: von, über.

II

# מע קענ אויסקומענ אָנ „פונ"

## 10. „פאר", „ווי", „אז", „ווידער", קאָנקורירנ מיט „פונ" באמ פארגלײַכ

„פאר" טרעפנ מיר זייער אָפט בא פערעצנ:

90) מײסימ זײַנענ שענער פאר אימ.

91) שווערער פאר דער ארבעט איז געוועזנ זי צו געפינענ.

92) עס איז דאָכ ניט ערגער פאר קליינגעלט פונ דער צראָקע־פושקע.

93) דאָס שטרײַמל איז שטארקער פאר זיי.

94) אראָוו איז קלענער פאר א צאדיק, ווײַל דער האמוינ שטעלט העכער די קאבאָלע פאר דער טוירע.

זעלטענער טרעפט מענ „פאר" בא מענדעלענ א. אנד. (צומייסטנס אָבער: „פונ", „ווי"):

95) די אלע נעמענ... האָט מענ שוינ פארטונ אפ די אלע קינדערלעכ, וואָס האָבנ זיכ פארכאפט גע־בוירנ צו ווערנ פריִער פאר אימ (ממ״ס).

96) דער זיידע האָט זײַנ לאמטערנ טײַערער געהאלטנ מער פונ אנדערע כפייצים. זי איז בא אים געווענ אפילע כאָשעווער פאר די שפאקולב (א. רייזענ).

97) זײַט איר ניט ערגער פאר די קינדער (דערז.).

### אינ דער פאָלקסשפראכ:

98) אונ ער האָט אָנגעהויבנ נאָכצופרעגנ אפ די מענטשנ... אונ אויב עס איז דאָ א בעסער אָרט פאר זיי (נאכמענ בראצלעווער).

### אָבער דאָ דערבײַ דאָסזעלבע מיט „פונ" אויכ:

99) נאָכ וואָס זאָל איכ מיכ האלטנ בא די סאָכרים, טאָמער איז דאָ א בעסער אָרט פונ זיי? (דאָס הייסט: ווי בא זיי, אָדער: פונ זייערס. נ. ש.).

100) וואָס איז העכער פאר א הויז.

אונ וואָס איז פלינקער פאר א מויז (גינזבורג־מארעק, נומ. 357).

### זייער אָפט טרעפט מענ אינ דער ליטערארישער שפראכ: „ווי":

101) אזא רעבע קענ לערנענ סייכל... אסאכ בעסער ווי אלע מוסערי־ספאָרים, בעסער ווי יענע נארישע באכאָמים (ממ״ס).

102) זיי קענענ מיט... זייער לאָשנ זיכ ניט פארשטיינ, ערגער, כלעבנ, ווי די בעהיימעס (ממ״ס).

103) עס איז געווענ צו זענ, אז קיינ מער גליקלעכער מענטש, ווי ער, איז אפ דער וועלט ניטאָ (ש״א).

### מער אָבער נוצט דאָ ש״א „פונ". „ווי", פאראלעל מיט „פונ", טרעפנ מיר בא בערגעלסאָנענ אויכ:

104) דערפאר אָבער האָט ער ווינציקער ווי אלע אנדערע אינזינענ געהאט פארנאָסע.

105) די שאָטנס פונ די ביימער פאלנ שוינ מאמעש טונקעלע אונ פיל גרעסער ווי די שאָטנס פונ האלבנ טאָג.

### „ווי"-דערהויפט נאָכ „מער" אָדער „ניט מער":

106) א דאָקטער באגראָבט מער ווי א כעווערע־שאמעס (גאָטלאָבער).

107) ... האָט אָפגעשווינגנ מער ווי צוויי כאדאָשים (בערגעלסאָנ).

108) אונ אזוי האָט ער ניט מער ווי צוויי ווערטער אינ מויל (פערעצ).

### אינ דער פאָלקסשפראכ איז "ווי" זייער אָנגענומענ; אשטייגער, אינ די שפריכ־ווערטער:

109) אנ אײַנרעדעניש אוז ערגער ווי א קרענק (בערנשטיינ, נומ. 137).

### איכ האָב בא א. בערנשטיינענ אָנגעציילט 52 מאָל „ווי" אפ 17 מאָל „פונ" (כוצדעם,—א היפשע צאָל מיט „איידער").

110) דאָס מעטראָפּאָליטענ־טעאטער איז געווענ געפאקט, מער אז 5000 מאנ (ש״א).

### ביכלאל אָבער געהערט „אז" צומ ליטוויש־רײַסישנ יידיש. דאָ קענ מענ אויכ הערנ: „ווידער":

111) ער טוט ערגער ווידער איכ.

112) וואָס געפעלט אײַכ מער ווידער אלע (ד. ה. מער פונ אלצ; נ. ש.).

אזוי, דורכאנאנד מיט „אז", „ווידער", אמאָל „ווי", אָבער ניט מיט „פונ", קענ מענ הערנ, אשטייגער, אינ דער געווענ. מאָליעווער גובערניע.

זאָל דאָ, אגעוו, דערמאָנט זײַנ: „אז" (דער שריפטדײַטשישער als, דער דיִא־לעקטישער as) אונ „ווידער" (דײַטש־דיִאלעקטישער weder, wieder) זײַנענ די עלטסטע אינ דער ייִדישער שפראכ. מיר טרעפנ זיי בא פארגלײַכנ שוינ אינ שריפטנ פונעמ 16 יאָרהונדערט.

אין אסאך פאלן (זע אשטייגער, № 96, 101, 103, 104 א. אנד.) קען מען דאָ ניצן (און מען ניצט פאַקטיש): „איידער".

ס'טרעפן זיך פארגלײַכן אָן קיין פרעפאָזיציע:

113) זײַנ ווײַב האָט אים קארגער א יאָר נאָך דער כאסענע געבוירן א יאטל (ש״א).

אָבער אויך:

114) דערווײַל האָט ער אלס לערער פארבראכט אין דעם דאָרפ עטוואָס קארגער פון דרײַ יאָר (ש״א).

פעסט אָן א פרעפאָזיציע קאָן מען רעכענען די קאָמבינאציע מיט „העכער" בא רוים־באגריפן:

115) עס האָט אונדז געוואָרפן העכער הײַזער (ש״א).

116) די צוויי קלויסטער־שפיצן האָבן געשטעקט העכער די דעכער, העכער, אלע שטאָטישע געשטאלטן (בערגעלסאָן).

117) וואַרפן זאָל עס מיט אים העכער הײַזער (מ. נאדיר).

בא צאָלן:

118) אלס מעכאבער בין איך דאָך שוין העכער 20 יאָר אן אָלעוו-האשאָלעמניק (לינעצקי).

119) דו ביסט שוין העכער האלב אין פאטעשטי (ש״א).

120) איצט דערגרייכט שוין זייער צאָל ביז העכער הונדערט (צ.).

אין אונדזער צײַטונג־שפראך טרעפן מיר קימאט דורכויס „פון" (ווײַל אזוי איז מען געוווינט איבערצוגעבן דעם רוסישן געניטיוו), אפילע אין דער קאָמבינאציע מיט „מער", מיט „העכער" (אויסנאמען טרעפן זיך זעלטן):

121) מיר האָבן אָבער נעהאט ניט מער פון 50 ביכער (צ.).

122) העכער פון ביימער און דעכער (צ.; א קעפל פון א שטענדיקער אָפטײלונג).

„פון" באם פארגלײַך איז ניט קיין פעלער; סע לוינט אָבער יעדנפאלס צו ניצן פאראלעל „ווי", „פאר" אויך; — ווייניקסטנס אין אזוינע פאלן, ווען מיר האָבן דעם „פון" 2 און 3 מאָל אין א זאץ.

ווי וואָלט, אשטייגער, אויסגעזעען דער פריִער־דערמאָנטער בערגעלסאָנס זאץ נום. 105: ...„פיל גרעסער ווי די שאָטנס פון האלבן טאָג", ווען מיר זאָלן דאָ האָבן „פון" אנשטאָט „ווי"?

## 11. א צײַטוואָרט אנשטאָט א זאכוואָרט מיט „פון"

123) שטארק באשעפטיקט מיט אײַנפאקן די קלומקעס (ממ״ס).

124) רעפאָעלן האָט עס אביסל געארט און נאָכן איבערלייענען דעם בריוו זאָגט ער (ממ״ס).

125) אין אונדזער בויען די העכערע שטאפלען פון ייִדישער סאָוועטישער קולטור האָבן מיר זיך געשטעלט אפ א ריכטיקן וועג (צ.).

דאָס איז אסאך גלאטער, שענער, איידער דאָס זאכוואָרט פון דעמזעלבן שוירעש מיט „פון" (איבערגעזעצט דאָס רוסישע זאכוואָרט מיט דעם געניטיוו):

126) וועגן אופבוי פון אונדזער אינדוסטריע (צ.). (О восстановлении нашей индустрии).

127) די פ״צ שטימען פארן אויסשלוס פון קאָמוניסטן (צ.). (За исключение коммунистов).

128) אויב מע זאָל נעמען אין באטראכט די פארשטארקונג פון דער שטראָף (צ.).

129) אין דערדאָזיקער פיעסע האָט גאָלדפאדן שוין געפרוווט ארײַנטראָגן א ברייטערע פארַאלגעמיינערונג פון דעם סאטירישן עלעמענט (בוכ).

130) דער איינציקער אויכוועג איז — די פ א ר ניכ ט ו נ ג פ ו נ ע מ ווידערשפרוכ צווישנ די פאָ־דערונגען פונעם מארק... (זש.).

מע קענ אונ מע דארפ זאָגנ:

„ו ע ג נ א ו פ ב ו י ע נ א ו נ ד ז ע ר א י נ ד ו ס ט ר י ע...", „שטימענ פאר אַ ו י ס־ ש ל י ס נ קאָמוניסטנ...", „דאָס פ א ר ש ט א ר ק נ ד י ש ט ר אָ פ", ...„געפרוווט ברייטער פ א ר א ל ג ע מ יי נ ע ר נ", ...„פ א ר נ י כ ט נ ד ע מ ו י ד ע ר ש פ ר ו כ".

131) דאָס איז ווײַטער די ק ר י ט י ק סײַ פינ כאָסיר סײַ פונ אריסטאָקראט (בוכ.).

פרעגט זיכ: וואָס איז דאָ דער כאָסיד, דער אריסטאָקראט,— דער קריטיקער אָדער דער קריטיקירטער? דער אווטער וויל האָבנ, אז דער קריטיקירטער; דאָס הייסט:

a131) דאָס איז ווײַטער ק ר י ט י ק י ר נ סײַ דעם כאָסיד, סײַ דעם אריסטאָקראט. „פונ" אינ דער איצטיקער גרופע פאלנ איז נישט דאָס ערגסטע; אסאכ ערגער איז די ע צ ע מ־ק אָ נ ס ט ר ו ק צ י ע, דער שאבלאָנ,— א זאכוואָרט אָנשטאָט א צײַט־וואָרט,— וואָס האָט זיכ לעצטנס שטארק אויסגעשפרייט אינ דער פובליציסטישער שפראכ. „פונ" איז דאָ אנ אומפארמײַדלעכער בײַפראָדוקט. אָבער וועגנ דערדאָזיקער קאָנסטרוקציע זאָל נאָכ גערעדט ווערנ ספעציִעל [1].

מע דארפ זאָגנ, אז די פאסיקערע פאָרמע, אָדער ריכטיקער, דאָס אויסמײַדנ צו פארבײַטנ א צײַטוואָרט אפ א זאכוואָרט מיט „פונ",— דאָס ווערט די לעצטע צײַט מער־וויניקער פאָפולער אינ אונדזער פרעסע, אָבער ניט אזוי גרינג גייט דאָס צו. טרעפנ מיר אזא געמיש:

132) דאָס ניט גלויבנ אינ ד ע ר ב ו י ו נ ג פונ סאָציִאליזמ (строительство сацнализма), דאָס ניט גלויבנ אינ ש א פ נ א ס אָ צ י ִ א ל י ס ט י ש ע א ו ק ר ײַ נ ע... צווינגט... (צ.).

פארוואָס ניט מיט א צײַטוואָרט: „דאָס ניט גלויבנ אינ בויענ ס אָ צ י ִ א ל י ז מ", אזוי ווי ס'איז געבויט דער צווייטער טייל פראזע?

אָדער מע זעצט צו דעמ „פונ" צום צײַטוואָרט:

133) די פויאליי־ציִענ זאָגנ זיכ אָפ פונ ארײַנטרעטנ אינ „אגראָ" (צ.).

דאָס הייסט: זאָגנ זיכ אָפ ארײַנצוטרעטנ א. אז. וו.

134) האָט שוינ מעגלעכ געמאכט דאָס אויסטיילנ פונ 2 אדמיניסטראטיוו־טעריטאָריִאלע ראיאָנענ (זש.).

דאָס הייסט: האָט שוינ מעגלעכ געמאכט א ו י ס צ ו ט יי ל נ א. אז. וו.

בא מענדעלענ האָב איכ געטראָפנ א מאָדנע פאָרמע פארקערט: א זאכוואָרט אָנ „פונ", אָנשטאָט א צײַטוואָרט:

135) עס שטעלט זיכ פאָר שמוליקנ די וואָכ מיט דעמ הינטישנ לעבנ, מיט דעמ ארומלויפעניש, מיט די כארפעס, ביזיוינעס אונ דעמ ז ו כ ע נ י ש ד אָ ס ד א ר ש ט י ק ל ב ר ו י ט.

נאטידלעכער וואָלט דאָ געווענ „זוכנ", אָדער „מיט דעמ זוכנ" (אָפגעוואָרפנ דעמ „אונ").

אנ ענלעכע פאָרמע האָב איכ געטראָפנ אינ אונדזער פרעסע:

136) פונ אומעטום דארפנ זיי אָפשפאָרנ געלט... אונ בעסער אָרגאניזירנ דעמ אָפזאצ אונ די ב א־ ז אָ ר ג ו נ ג ד ע מ אָ ר ע מ ע נ קוסטאר. (צ.) (снабжение бедного кустаря).

דאָס הייסט: „דאָס באזאָרגנ".

מע דארפ אָבער ניט מיינענ, אז דער שרײַבער פונ נומ. 136 האָט דאָ דאפקע נאָכגעטונ מענדעלענ.

1) זע ווײַטער דאָס קאפיטל: „זאכווערטער אונ צײַטווערטער".

## 12. אנ אייגנשאפטוואָרט אָנשטאָט א זאכוואָרט מיט „פונ“ פאר דעמ

מיר האָבנ שוינ געזעענ, אז מע קענ אויסקומענ מיט אנ אייגנשאפטוואָרט אָנשטאָט דער קאָמבינאציע מיט „פונ“ אינ געוויסע גרופּעס פאלנ, — דאָרטנ ווו מיר האָבנ צו טונ מיט אייגנשאפטנ (זע פריִער I, 4) אונ מיט שטאָפ־באצייכענונגענ (I, 6).

לאָמיר זיכ צוקוקנ צו אזוינע פאלנ:

### A. אייגננעמענ פונ ערטער:

137) צו דעמראָזיקנ בענעפיס האָט זיכ געגרייט די טשערנאָוויצער יוגנט מיטנ אקאדעמישנ פאריינ בעראָש (ש״א).

138) עס האָט אָנגעהויבנ שאריִענ אפּ טאָג. דער טשערנאָוויצער מארק, וואָס שטעלט זיכ אויס אלע פרימאָרגנ אקעגנ דעמ „שווארצנ האָנ“, האָט שוינ אָנגעהויבנ אויסצושטעלנ זיכ (ש״א).

139) א שפּאס! עס האָט זיכ מעשאדעכ געווענ דער לובלינער פּארנעס מיטנ קראָקעווער ראָוו (פּערעצ).

140) עס וועלנ זײַנ לובלינער, קראָקעווער אונ א היימישער טאָמאשאָווער אוילעמ (פּערעצ).

141) אונ דרײַ קאפּעלעס וועלנ שפּילנ: די לובלינער, די קראָקעווער, אונ די טאָמא־שאָווער קאפּעלע וויל אויכ ניט אָפּטרעטנ (פּערעצ).

סײַ אינ דער שיינער ליטעראטור, סײַ אינ דער פאָלקשפּראכ האָבנ מיר דאָ צומיינסטנס דאָס אייגנשאפטוואָרט, לאָמיכ דאָ דערמאָנענ פונ דער פאָלקשפּראכ:

142) אָדעסער שארלאטאנעס (בערנשטיינ, נומ. 28).

143) איכ וועל עס דיר אָפּשיקנ מיט דעמ בראָדער שטאדלענ (דאָרט, 556).

144) ער דארפ האָבנ א מענטשנ ווי דער דובנער טײַכ (דאָרט, 988).

א. אז. וו. 18 אָרט־באצייכענונגענ אינ א. בערנשטיינס זאמלונג זײַנענ אלע מיט דעמ אייגנשאפטוואָרט; קיינ איינע ניט מיט „פונ“.

אינ פאָלקסליד:

145) בא זושיע ראקאָווער זײַנענ דאָ זיבנ באָנימ (גינזבורג־מארעק, נומ. 50).

146) באָריסאָווער כאָסנ קומט צו דיר אָנ (דאָרט, 251).

אקעגנ אינ דער צײַטונג־שפּראכ:

147) האָבנ זיי איניינעמ מיטנ ראָוו פונ טשערנאָוויצ ניט געקענט אריבערטראָגנ דאָס, וואָס אינ איניקע ייִדישע קווארטאלנ פונ טשערנאָוויצ קומט עס צו כילעל שאבעס (צ.).

148) די שלעכט-ברוקירטע גאסנ פונ ביאליסטאָק זײַנענ פארנומענ מיט לאנגע רייענ פונ קליינע הײַזלעכ (צ).

149) די פּײַערלעשער-קאָמאנדעס פונ כארקאָוו וועלנ באזאָרגט ווערנ מיט אינסטרומענטנ (צ.).

אָנשטאָט צו זאָגנ פּאָשעט: „טשערנאָוויצער ראָוו“ (זע פריִער נומ. 137, 138), „ביאליסטאָקער גאסנ“, „כארקאָווער פּײַערלעשער־קאָמאנדעס“ (אויכ: „קווארטאלנ אינ טשערנאָוויצ“, „די פּײַערלעשער-קאָמאנדעס, — ריכטיקער: די קאָ־מאנדעס פּײַערלעשער, — אינ כארקאָוו“; וועגנ דערדאָזיקער קאָנסט־רוקציע זע שפּעטער).

אינ א קלענערנ טייל פאלנ קענ מענ טרעפנ אינ דער שיינער ליטעראטור די קאָנסטרוקציע מיט „פונ“ אויכ, אָבער דאָ האָט צומייסטנס צו זאָגנ ספּעציִעלע סטי־ליסטישע קאָמבינאציִעס, דעמ שרײַבערס סטיליסטישע אייגנטימלעכקייטנ, די פּאָדע־רונגענ פונ ריטמ, ווילקלאנג א. ד. גל.

בא שאָלעמ־אליי‌כעמענ אונ די „מײַסעס פונ טויזנט אונ איינ נאכט“ טרעפט מענ דורכאנאנד:

150) קרושניקער באַלעבאַטים... קרושניקער ייִדן... קרושניקער אײַנוווינער... קרושניקער פּאָליאַקן... קרושניקער בײיסווילעם...

און מיט דערזעלבער אויסגעהאַלטנקייט:

151) די פײַנסטע באַלעבאַטים פון קרושניק... די פּאָרנעמסטע באַלעבאַטים פון קרושניק...

דאָסזעלבע אין „קאַסרילעווקער ניסראָפים"; דורכאַנאַנד:

152) קאַסרילעווקער באַלעבאַטים... קאַסרילעווקער דעלעגאַטן... קאַסרילעווקער ייִדן... קאַסרילעווקער ניסראָפים... קאַסרילעווקער מערכעצ... קאַסרילעווקער סרײפע... קאַסרילעווקער לײַט... קאַסרילעווקער קלײנע מענטשעלעך... קאַסרילעווקער אויסדערוויילטע (5 מאָל; 1 מאָל: אויסדערוויילטע פון קאַסרילעווקע).

און ווידער:

153) די פּאָרנעמסטע באַלעבאַטים פון קאַסרילעווקע...

וואָס הייסט דאָס? דאָס הייסט: אין דידאָזיקע דיפערענצן איז פאַראַן א געוויסע רעגלמעסיקייט, און דאָס געהערט צו ש"א'ס אינדיווידועלן סטיל: די קאָנסטרוקציע מיט אן אייגנשאַפטוואָרט (פון א שטאָט־נאָמען) ניצט ש"א שטענדיק בא פּאָשעטע קאָמבינאַציִעס: אן אייגנשאַפטוואָרט מיט א זאכוואָרט. די קאָנסטרוקציע מיט „פון" נוצט ער אין די פאלן, ווען אנדערש וואָלט ער באַדאַרפט פּאָרן צוויי אייגנשאַפטווערטער, וואָס איינס פון זיי איז אבסטראַקט („פּאָרנעמסטע", „פײַנסטע"), דאָס צווייטע איז קאָנקרעט, אן אייגנאָמען („קרושניק", „קאַסרילעווקע"). ש"א'ן איז, זעט אויס, שווער צונויפצושפּאַנען: „די פײַנסטע" מיט „קרושניקער", „קאַסרילעווקער" (באַלעבאַטים). אין דעם פּראַט איז ער קאָנסערוואַטיווער; ער הענגט נאָך שטאַרק אין דער פאָלקשפּראַך. בערגעלסאָנען קומט דאָס אָן גרינג:

154) ער האָט זיך באַלד צעקריגט מיט אַלע כאָשעוואַטע ראַקיטנער באַלעבאַטים.

בערגעלסאָן (אין „נאָך אַלעמען") שרײַבט דורכאַנאַנד:

155) קאַשפּעראָווקער גראַפ... קאַשפּעראָווקער וועלדל... זשאָרזשאָווקער מאָן... טערנאָווקער מיל...

אויב מע טרעפט בא אים:

156) ... צו א קימפּעטאָרן פון קאַשפּעראָווקע,—

איז דאָס אן אויסנאַם, און דאָס לאָזט זיך דערקלערן: די פאַרבינדונגען אין נום. 155 זײַנען דויערנדיקע (אין קאַשפּעראָווקע איז יאָרנלאַנג פאַראַן א גראַפ, א וועלדל); די פאַרבינדונג „קימפּעטאָרן" מיט „קאַשפּעראָווקע" איז א צופעליקע, אפּ א ווײַל: הײַנט איז זי קימפּעטאָרן, מאָרגן אויס. אגעוו, אין אַזוינע פאלן האָט בערגעלסאָן א פײַנערע קאָנסטרוקציע אויך:

157) בא א פריצע א קימפּעטאָרן אין א נאָענטן דאָרף.

מיר האָבן שוין געזען בא פּערעצן (אין „שמא ייִסראָעל" אָדער „דער באָס"): קראָקעווער ראָוו (אזוי דורכאַנאַנד), לובלינער פּאַרנעס (זע פריִער, נ. 139—141). אויב מיר טרעפן בא פּערעצן (אויסנאַמווײַז):

158) דער אדמו"ר פון נעמעראָוו...

איז דאָס פּאָשעט סטיליזירט: „האדמו"ר מנמירוב". ביכלאַל וואָלט ער געשריבן פּאָשעט (אזוי ווי מע רעדט): „דער נעמעראָווער" (אָן „אדמו"ר").

קורץ,—בא אייגננעמען פון ערטער קען מען האַלטן די קאָנסטרוקציע מיט אן אייגנשאַפטוואָרט פאַר א כלל.

די צווייטע גרופּע איז צו פארשידנארטיק, זי זאָל זיך לאָזן קורץ באצייכענען. מע מוז דאָ אָנקומענ צו קאָנקרעטע פאלן. ש״א שרײַבט:

159) בינ איך אפ דער בינע, זע איך קײנעם ניט פאר מײַנע אויגנ. איך זע נאָר לעמפּלעך, זע איך, מענטשישע קעפּ זע איך, ליסינעס, קאפּעליושנ...

בערגעלסאָנ זאָגט:

160) זײ שלינגענ מענטשישע ווילנס.

דאָסזעלבע אינ דער פאָלקסשפּראַך:

161) בעסער אינ גוייִשע הענט איידער אינ ייִדישע מײַלער (בערנשטײנ, № 793).

162) אײביק ניט לײקענעג אונ קײנמאָל ניט אָפּגעבנ — איז א סאָכרישער קלאל (דאָרט, 2605 אונ אנד.).

163) שוסטערשע (אינ אצווײט ליד: „שוסטערסקע״) ווײַבער האָבנ געזאָגט... שנײַדערשע (שנײַדערסקע) ווײַבער האָבנ געזאָגט... סאָלדאטישע ווײַבער האָבנ געזאָגט... א. אז. וו. (גינזבורג-מארעק, № 312, 313).

קורץ,—מיר האָבנ דאָ אנ אײגנשאפטוואָרט, ניט קײנ זאכוואָרט מיט „פונ״ פאר דעם (ניט: קעפּ, ווילנס פונ מענטשנ; מײַלער פונ ייִדנ, ווײַבער פונ שוסטערס א. אז. וו.).

ספּעציִעלע סטיליסטישע קאָמבינאציִעס, פאָדערונגענ פונ ריטמ א. ד. גל. קענענ דאָ אויכ ברענגענ צו געוויסע אויסנאמענ. ל. רעזניק שרײַבט, אשטײגער:

164) אונ דאָרפישע מאמעס אונ מאמעס פונ שטעטלעך האָבנ געוויינט בא די ברעגנ.

אזוי,—אײנמאָל מיט אנ אײגנשאפטוואָרט, א צווײט מאָל מיט „פונ״,—דיקטירט אימ (דעמ דיכטער) דער ריטמ, די מוזיקאלישקײט פונ זאצ, די אסימעטרישקײט ווי א ווירקונג־מיטל. עפּשער קלינגט אימ נישט פײַנ דאָס וואָרט „שטעטלשע״, „שטעטלדיקע״ (דאָס לעצטע וואָרט וואָלט, אגעוו, געבראָכנ דעמ ריטמ).

דאָס איז אָבער נישט דער פאל, אשטײגער, אינ אזוינע פּובליציסטישע פּראזעס:

165) דער טיפער עלנט איז אויסגעדרוקט אפ אלצ. אפילע די פּעניִמער פונ די מענטשנ האָבנ אָנגענומענ אײנ פאָרמ. דער שטעמפּל פונ הונגער איז אויסגעדרוקט אפ אלעמענ (צ.).

דאָ אונ אינ ענלעכע פאלנ איז פאָשעט קאָפּירט דער רוסישער געניטיוו (лица людей), אזויווי די רוסישע פּראזעאָלאָגיע ביכלאל. (אגעוו, איז דאָ פאלש דאָס באשטימיקע ארטיקל בא „מענטשנ״, אונ דאָס צעמ דערמאָנענ „מענטשנ״ איז דאָ איבעריק).

די אומנאָרמאלע פאָרמע ברענגט, קענ ברענגענ, צו פאלשע אויסטײַטשנ:

166) די פריידיקער פונ דער אגראריזאציע פונ דער ייִדסעקציע מײנענ, אז מיט דער אגראריזירונג פונ א טײל ייִדנ וועט געלײזט די פראגע וועגנ אלע (זש.).

„אגראריזירונג פונ א טײל ייִדנ״ הײסט דאָ זיכער: א טײל ייִדנ אגראריזירנ זיך. בעכײנ וואָלט מענ געקענט מײנענ, אז „אגראריזאציע פונ דער ייִדסעקציע״ הײסט אויכ דאָס אײגענע: עמעצער פריידיקט, אז די ייִדסעקציע זאָל זיך אגראריזירנ. דאָס, וואָס דער אווטער מײנט, איז:

a166) די ייִדסעקישע פריידיקער פונ דער אגראריזאציע מײנענ אז:

ווי ווײַט די פאָלקסשפּראַך איז אָפּטמאָל ביכלאל פרײַער מיט דעמ אײגנשאפטוואָרט,— דאָס קענ מענ זענ, אשטײגער, פונ אזוינע בילדונגענ, ווי „די שנײַדערשע שול״, „דער שוסטערשער מיניִענ״ א. ד. גל. (ניט: די שול פונ,—אָדער:

פאר,—שנײַדערס א. אז. וו.). ס'זײַנען אויך באקאנט אזוינע באצײכענונגען, ווי „די טויטע גאס" (ש"א), „דאָס טויטע בריקל" (אין מײַן געבוירן-שטאָט), ד. ה. די גאס, דאָס בריקל, וואָס פירט צום בײסוילעם; „אפן טויטן בעט", „די מילכיקע באנק" פאר מילכיקס א. ד. גל.

## 13. א קאָמפּאָזיט (צונויפגעזעצט וואָרט) אָנשטאָט צוויי ווערטער מיט „פון" אין דער מיט

קאָמפּאָזיטן איז אין ייִדיש א געוויינטלעך מיטל איבערצוגעבן אזוינס, וואָס אין אנדערע שפּראכן (אשטייגער, רוסיש) איז דאָס באשריבן מיט אן אייגנשאפט־וואָרט צום זאכוואָרט, אָדער מיט א גענעטיוו. דער ערשטער גליד פון דעם קאָמפּאָזיט גיט איבער דאָס אייגנשאפטוואָרט אָדער דאָס וואָרט, וואָס שטײט אין גענעטיוו: („נויטפאל"— случай нужды, крайний случай ; י. ליפשיץ).

די ייִדישע שפּראך קאָמפּענסירט זיך דערמיט די שוואכע מעגלעכקײטן, וואָס זי האָט צו בילדן אייגנשאפטווערטער (אקעגן רוסיש). ס'איז קלאָר דעריבער, אז די־זעלבע מאָטיוון, וואָס האָבן אונדז אין דעם פריִערדיקן קאפּיטל געבראכט צו אייגנ־שאפטווערטער,— דאָס שטרעבן אויסצומײַדן דעם „פון" דאָרט, ווו ס'איז מעגלעך,— מוזן אונדז ברענגען צום קאָמפּאָזיט אין די פאלן, ווען אן אייגנשאפטוואָרט איז שווער צו בילדן, אָדער ס'איז ווייניקער פּאסיק.

אין דער פאָלקשפּראך, אין דער שיינער ליטעראטור דינען קאָמפּאָזיטן פאר די פארשידנסטע צוועקן:

אפ גענויער צו באצײכענען דעם שטאָף:

167) גערשטנמעל, כאַזערהאָר, מאנדל-אייל, פיש-אייל, פישביין, רינדפלייש א. אז. וו.

ד. ה. מעל פון גערשטן, אייל פון מאנדלען א. אז. וו.

אפ גענויער צו באצײכענען די פונקציע, די פּאָזיציע א. אז. וו.

168) באנ־ארבעטער, געשעפטספירער, גרענעצ-וואכ, וואנט-זייגער, זאָקן-בענדל, מעל-ייִדענע א. אז. וו.

סײַ די שיינע ליטעראטור, סײַ די פּובליציסטיק זײַנען אין פּראט פון שאפן קאָמ־פּאָזיטן אוועק אסאך ווײַטער פאר דער פאָלקשפּראך, זיי זײַנען נאָוואטאָריש. בא בערגעלסאָנען קען מען טרעפן:

169) כיידער-ווינקל, א שוועבל-שטעקעלע, גאנעק-טרעפּלעך, רעדער-כימאָנים, די יערושע-מאטאָנע, א. אנד

בא ניסטערן:

170) מידבער-אָוונטקייט, קעצ־קערפּערדיקייט, מויערן-דעכער, פּאלאצ־פענצטער.

אין דער פּובליציסטיק:

171) ראטנמאכט, ראטנרעפּובליק, וואל־פארזאמלונג, שטרײַק־באוועגונג, עקאָנאָמיע־רעזשים, ציל-אײַנ-שטעלונג א. ד. גל. 1).

צווישן דידאָזיקע קאָמפּאָזיטן איז פאראן שטענדיקע, „צונויפגעוואקסענע", פון דעם טיפּ, וואָס אין די נומערן 167, 168, 171, וואָס האָבן זיך אײַנגעבירגערט אָדער קענען זיך אײַנבירגערן אין דער שפּראך צום שטענדיקן באנוץ פאר אלעמען

1) וועגן דעם ווי אזוי י. ליפשיץ, וואָס האָט געוויזן א זעלטן געפיל פאר דער פאָלקשפּראך, האָט נאָך פאר 50 יאָרן דרייסט געשאפן נײַע קאָמפּאָזיטן. זע מײַן ארטיקל: „י. מ. ליפשיץ דער לעקסיקאָגראפ" אין דער „ייִדישער שפּראך" 1928, נומ. 4—5 (11—12). שפאלט 11.

(באצייכענונגען פאר זאכן, טוער, געזעלשאפטלעכע פראָצעסן א. אז. וו.); און „גראַמאטישע" אָדער סטיליסטישע, ד. ה. אזוינע, וואָס זײַנען באשאפן צוליב א סטיליסטישער קאָמבינאציע אף אן אָרט, און אָפטמאָל אף א ווײַל (פון דעם טיפּ, וואָס אין די נומערן 169, 170). ניסטער קען זאָגן:

172) און אז דער הייליקער האָט דאן זײַנע אויגן צום הימלקאָפּס אויגן אופגעהויבן...

כאָטש אזא זאך ווי „הימלקאָפּ" איז נישט פאראן. אים איז גענוג, וואָס א זײַטל פריִער באשרײַבט ער, ווי אזוי אין הימל האָט זיך געעפנט א פענצטערל, און אין פענצטערל האָט זיך א קאָפּ באוויזן. דאָסזעלבע בערגעלסאָן:

173) באָרוועסע שיקסע-פיס האָבן אף איר [אף דער ערד; נ. ש.] געטראָטן.

ניט אלע ייִדישע שרײַבער, דערהויפּט די עלטערע, זײַנען אזוי איינשטעלעריש, און וואקלונגען, אומנויטיקע קאָנסטרוקציִעס מיט „פון", קען מען בא זיי טרעפן. אין אנדערע פאלן זײַנען אזוינע קאָנסטרוקציִעס בארעכטיקט איבער געוויסע סטיליסטישע סיטואציִעס, ריטמ א. ד. גל. אָבער שוין דאָס גופע, וואָס גראָד די ייִנגערע אָנגעזעענסטע וואָרטמײַסטערס שאפן סטיליסטישע, אף־אווײַליקע קאָמפּאָזיטן,— דאָס — ווײַזט צום בעסטן, אז אזוינע קאָמפּאָזיטן קען מען און מע דארף נוצן, קעדיי אויסצומײַדן שווערערע קאָנסטרוקציִעס, דערהויפּט מיט „פון".

דערפון קען מען שוין זען, ווי ווײַט ס׳זײַנען בארעכטיקט אזוינע פאָרמעס ווי:

174) ... דערציילט וועגן דער באוועגונג פון די פּיִאָנערן אין דער וועלט (צ.).

175) אָנהענגער פון אלטע קלאסישע קאנאָנען פון דער קונסט (צ.).

א. אז. וו. אָנשטאָט: „פּיִאָנערן־באוועגונג" (א גענוג־רעאלער, דויערנדיקער געזעלשאפטלעכער פאקט!), „קונסט־קאנאָנען" (וואָס איז דאָס ערגער פאר דעם אלט־באקאנטן „אהבה-רבה־שטייגער"?) א. אז. וו.

וואָס וואָלט געווען מיט אונדזער שפּראך-קולטור, ווען מיר זאָלן אף דעם שטייגער זאָגן און שרײַבן: „רעפּובליק פון ראטן", קאמף פון וואלן", „באוועגונג פון שטרײַק" א. אַז. וו.!

## 14. „אין", „בא", „צו", אָנשטאָט „פון"

פערעץ שרײַבט:

176) צופוסנס באמ הויכן בארג ליגן לענרער פרײַע.

176) די שטיל-באהאלטענע שאָטנס... קריכן ארויס פוג די שפּאלטן אין די פעלזן בא יִאמים, פון גריבער אין הײלן אין די וויסטע מידבאָריִעס...

און אין א צײַטונג קען מען טרעפן:

178) אן אונטערזוכונג אין די הײַזער פון די ייִדישע וואָכערניקעס". (דאָס הי־סט: א רעוויזיע אין די הײַזער בא ייִדישע...; נ. ש.).

שאָלעמ-אלייכעמ שרײַבט:

179) ער איז ניט ווילנדיק אויסגעוואקסן בא זײַנע כאווײרים אין די אויגן.

א צײַטונג־מענטש:

130) ער איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון קליי־קוידעש.

דאָס הייסט: מע האָט אים איבערגעגעבן צו (אָדער אָן „צו") קליי־קוידעש אין די הענט ארײַן.

מע שרײַבט באַ אונדז:

181) די שפּעטערדיקע געזעצגעבער פון קײזערלעכן רוסלאַנד (הײליקמאַן).

182) דער פאָרשטײער פון „קאָמערד" פון מאַריופּאָלער און זאַפּאָראָזשער קרײַזן (צ.).

אין ערשטן פאַל (№ 181) קען מען גאַנץ גוט אויסקומען מיט „אין" אָנשטאָט „פון"; אין צווייטן (№ 182) דאַרף מען שרײַבן „אין" (דאָס צווייטע מאָל), שוין דערפאַר אַליין, מע זאָל אויסמײַדן צוויי מאָל „פון" אין איין שורע; ס'איז לאָגישער, קלאָרער אויך.

183) דער ייִדישער אַרבעטער פון פּוילן וועט אָבער מאַכן אַנדערע אויספירן (צ).

וואָס איז דאָ געמיינט: 1) דער ייִדישער אַרבעטער (אַרבעטערשאַפט), וואָס וווינט איצט אין פּוילן, 2) אָדער אַזוינער, וואָס שטאַמט פון דאָרט? דער שרײַבער איז אויסן דעם ערשטן פאַל; איז — „אין", ניט „פון".

איינעקע בײַשפּילן, ווו מע קען ניצן „אין", האָב איך שוין פריִער געבראַכט (147, 149). ווען צו אונדזער איינעם זאָל אָנקומען אין די הענט, אַשטייגער, אַזאַ זאַץ:

184) ער האָט ווייך געמאַכט די הערצער באַ קליינשטעטלדיקע מיידלעך.

ווער ווייסט, צי וואָלט מען ניט פאַריכט: געשטעלט „פון" אָנשטאָט „באַ", — זיכער געוועזן, אַז מע פאַרהיט יענעם פאַר אַ גרײַז. דער זאַץ געהערט אָבער בערגעלסאָנען.

III

# „פון" איז פאַלש; מע דאַרף אים ניט ניצן

## 15. אָנשטאָט דעם געניטיוו באַ באַלעבאַטע און פּערזאָניפיצירטע זאַכן

ייִדיש האָט דעם געניטיוו אָנגעווירן, אַזויווי אַלע דײַטשישע דיאַלעקטן. געבליבן איז אַ קליינער רעשט, אין דעם פּאָסעסיוו (צוגעהעריקייט־פאָרמע) באַ באַלעבאַטע, צומטייל באַ פּערזאָניפיצירטע זאַכן. דאָ דאַרף מען אונטערשיידן אַזוינע גרופּעס:

### A. אייגננעמען פון מענטשן

סײַ אין דער פאָלקשפּראַך, סײַ אין דער שיינער ליטעראַטור טרעפן מיר דאָ דורכאַנאַנד דעם פּאָסעסיוו:

185) מוישע ראַבײנעס טוירע און ווײַבערשע קינע־סינע וועלן אייביק דויערן (בערנשטיין, № 2390).

186) קינדער מעגאַדל צו זײַן מוז מען האָבן קוירעכס אַשירעס און שימשן־האַגיבערס גוווּרע (דאָרט, 3316).

187) אונטער סאָרעלעס וויגעלע... סאָרעלעס כאָסן וועט לערנען טוירע (גינזבורג־מאַרעק, № 67).

188) בערקעס זון אַ באָכער אַ צאַצקע (דאָרט, 252).

189) אוורעמלס זון אַ באָכער אַ צאַצקע (דאָרט, 253). און נאָך און נאָך.

דאָסזעלבע איז אין דער שיינער ליטעראַטור. בײַשפּילן איז איבעריק צו ברענגען. ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז, אַשטייגער, אין בערגעלסאָנס „אָפּגאַנג" (8 דרוקבויגן) טרעפן מיר 68 מאָל באַ אייגננעמען דעם פּאָסעסיוו, און נאָר 1 מאָל האָב

איך באמערקט די קאָנסטרוקציע מיט „פונ״: פאר ספּעציִעלער באטאָנונג האָט בערגעלסאָן דאָס באקאנטע מיטל: איבערשטעלונג. ער שרײַבט איינ מאָל:

190) ...פונ וואָקזאל איז אָנגעקומענ מײלעכס שוועסטער.

אָבער דאָ באלד (ז. 6).

a190) אלע האָבנ זי דעמאָלט געזעענ צום ערשטנ מאָל, אָט די פרעמדשטעטל־דיקע שוועסטער מײלעכס.

בלויז אינ אויסנאם־פאלנ, אינ ספּעציִעלע סטיליסטישע קאָמבינאציִעס, טרעפט מענ אינ דער פאָלקשפּראכ, אינ דער שיינער ליטעראטור די קאָנסטרוקציע מיט „פונ״.

191) א רענדאר (אנ ארענדאר) באדארפ צו האָבנ אינ זיכ די מײַלעס פונ אווראָמ אָווינו אונ פונ מוישע-ראבײנו (בערנשטיינ, № 3558).

דאָס איז דער איינציקער פאל אינ בערנשטיינס זאמלונג, אונ מע קענ זיכ דאָס דערקלערנ: דאָ וואָלט אויסגעקומענ צוויי פּאָסעסיוונ (אונ דערצו נאָכ לאנגע,— פונ צונויפגעזעצטע נעמענ) אפ איינ אָביעקט (מײַלעס); דער אָביעקט וואָלט געשטאַנענ בעערעכ ווײַט פונ דעם פּרעדיקאט; איז דעם פאָלקסמענטשנ גרינגער צו זאָגנ אזוי ווי איצט (אָבער: „מוישעראבײנעס טוירע״, זע פריִער, № 185.)

אויב מיר געפינענ ווידער:

192) גאָט פונ אווראָמ, פונ יִיצכאָק אונ פונ יאנקעוו.

איז דאָס ארכאִישע טײַטש־כומעש־שפּראכ, א שפּראכ, וואָס גייט בי־כלאל נאָכ דעם העברעיִשנ אָריגינאל וואָרט בא וואָרט, נישט קיינ פאָלקשפּראכ [1]. די טראדיציע, די געוווינשאפט צו דערדאָזיקער ארכאִישער שפּראכ פונ די יִדישע ביבל־ אונ טפילעס־איבערזעצונגענ האָט געבראכט דערצו, אז אזוי האָט מענ שוינ אָפטמאָל געשריבנ אונ געזאָגט נישט קיינ דירעקט איבערגעזעצטע טעקסטנ, ביפראט ווענ ס'האָט זיכ געהאנדלט פונ „הייליקע״ מאטעריעס (טכינעס, מוסער א. ד. גל.). אפ דעמ שטייגער סטיליזירנ אָפטמאָל יִדישע שרײַבער, דערהויפּט ביבל־טעקסטנ;

193) ווער האָט געציילט די שטויב פונ יאנקעווס (ש״א).

דאָס איז סטיליזירט אפ א טײַטש־כומעש־שטייגער דער העברעיִשער פּאָסעק: „מי מנה עפר יעקוב״ („במדבר״, כ״ג, 10).

געוויסע שווערקייטנ פאר ניצנ דעם פּאָסעסיוו טרעפנ זיכ אינ אזוינע גרופּעס פאלנ:

א) ווענ דער אייגננאָמענ האָט פאר זיכ ווערטער (אדיעקטיוונ, זאכווערטער), וואָס בילדנ מיט אים איינ גרופּע, ביפראט, אז ער איז נאָכ דערווײַטערט פונ זײַנ זאכ־וואָרט דורכ אנדערע ווערטער, וואָס זײַנענ געבונדנ מיטנ זאכוואָרט. שווערלעכ וועט מענ געפינענ בא ש״א'ן אזא קאָנסטרוקציע, אשטייגער, ווי:

---

1) פאר די, וואָס קענענ ניט דידאָזיקע שפּראכ פונעמ כיידער אָדער פונעמ ספּעציִעלנ שטודיִום, ווי איכ דאָ דערמאָנענ אזא שטעל בא פּערעצנ, א שמועס צווישנ דעם ראָש-יעשיווע, ר' כיִענ, אונ דעם פאר־זינדיקטנ באָכער כאנאניע (ער האָט פארגעסנ דאָס גאנצע „לערנענ״):

אינ פּאָסעק שטייט,— זאָגט ער צו כאנאניענ,—ראגה בלב איש ישיחנה.

— רעבע, וואָס איז דער טײַטש?—בעט זיכ דער באָכער. טײַטשט אימ ר' כיִע אויס וואָרט בא וואָרט

— דאָס איז טײַטש: „דאגה—א זאָרג, „בלב״—אינ הארצ, „איש״ — פונ א מענטש א. אז. וו. („פאָלקסט. געשיכטנ״, „מעסיראס-נעפעש״).

אקעגנ בא מענרעלענ דאָסזעלבע אינ א פרײַער איבערזעצונג:

„דאגה בלב איש — אז א מענטשנס הארצ איז פול מיט צאָרעס, — זאָגט דער פּאָסעק, — ישיחנה, זאָל ער ארויסדערציילנ („דאָס קליינ מענטשעלע״).

„אפּנ קלונג פונ ר׳ יויזיפלענ״. ער וועט זאָגנ: „אפּ ר׳ יויזיפּלס קלונג״, אזויווי ער זאָגט:

194) א צײַט מיט יאָרנ פלעגט קאסרילעווקע באקומענ... אפּ ר׳ יויזיפּלס אדרעס הונדערט פראנק.

195) לייגנ מיר אָפּ ר׳ יוזיפּלס מאָשל אפּ אנ אנדערס מאָל.

מע קענ אָבער טרעפנ בא ש״א׳נ:

196) אפּ דעמ שוואכנ קלונג פונעמ אלטנ רעב יויזיפּל האָט מענ זיכ נישט געכאפּט זיי צו עפּענענ.

מיט א פּאָסעסיוו וואָלט דאָ אויסגעקומענ צו זאָגנ:

a196) אפּ דעמ אלטנ ר׳ יוזיפּלס שוואכנ קלונג האָט מענ...

ש״א איז דאָ, ווי אינ אנדערע פאלנ (זע פּריִער, נומ. 151, 153) צו געבונדנ אינ דער פּרימיטיווער פאָלקשפּראכ: ער איז ווייניק נאָוואטאָריש.

בערגעלסאָנ קענ שרײַבנ:

197) כאווע פויזנער, דעמ רײַכנ קרעמער אזריִעל פויזנערס געראָטנ מיידל, האָט... זיכ אומגעקערט...

בּ) ווענ דער אייגננאָמענ ציט נאָכ זיכ א בײַזאצ (איכ ברענג דאָ ווײַטער א צוגעקלערטנ בײַשפּיל):

198) אפּ דעמ קלונג פונ ר׳ יויזיפלענ, וואָס איז געקומענ אהער מיט די קאסרילעווקער דרעלעגאטנ צו מאכנ עפּעס פאר זײַנע קאסרילעווקער ניסראָפימ, האָט מענ זיכ נישט געכאפּט עפּענענ.

זאָגנ דאָ: „אפּ ר׳ יויזיפּלס קלונג״ איז שווער; דאָס דערלאָזט נישט דער בײַזאצ: ער מוז האָבנ הארט בא זיכ דאָס וואָרט, וואָס צו דעמ ציט ער (ר׳ יויזיפּל). דאָס הייסט נישט, אז אינ אזוינע פאלנ מוז מענ נישט אנדערש „פונ״; מע קענ דעמזעלבנ געדאנק איבערדערציילנ אנדערש, מיט א צײַטוואָרט („קלינגענ״) אָנשטאָט דעמ זאכוואָרט („קלונג״, ר׳ יויזיפּל, וואָס איז געקומענ... האָט שוואכ אָנגעקלונגענ, האָט מענ זיכ נישט געכאפּט א. ד. גל.). אָבער אויב מיט א זאכוואָרט, איז דאָ דער פּאָסעסיוו נישט נאָרמאל.

ג) ווענ דער „ס״ פונעמ פּאָסעסיוו שטייט שלעכט צו צומ אייגננאָמענ, אשטייגער,— בא נעמענ, וואָס לאָזנ זיכ אויס מיט „ס״: „מארקס״, „זאקס״ א. ד. גל. מע „טוט זיכ דאָ אויכ אנ אייצע״. מע קענ טרעפנ:

199) אייניקע פונ זיי האָבנ אפילע אנערקענט דעמ ווערט פונ מארקסעס עקאָנאָמ. טעאָריִעס (צ.)

פארשטייט זיכ, אז דאָס איז „געמוטשעט״; מע דארפ ניט שרײַבנ אזוינס, וואָס מע זאָגט נישט. גאָדינער שרײַבט, אשטייגער:

200) דיראָזיקע שטעלע האָט דער... אָראטער... אָנגעגעבנ אלס מארקסס ווערטער.

אָבער די טענדענצ איז דאָ אינטערעסאנט: כאָטש „געמוטשעט״,— דאָכ פּאָסעסיוו, ניט „פונ״.

אָפּגעזעענ פונ די עקסטרע־פאלנ, איז דער פּאָסעסיוו בא אייגננעמענ א פּעסטע נאָרמע אינ ייִדיש. די אויסנאמענ האָבנ דאָ יעדעס מאָל א פארענטפער.

קיינ פארענטפער האָט אָבער נישט:

201) די מיטיילונג פונ כ׳ מערעזשינ (צ.).

202) דער יובילײ פונ כ׳ באכ (צ.).

203) די רעדע פונ כ׳ פּעטראָווסקי (צ.).

204) לויט דער דערקלערונג פונ ש. אש אינ זײַנ אופרופ (צ.).

דאָס איז פּאָשעט אווטאָמאַטיש וואָרט בא וואָרט איבערגעזעצט פונ רוסיש (פונ טעקסט, אָדער אינ געדאנק): сообщение т. Мережина **א. ד. גל.**

קיינ מאסנמענטש, קיינ ארבעטער (אויב ער איז נאָר נישט קיינ „אָנגעלייענ־טער") וועט אזוי נישט זאָגנ. ער וועט זאָגנ: „כ' מערעזשינס", „כ' באכס" (מיטיי־לונג, יובילייע א. אז. וו.). דעמ אומבארעכטיקטנ „פונ" טרעפנ מיר אָבער די לעצטע יאָרנ נישט בלויז אינ דער איַיליקער צײַטונגס־ארבעט; מע טרעפט אימ בא שרײַ־בער (קריטיקער, וויסנשאפטלער) אויכ:

205) איכ לאָז דורכ די טעאָרעטישע כקירעס פונ כ' X...

206) דער אוילעמ, וואָס באזוכט דעמ ווײַנקעלער פונ שימענ מארק.

אפילע בא שיינשרײַבער (אָבער דאָכ זעלטנ, אינ א צײַטונג):

207) האָט ער צעשלאָגנ די פּלוצימדיקע אָפּנהערציקייט פונ ניקאָלנ (דער העלד הייסט: ניקאָל; נ. ש.) 1).

די סיבע האָב איכ שוינ דאָ דערמאָנט: דאָס איז די ווירקונג פונ פרעמדע שפּראַכנ (דערהויפּט רוסיש), פונעמ פרעמדנ וואָרט־סיידער (זע פריִער № 193).

## B. אייגנטלעכ באלעבטע אונ פּערזאָניפיצירטע זאכנ

בא באלעבטע זאכנ איז די נאָרמע, — פּאָסעסיוו, — ביכלאל גענומענ, דיזעלבע:

208) דעמ מענטשנס לעבנ איז ווי א יאריד (בערנשטיינ, № 2047).

אפ 38 פאלנ מיט פּאָסעסיוו בא באלעבטע זאכנ אינ בערנשטיינס זאמלונג (כוץ אזוינע פאלנ, ווי: „איינעמס", „יענעמס"), האָב איכ געפונענ ניט מער ווי 1 פאל מיט „פונ", אונ דאָס אויכ ניט קיינ שווערנ (נומ. 2150). דאָסזעלבע איז אינ פּאָלקסליד

209) אז איכ וואָלט געהאט דעמ קײסערס אוצרעס מיט זײַנ גאנצער מעלוכע (גינזבורג־מארעק, № 65).

210) א שוסטערס טאָכטער בינ איכ ניט... א שנײַדערס ט. ב. א. נ... א שמידס ט. ב. א. נ... א סטאָליערס ט. ב. א. נ... א גארבערס ט. ב. א. נ... א פּעצקורס ט. ב. א. נ... א רעבעצנס איינינקל בינ איכ דאָכ (דאָרט, 249).

אזוינע פּאָסעסיוונ וואָלט מענ געקענט ברענגענ אסאַכ; די צאָל קאָנסטרוקציִעס מיט „פונ" איז דאָ נישטיק.

ווי ווײַט פּאָפּולער דער פּאָסעסיוו איז אינ ייִדיש, דאָס קענ מענ זענ פונ אזוינע פאקטנ: אינ ייִדיש האָט זיכ דער פּאָסעסיוו — „ס" אויסגעברייט.

א) אפ ווערטער מיטנ ווײַבלעכנ מינ: 2)

211) דער קוס מאנ איז אנ אָקס געוועזנ (בערנשטיינ, № 3217).

ב) אפ מערצאָל: 3)

212) א מאמע איז א פּאָקרישקע, זי דעקט צו די קינדערס כעסרוינעס אונ דעמ מאנס ביזיוינעס (דאָרט, 2105).

די פּאָלקשפּראכ ניצט דעמ פּאָסעסיוו בא געוויסע פּערזאָניפיצירונגענ. לאָמיכ דאָ דערמאָנענ די פּאָפּולערע:

---

1) מע דארפ אָבער זאָגנ, אז גאָר די לעצטע צײַט איז צו מערקנ א געוויסע בעסערונג אינ דעמ פּראַט אינ אונדזער פּרעסע אויכ: מע האָט אָנגעהויבנ צו ניצנ אלצ מער דעמ פּאָסעסיוו.

2) אויכ אינ אייניקע דײַטשישע דיִאלעקטנ; זע:

K. Alles, „Beiträge zur Substantivflexion der Oberhessischen Mundart". Halle a. S. 1907, p. 10.

3) אויכ צומטייל אינ אייניקע דײַטשישע דיִאלעקטנ, זע. K. Alles ז. 9—10; אויכ:

L. Sütterlin „Der Genetiv im Heidelberger Volksmund" in „Festschrift zur Einweihung d. neuen Gebäudes fur d. ..., Gymnasium in Heidelberg", 1894, p. 5I.

213) דעם אוילעמס ווערטלעך (ממ״ס).

214) דער כאזנ... האָט ארויסגעקוקט אפ יענעם שטעטלס כאזאָנעס (ממ״ס).

אונ ווײַטער סטאם זאכווערטער:

215) א רועך אינ דעם געלטס טאטנ ארײַנ (ש״א).

216) א רועך אינ דעם בראָנפנס טאטנ ארײַנ (אקסענפעלד).

נאָך מער טוט אופ די ליטעראטור. ס׳מערקט זיך א באשטימטע טענדענצ צו פארברייטערנ דידאָזיקע קאטעגאָריע. מאכמעס דער נײַקייט פונ דער זאך, וועל איך דאָ ברענגענ וואָס מער בײַשפּילנ:

217) עס איז געווענ א צײַט, אָנ דעם מיסכערס צווײַגנ האָב איך אופגעהאנגענ מײַנ הארפּע (גאָלדפאדנ).

218) האָפענונג אונ ווינטשעניש איז דער גויטס מעלאָכע (ממ״ס).

219) אונ דורכרײַסנ ווי טײַכנ דער ערדס קאָלירטע העמד (ז. שנייער).

220) פונ וואגאָנס א פענצטער ווענ די קוקסט ארויס (א. רייזינ).

דאָס איז אינ דער דיכטונג, אָבער אויך אינ דער פּראָזע:

221) ראבויסײַ, מיר וועלנ בענטשנ; — דאָס הייסט אפ דעם מאָגנס לאָשנ... (ממ״ס).

222) אפילע ראָש-האשאָנע צו טאשלעך פלעגנ זיך אויך געפינענ ייִדנ, וואָס פלעגנ ליב האָבנ צו מאכנ א וויצ אפנ טײַכלס כעשבנ (א. רייזענ).

223) די קלאנגענ דערציילנ דאָ דעם טאָגס שוואָכימ (בערגעלסאָג).

224) דעם געצעלטס שטײַפ-אָנגעצויגענע לײַוונטנ האָבנ זיך געבויגנ (דערז.)

225) כאווער פויזנער... הערט זיך אײַנ אינ וואלדס שטילנ גערויש (דערז.).

226) פלוצימ האָט ער א קלאפ געטונ מיט אלע טענער פונ דער הארמאָניעס געעפנטע קלאָ-ווישנ (דערז.).

227) גאָר נאָענט פונ דער קלייטס זײַט טוט זיך א שלײַך ארויס כאנקע ליובאר (דערז.).

228) וויפל מעזומענע טויזנטער געפינענ זיך דאָרט אינ דער שאפעס אײַזערנע געדערימ (דערז.).

229) זייער דערעך-ערעצ צומ טאטנ וואקסט אינײנעם מיט דעם אָפּשײַ צומ רײַכטומ, וואָס וואקסט אינ דער פײַער-קאסעס געדערימ (דערז.).

230) אונ אז דער הייליקער האָט שוינ דעם שטורעמס אָנהויב... פארנומענ (ניסטער).

231) מיט רויך אונ אש גייט אופ, אינ הימלס הויך ארײַנ (דערז.).

232) ווענ נאכט האָט נאָך אפ דעם פעלדס ווײַטקייטנ גערוט (דערז.).

233) די פולע לעוואָנע, וואָס האָט געקוקט אימ אינ פּאָנעמ ארײַנ, ווי דער שטומער נאכטס אנ-אויג (אפאטאָשו).

234) דער הויכער יוקל נעמט ארויס א נאָדל... אונ אונטער דעם נאָדלס שפּיצ נעמט זיך געשווינד דרייענ... (אויזער ווארשאווסקי).

235) צוויי טויזנט קעלנ האָבנ מיטאמאָל א הילכיקנ... „אור-ר-רר־א!״ ארויסגעשמיסנ אונ פארטויבט דעם לאָקאָמאָטיווס פעכקענ (גאָדינער).

236) וואָס הייסט וועמעס? — דער ערדס (מ. נאדיר).

237) א קילער אונ געשמאקער סאָפּזומער-טאמ איז איבער דעם וואלדס מידקייט (דערז.).

238) לוידערט עס (דאָס פײַער נ. ש.) אונ פינקלט אונ בליצט אונ מאכט כויזעק פונעמ מענטשנ: נא-רישער פעטעך! דעם טשוואָקס מעשאָרעס! (דערז.).

צומטייל מערקנ מיר דאָסזעלבע אינ דער פּובליציסטיק, אינ דער וויסנ-שאפטלעכער ליטעראטור אויך:

239) דאָס וועט זײַנ דער אָנהויב פונ אלוועלטלעכנ דורכרײַסנ דעם פראָנט פונ קאפּיטאלס אינ-טערעסנ (צ.).

240) ער האָט באשלאָסנ אָפּצורעכענען זיך מיטנ קאפּיטאלס באוווסטזיניקע סאָנימ (קאָפּעליאָוו, „אמאָל אינ אמעריקע״).

241) זיי טאפּנ דער צײַטס דויפעק („די פעדער״, ניו-יאָרק).

242) אין יענע יינגערע ארבעטן האָט נ... אליין אָנגעקוואָלן פון זײַן שפּראַכס אײַנפאלן (ד״ר זשיטלאָווסקי).

243) דער פּרעפיקס „פאר״ (אין „פארזעעניש״. נ. ש.) איז, אזוי צו זאָגן, ניט דעם סובסטאַנ-טיווס, נאָר דעם ווערבס (א. זארעצקי).

און איינע שרײַבט אין א ליד אין א וואנט־צײַטונג:

244) דעם קלובס צוויי יאָר.

ס'איז שווער דערוויַיל צו זאָגן, ווי ווײַט דידאַזיקע טענדענצ וועט פירנ; אָבער דער פאקט גופא, דאָס שטרעבנ אויסצובריַיטנ דעם פאָסעסיוו ווײַט אריבער די באקאנטע גרענעצנ, ווײַזט שוינ, ווי מע האלט דעם פאָסעסיוו אָרגאניש פאר דער שפּראכ, און, פארקערט, ווי מע שטרעבט אויסצומײַדנ די קאָנסטרוקציע מיט „פונ״.

אינ דער פובליציסטישער שפראכ איז דאָס אָבער, ניקער, נאָכ גאָרנישט געקומענ צו אלעמענס באוווּסט. דאָ טרעפט מענ נאָכ גענוג אזוינע זאצנ ווי:

245) אינ דעם ניט-אָנווײַזנ דעם נאָמענ פונעם שרײַבער (זש).

246) וואָלט איינער קיינ פוס ניט געשטעלט אינ דער מאכנע פונעם צווייטנ (זש.).

247) דער קיניג, וואָס האָט זיכ געשטעלט אפ דער זײַט פונ די קליינבירגער, מאכט נאָכ א טריט אינ זינענ פונ פארערגערנ די רעכט פונ די ייִדנ (הייליקמאנ).

אָנשטאָט: „דעמ שרײַבערס נאָמענ״; אינ צווייטנס מאכנע״ א. אז. וו.

איכ האָב דאָ פריִער דערמאָנט, אז דער קלאל, דער פאָסעסיוו, גילט דאָ בא באלעבטע זאכנ אויכ. מע מוז אָבער זאָגנ, אז אקעגנ אייגננעמענ איז דאָ דער פלאצ פונ דער קאָנסטרוקציע מיט „פונ״ עטוואָס ברייטער.

דאָ זײַנענ, פארשטייט זיכ, גילטיק דיזעלבע שוועריקייטנ פאר ניצנ דעם פאָסעסיוו, וואָס בא אייגננעמענ (זע פריִער). שאָלעמ־אליכעמ שרײַבט:

248) וויפל ער האָט נישט געוואָלט נאָכדעמ אָפטרײַבנ פונ זיכ דאָס טרויעריקע בילד פונ זײַנ בא-ליידיקטנ כאווער.

און דאָס קלינגט אונדז ניט שלעכט, — אפילע פרײַער, גלאטער פאר: „זײַנ בא־ליידיקטנ כאווערס טרויעריק בילד״.

אנדערע שרײַבער זײַנענ אזוינס אויכ גויווער:

249) אנ אָפּגלאנצ פונ זײַנ ליבנ נאָמענס שטראָלנדיקער גענאָד (פּערעצ).

250) ער האָט פארנומענ דעמ רײַכנ ברודער דעמ ליידיקגייערס בגאָדים (מ. נאדיר).

איבער דעם בײַזאצ שרײַבט בערגעלסאָנ:

251) א פּאָר נאקעטע אקסלענ האָבנ... א שווינדל געטונ... א פּאָר נאקעטע אקסלענ פונ א פרוי, וואָס טוט זיכ איבער.

דער פאָסעסיוו איז דאָ אויכ שווער בא ווערטער מיט „ס״ („אָוועס״), „ט״ („גאָט״) וואָרט־אויס, כאָטש דאָס איז מענ אויכ אָפּטמאָל גויווער:

252) זיי זאָלנ אויסהיילנ דעמ געטרײַעמ מעשאָרעמ (אינ טעקסט: משרת ס) ווונדנ (פּערעצ).

253) אז ניט וועסטו דאָ מוזנ שטארבנ אונטער דעמ מעס (אינ טעקסט: „מת״) האנט (פ״ב).

254) דער קאָנסול האָט געהייסנ מע זאָל איבערטראָגנ אלע זײַנע געסטס זאכנ צו זיכ אהיימ (ממ״ס און בינשטאָק „דער לופטבאלאָנ״).

אָבער כוצ דעמ האָט דאָ נאָכ צו זאָגנ אינ אייניקע פאלנ ספּעציִעלע סטיליס־טישע קאָמבינאציִעס, פאָדערונגענ פונעמ ריטמ א. ד. גל. בא באלעבטע זאכנ טרעפט זיכ די קאָנסטרוקציע מיט „פונ״ בא ייִדישע שרײַבער אָפטער, איידער בא אייגננע־מענ, אָבער דאָכ אסאכ ווייניקער איידער דער פאָסעסיוו. אינ בערגעלסאָנס

„אָפּגאנג" איז דער קלאל דער פּאָסעסיוו (19 מאָל); די קאָנסטרוקציע מיט „פון" טרעפט זיך אין א פּאָר געציילטע פאלן.
לעסאָפּ וויל איך דאָ נאָך דערמאָנען דעם געניטיוו בא „פּאָטער ווערן":
255) זיי וואָלטן גערן געוועןנ אונדזערער פּאָטער צו ווערן (ממ״ס).
256) ער האָט איינמאָל פאר אלע מאָל באשלאָסן דער טאָכטערס פּאָטער צו ווערן (פּערעצ).

## 16. די דריטע קאָנסטרוקציע

מיט דער „דריטער קאָנסטרוקציע" מיין איך די קאָנסטרוקציע ניט מיט קיין פּאָסעסיוו און נישט מיט „פון". לאָמיר זיך דערמאָנען ש״אס זאַצ: № 179. ש״א שרײַבט דאָ: „בא זײַנע כאוויירים אין די אויגן", נישט: „אין זײַנע כאוויירימס אויגן", און נישט: אין די אויגן פון זײַנע כאוויירים".
דידאָזיקע קאָנסטרוקציע איז גוט באקאנט און פּאָפּולער סײַ אין דער פאָלק־שפּראך, סײַ אין דער ליטעראטור:
257) א דאָקטער קען היילן דעם קראנקן זײַן קרענק (גינזבורג-מארעק, № 197).
258) זי איז דעם פּאָטער געפאלן צו די קני (פּערעצ).
259) מע האָט כּיְען געהארגעט פּאָטער און מוטער (דערז.).
260) אופרײַסן דער וועלט די אויגן (ממ״ס).

נישט:
דעם קראנקנס קרענק, צו דעם פּאָטערס קני א. אז. וו.

נישט:
די קרענק פונעם קראנקן, צו די קני פונעם פּאָטער.

די דריטע קאָנסטרוקציע קען אויך גילטן באַ דעם שטרײַט: אייגנשאפטוואָרט אָדער „פון"; קאָמפּאָזיט און „פון" א. אנד.
261) הײַזער אין שטאָט זײַנען געשטאנען אויסגעצוואָגן (בערגעלסאָן).
נישט: „שטאָטישע הײַזער", נישט: „הײַזער פון שטאָט", (אויך ניט: „שטאָט־הײַזער").
ליידער ניצט מען דידאָזיקע קאָנסטרוקציע אין דער פּובליציסטישע שפּראך בעערעך ווייניק.

## 17. ווען ס'רעדט זיך פון א מאסע, א קאָלעקטיוו, א סומע

אין אזוינע פאלן איז אין יידיש אָנגענומען די לויזע קאָנסטרוקציע, אָן „פון" און אָן יעדער אנדער באהעפט־פאָרמע. מע זאָגט אפ יידיש:
262) קוואלן וואסער קענען נישט פארלעשן (גינזבורג־מארעק, № 149).
263) טײַכן בלוט האָט זיך פון איר געגאָסן (דאָרט, 347).
264) באלד טאקע געפינט ער זיך צווישן א רעדל יידן (ממ״ס).
265) דאָרט האָט געפלייצט א טײַך שווארצער טינט (ממ״ס).
266) ערטערוויַיז האָט פון דער ערד ארויסגעזעצט וואָלקנס רויך (ממ״ס).
267) דאָרט טוען פערד אָן א יאם העזייקעס (ממ״ס).
268) דערום זײַנען דאָך בא אײַך דאָ מאכנעס נאראָנים (ממ״ס).
269) א יאם קוילעס, א מאבל קלעפּ און שלעק (פּערעצ).
270) איך האָב שוין איבער קאָפּ צוויי שטאָק און דרײַ שטאָק כמארעס (פּערעצ).
271) זיאמע האָט אויסגעלערנט די גאנצע שטאָט קינדער שווימען (ש״א).

(272 נאָכ איב זײַנעב געגאנגענ אגאנצע סעריע מעלאמדימ (ש״א).
(273 די גאנצע וועלט ראכמאָנעס ליגט אפ איר צעלייגט (א. פוקס).
(274 אירע אויגנ האָבנ א שטראָמ טרערנ א זעצ געטונ (אש).
(275 פונדעסטוועגנ האָב איכ אויכ אינ יענעמ ווינטער... געשריבנ א צאָל[1] לידער (א. רייזענ).
(276 קומט ער אויס קימאט אויסגעצויגנ איבער אימ מיט דער גאנצער לענג קערפער (אויזער ווארשאווסקי).

אונ נאָכ אונ נאָכ אזוינע בײַשפּילנ וואָלט מענ געקענט ברענגענ בא אלע שרײַבער.

אקעגנ שרײַבט מענ אינ אונדזער פּרעסע:

(277 פּערעצ פארבלײַבט געטרײַ יענעמ קרײַז פונ טעמעס אונ געשטאלטנ, וועלכע... (בוכ).
(278 א כוואליע פונ מיטינגענ אונ פּראָטעסטנ האָט זיכ דורכגעקײַקלט (צ.).
(279 א זייער בארײַטנדיקע זאמלונג פונ ביכער (צ.).
(280 אלצ לענגער ווערנ די רייענ פונ ארבעטסלאָזע... אלצ גרעסער ווערט די צאָל פונ הונגעריקע (צ.).
(281 די צאָל פונ פּארטײ־ישע כאווײרימ מאכט אויס 8—9 פּראָצענט (צ.).
(282 קאָמפּלעקס פונ געזעלשאפטלעכע דערשײַנונגענ (צ.).
(283 א לאבירינט פונ אודיטאָריעס, קאבינעטנ, מוזייענ (צ.).

א. אז. וו. „פונ״ איז דאָ אומעטומ איבעריק, אונ דער אָפּשטאמ זײַנער איז דערזעלבער, וואָס אינ אנדערע גרופּעס: די פּרעמדשפּראכיקע ווירקונג.

מע מוז זאָגנ: אינ דערדאָזיקער גרופּע לאָזט זיכ מערקנ בא שיינשרײַבער געוויסע וואקלונגענ, דערהויפּט ווענ פארנ צווייטנ זאכוואָרט שטייענ אייגנשאפט־ווערטער:

ש״א שרײַבט:

(284 איז דער דאָקטער לעוויִוס אופּגעשטאנענ מיט זײַנע אײַנגעלאדענע געסט, דורכגעפירט זיי דורכ א גאנצער ריי פונ גרויסע, ברייטע, הויכע כאדאָרימ.

אקעגנ אָבער טרעפנ מיר:

(285 זײַנ פריילעכע טופּערײַ האָט פרײַ אָפּגעהילכט איבער א גאנצער ריי גרויסע, יאָמטעוו־דיק־צוגעקליבענע כאדאָרימ (בערגעלסאָנ).
(286 ... גאנצע מאכנעס אונדזערע גוטע מענטשעלעכ (ממ״ס).

אפילע בא ש״אינ גופע:

(287 דאָ אינ וואגאָנ פאָרנ א בינטל קאסרילעווקער באלעבאטימ.

אָבער אויכ אינ אנדערע פאלנ. אקעגנ פּערעצעס:

(288 אונ אז מע קומט נאָכ נעענטער צו, זעט מענ ווײַסע פעדימ פונ ליכט שפּארנ זיכ ארויס...

קענ מענ ווײַזנ בא א. פוקסנ:

(289 לאנגע שווארצלעכע פעדימ שפּינוועבס הענגענ אראָפּ...

אפילע בא איינ שרײַבער גופע: אשטייגער בא פּערעצנ:

(290 האָב איכ פּלוצלינג א מאכנע פונ פייגל דערזעענ.
(291 אונ מאכנעס פייגל טאנצנ ארומ צווישנ די צווײַגנ.

דאָס פּראָגרעסיווערע, דאָס פײַנערע אינ דער שפּראכ איז אָבער די לויזע קאָנ־סטרוקציע (אָנ „פונ״), אונ דאָס שטימט מיט דעמ גײַסט פונ דער פאָלקשפּראכ.

---

1) רייזענ ניצט דאָ א „צאָל״ ווו מיר שרײַבנ איצט: א „ריי״ (ряд).

אין געווויסע פאלן האָט דאָ (באַם ניצן דעם „פון") צו זאָגן די ספּעציִעלע סטי־ליסטישע קאָמבינאַציע אַפּ אַן אָרט, דער ריטם.

מע דאַרף זאָגן: ס'בעסערט זיך אין דעם פראַט אין דער פּרעסע אויך. מע קען טרעפן:

292) פון רוסלאַנד האָבן אָנגעהויבן קומען די... ערשטע כוואַליעס באַוווּסטזיניקע יידישע עמיגראַנטן (צ.).

293) דער באַלעבאַטישער טעל-אָוויוו האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזאַ פאַרצווייפלטע גרויסע מאַכנע הונגעריקע מענטשן (צ.).

294) דער קינסטלערישער קאָלעקטיוו האָט אַרײַנגעטראָגן אין אונדזערע אַרבעטער-מאַסן אַ מעכטיקן שטראָם רעוואָלוציִאָנערע פרייד (צ.).

295) דידאָזיקע צאָל מישפּאָכעס מאַכן אויס 87 פּראָצענט פון דער צאָל אַרויסגעגעבענע אָרדערס (צ.).

דאָ, אַזויווי אין די פריִערדיקע גרופּעס, איז נאָך מעגלעך די דריטע קאָנסטרוקציע. אַקעגן ש"א'ס:

296) ר' זאָרעכל, וועלכער האָט באַשאַפן... אַ גאַנצן דאָר פון קאַליגראַפן.

297) ... און בין דורכגעלאָפן מיט אים אַ שײַנע ביסל מײַל אונטער אַ האָגל פון קוילן.

298) ... דערזעען פאַר זיך אַ גאַנצן יאַם פון פײַער.

קען מען ווײַזן:

299) אַ רעבע, וואָס האָט אופגעשטעלט אַ דאָר מיט טאַלמידים (נאָמבערג).

300) אַ דונער אַפּלאָדיסמענטן און אַ האָגל מיט צעטעלעך צו ב. איבער פאַרשיידענע פראַגן (צ.).

און באַ ש"א'ן גופע:

301) האָלצמאַנס אויגן פאַלן פון דער לאָזשע אַראָפּ אין פּאַרטער אַפן יאַם מיט גלאַנצנ־דיקע קעפּ.

## 18. ווען מ'איז אויסן צו באַצייכענען אַ טייל פון אַ קאָנקרעטער זאַך, פון קאָלעקטיוו־זאַכן

אָבער נישט אָפּגעשיידט פון דעם גאַנצן, נישט צאָל־מעסיק, ניט מיט דעם פאַר־גלײַך־גראָד (זע פריִער, ו, 5); דערהויפּט, ווען ס'האַנדלט זיך פון רוים־באַגריפן.

אין דעם פאַל גילט אויך די לויזע קאָנסטרוקציע:

302) דער סאַם ליגט אין די שפּיץ פינגער (בערנשטיין, № 1732).

303) דער וואָגן איז אָנגעזעצט געווען ענג מיט פאַרשוינען, קימאַט אַ פערטל קאַפּצאַנטעק (ממ"ט).

304) נאָר די רעשט וועלט, צי איז דאָס ניט מײַנער אַ כאָלעם? (פּערעץ).

305) אַפּ דער אַנדערער זײַט יאַם (פּערעץ).

306) מע האָט אים געזוכט העט ווײַט הינטער דער שטאָט, אַפּ יענער זײַט מילן; מע האָט אים געזוכט נעבן דער באָד באַם ברעג טײַך (ש"א).

307) אין עק גאַס איז דאָ אַ לאָך (פּערעץ).

308) פאַרוואָס האָט מען אים עפּעס געלייגט אין עק בייסוילעם? (בערגעלסאָן).

309) און דאָס אַלצדינג... אין דער מיט שטאָט (ממ"ס).

310) אַפן שפּיץ באַרג ליגט די שטאָט (אש).

311) אין אָנהויב פּאָריקן יאָרהונדערט (זש.).

אַקעגן טרעפט מען אין דער פּרעסע זייער אָפט:

312) זאָל די גרעסטע טייל פון דער באַפעלקערונג אַרײַנגעצויגן ווערן (זש.).

313) 10 פראָצענט פֿון די סאָוועטן האָבנ... א מערהײַט פֿונ אָרעמ-פּויערים (צ; איבעריק ביידע מאָל „פונ״).

314) דאָס ראָוו פֿון די מעלוכע-האכנאָסעס מוזנ ארײַנגעבראכט ווערנ פונ שטײַערנ (זש.; איבעריק דער ערשטער „פונ״).

315) די מערהײַט פֿון די לערער פונ שול זײַנענ יונג (צ; ד. ה. די מערהײַט שול-לערער).

316) אינ די פּאָעמענ, וואָס פּאַרנעמענ א העלפּט פֿון כאריקס לידער-בוכ (זש.).

317) די אווטאָרנ האָבנ ארויסגעכאפּט שטיקער פֿון סאָוועטישער ווירקלעכקײַט (זש.).

318) אינ דריטנ באנד פֿון „קאפּיטאל״ (הייליקמאנ).

319) אויסשטעלנ איינ גאנצנ... פּראָנט פונ באָבראָווי־קוט ביז סאמע עק פֿון וואווילעווער פּאָנד אבנ רעכטנ ברעג פֿון אינגולעצ (בוכ).

320) צומ סאָפּ פֿונעמ יאָרהונדערט האָט די מאסע ווייצ... דערגרייכט (זש.).

אינ דערדאָזיקער גרופּע טרעפט זיכ אויכ וואקלונגענ בא שרײַבער, דערהויפּט ווענ פאר דעמ צווייטנ זאכוואָרט שטייט אנ אייגנשאפטוואָרט, אָדער מער:

321) קוינימ אפּנ נישער פונ די פּארבליבענע טווּעס (בערגעלסאָנ, „נאָכ אלעמענ״).

אָבער בא בערגעלסאָנענ גופע (אינ א שפּראכלעכ־רײַפער ווערק, אינ „אָפּגאנג״):

322) א מיידל א קורסיסטנ דערשווײַגט דאָרט... איר נישער יוגנט.

323) אינ מיטנ אײַנגעבראָכענעמ האלבקײַלעכדיקנ מארק.

דאָסזעלבע בא מענדעלענ:

324) דער גרעסטער כיילעק לאנגע יִדישע נעזער איז... די גלופּסקער מעקלער אָנ-געקומענ.

ביפּראט איז די לויזע קאָנסטרוקציע שווער מיט פּראָנאָמ:

325) רעשטלעכ פֿונ זײַנע צווײַגלעכ אונ בלעטלעכ (פּערעצ; זע פּריִער, № 304).

אָבער:

326) עס זעט אויס פונ א טייל זייערע מינהאָגימ זײַנענ זיי אפּאָנעמ טאקע מעכויעוו צ זײַנ יִידנ.

אזויווי אינ אַנדערע גרופּעס, האָט דאָ אינ געוויסע פאלנ צו זאָגנ די ספּעציִעלע סטיליסטישע סיטואציע א. ד. גל. אָבער פאר דעמ גרעסטנ טייל פאלנ בלײַבט גיל-טיק דער קלאל,— די לויזע קאָנסטרוקציע. צומטייל זעענ מיר דאָס שוינ צו אינ דער פּובליציסטישער שפּראכ אויכ:

327) דער גרעסטער טייל נײַע קאָלאָניעס (צ.).

328) 100 פּראָצענט לייענשטיבלעכ (צ.).

329) א שמאָלער פּאס באמ ברעג אנטלאנטישנ אָקעאנ (זש.).

330) ...קינסטלעריש אויסצופּאָרמירנ א שטיק רעוואָלוציִאָנערע געשיכטע (זש.)[1]

## 19. צו באצייכענענ די אַרט, שטייגער, סיסטעמ

אהער קענ נאָכ צוקומענ דער באגריפ ווענג „פּראָצעס״ (די דויערנדיקע פּאָרמירונג). דאָ גילט אויכ די לויזע קאָנסטרוקציע:

331) מע דערציילט שרעקלעכע מײַסעס פונ די שיידימ אונ פונ זייער שטייגער לעבנ (ממ״ס).

332) רעפּאָעלס שטייגער אופירונג איז אויכ א דערעכ צו דינענ דעמ אייבערשטנ (ממ״ס).

1) אינ א צײַטונג געפינ איכ אזא „אויסבעסערונג״:

„אינ כ. ל...ס ארטיקל ...זײַנענ ארײַנגעפאלנ אייניקע פעלערנ. געדרוקט: „אינ מיטנ פֿון די נײַנ-ציקער״...

דארפ זײַנ: „אינ מיטנ די נײַנציקער״ (יאָרנ)...

**איז איבעריק צו שרײַבנ מיט „פונ":**

333) אײנ טײל פונ א סיסטעמ מײַסימ (זש; איבעריק דער צווײטער „פונ").

334) אָנווענדנדיק אזא מעטאָד פ ו נ פּאָליטופּקלערישער מאסנארבעט (צ.).

335) דער פּראָצעס פ ו נ פאראָרעמונג דויערט (צ.).

**ריכטיקער, זעט מיר אויס, איז געבויט:**

336) אינ די קולטור-פּראגנ האָבנ מיר געהאט... אלע פ אָ ר מ ע נ ר ע א ק צ י אָ נ ע ר ע א י ד ע אָ ־ ל אָ ג י ע ס (צ.).

337) א וויכטיקער עלעמענט אינ די רעוויזיאָניסטישע טענדענצנ... איז... דאָס פארשווײַגנ די כאראק־טעריסטישע טענדענצנ פונ איצטיקנ ע ט א פּ ק ל א ס נ ק א מ פּ (צ.).

338) ס'איז פאראנ א ס י ס ט ע מ מ י ט ל ע נ (צ.).

## IV

# א שלעכטע זאצקאָנסטרוקצ'ע ציט דעמ „פונ"

צי איז דאָס אלצ, וואָס מע קענ אונ מע דארפ זאָגנ וועגנ „פונ", צי קענ מענ שוינ מיט דעמ געזאָגטנ אויסקומענ אינ אלע פאלנ?

פארשטײט זיכ, אז נישט. איכ האָב דאָ געגעבנ בלויז דאָס ע ל ע מ ע נ ט א ר ע, דאָס, וואָס לאָזט זיכ גרינג ג ר ו פּ י ר נ אונ וואָס צומ זאצבוי, אינגאנצנ גענומענ, האָט דאָס ווײניק. די גרעסטע צאָרע אָבער פונ אונדזער הײַנטיקער שפּראכ, ביפּראט פונ דער פּרעסע־שפּראכ, איז גראָד אָפּטמאָל דער שווערער, אָדער דער שלעכטער ז א צ ב ו י. דער שלעכטער זאצבוי, צומטײל די צײַטונג־שאבלאָנענ, שלעפּנ שוינ נאָכ זיכ די „פונענ" אָנ א סאָפּ, אונ בעסערנ איז דאָ ניט מעגלעכ. ס'איז אויכ שווער צו גרופּירנ אלע אזוינע פאלנ. איכ וויל דאָ דערמאָנענ בלויז צווײ גרופּעס. צומ ערשטנ — די פּ א ס י וו ע ז א צ ק אָ נ ס ט ר ו ק צ י ע.

כ' א. זארעצקי („גרײַזנ אונ ספּײקעס", ז. 38—42) האָט מיט גרויס געדולד אָנ־געזאמלט א גאנצע קאָלעקציע אזוינע זאצנ. ווי:

339) ער איז צופּיל פארכאפּט פ ו נ דער הוילער סכעמע. (צ.).

340) וועלנ פ ו נ די שולנ ארומגעכאפּט ווערנ די קינדער.

341) קעדײ אויכ די טײלנ פונ דער באפעלקערונג זאָלנ ארומגעכאפּט ווערנ פ ו נ דער פּאָלקסצײ־לונג. (צ.).

מע וואָלט געקענט ווײַזנ נאָכ א היפּש ביסל אזוינע זאצנ, אונ אָנ גרויס מי דערבײַ; ס'איז אָבער איבעריק: דאָס איז גוט באקאנט.

מיט דידאָזיקע „פונענ" לאָזט זיכ גאָרנישט מאכנ, ווײַל דער ז א צ ב ו י א י ז ש ל ע כ ט. ס'איז איבעריק די מי אויכ. קײנער זאָגט נישט: „וועל נפונ די שולנ ארומ־געכאפּט ווערנ די קינדער"; ס'איז א פּ א פּ י ר ע נ ע ש פּ ר א כ, דאָ איז איבערגעזעצט אווטאָמאטיש דער רוסישער צײַטונג־זאצ: Школами будут охвачены дети.

אזויווי אינ אלע אזוינע פאלנ קאָפּירט מענ דאָ דעמ רוסישנ פּאסיוו מיט דעמ אינסטרומענטאל („טוואָריטעלני פּאדעזש"), וואָס מיר האָבנ אימ נישט.

קעגנ דעמ מינ „פונ" איז פאראנ אײנ אײַצע — די א ק ט י וו ע קאָנסטרוקציע: „די שולנ וועלנ ארומכאפּנ די קינדער". אזוי איז דער זאצ אויכ שלעכט: ס'איז דער געוויסער צײַטונג־שאבלאָנ; אָבער צײַטונג־שאבלאָנ איז שוינ נישט בלויז אונדזער

שוואכקייט; — ער איז אינטערנאציאָנאל. וועגן דעם וועט נאָך אויסקומען צו רעדן ספעציעל.

באַ דער פּאסיווער זאצקאָנסטרוקציע איז מעגלעך אזא זאצ:

342) אינ בוכ איקס ווערט דער אויסדרוק „האשגאָכע פּראָטיס״ פונ כ׳ איגרעק פּארטײַטשט (בוכ).

וואָס הייסט דאָס: 1) עמעצער פּארטײַטשט כ׳ איגרעקס אויסדרוק „האשגאָכע פּראָטיס״ (כ׳ איגרעק איז דאָ דער אופטוער פונ דעם אויסדרוק); 2) אָדער כ׳ איג־רעק פּארטײַטשט סטאמ דעם אויסדרוק האשגאָכע פּראָטיס?

דער שרײַבער מיינט דאָ דעם צווייטנ פאל, אָבער מע קענ טײַטשנ אנדערש אויכ, אונ מע וועט אויכ זײַנ גערעכט.

דער שרײַבער (אנ אָנגעזעענער פּובליציסט) וואָלט דאָ געקענט פּאָשעט זאָגנ:

342a) „אינ בוכ איקס פּארטײַטשט כ׳ איגרעק דעם אויסדרוק „האשגאָכע פּראָטיס״ אזוי:״ א. אז. וו.

ס׳איז צו באוווּנדערנ, ווי אזוי אומקריטיש מע האָט געקומענ פלאנצנ באַ אונדז די פּאסיווע קאָנסטרוקציע, בעייס זי איז ניט פאראנ אינ דער מאסנשפּראכ אונ מע דארפ זי זוכנ מיט ליכט אינ אונדזער שיינער ליטעראטור!

וועגנ דער צווייטער שלעכטער זאצקאָנסטרוקציע, וואָס ציט נאָכ זיכ דעם „פונ״,— וועגנ דער קאָנסטרוקציע מיט זאכווערטער אָנשטאָט צײַטווער־טער,— איז שוינ דאָ פריִער גערעדט געוועג (זע ו, 11). לאָמיר זיכ דערמאָנענ אונדזערע פּראזעס № 1:

אָבער אלס אלגעמיינע פאָרמולירונג, וואָס נעמט ארומ יעדע פאָרמ פונ אָפּהענגיקייט פּו־נעמ אונטערגעוואָרפענעמ פאָלק פונעמ הערשנדיקנ, זײַנענ אינ דעמדראָזיקנ געדאנק פאראנ געוויסע פע־לערנ (הייליקמאנ).

אינ דערדאָזיקער הילצערנער פּראזע, וואָס פארשטיינ קענ מענ זי נאָר, ווענ מע זאָל זי צוריק איבערזעצנ אפּ רוסיש, שפּילט דאָס וואָרט „אָפּהענגיקייט״ א ספּעציִע־לע ראָליע פאר דעם דרײַגאָרנדיקנ „פונ״. לאָמיר דאָ אָנשטאָט דעם זאכוואָרט „אָפּ־הענגיקייט״ נעמענ דאָס צײַטוואָרט „אָפּהענגענ״, איז קענ מענ די פּראזע שרײַבנ בעערעכ אזוי:

a1) אָבער אלס אלגעמיינע פאָרמולירונג, וואָס נעמט ארומ יעדע פאָרמ, ווי אזוי דאָס אונטערגעוואָרפענע פאָלק הענגט אָפּ פונעמ הערשנדיקנ, זײַנענ...

דער פּראזע פעלט נאָכ איצט אויכ אסאכ צו קלאָרקייט, אָבער עפּעס איז שוינ דאָ קלאָרער געוואָרנ,— אונ מיר זײַנענ פּאָטער געוואָרנ פונ איבעריקע צוויי מאָל „פונ״.

קורצ,— פרײַ ווערנ פונ דעם איבעריקנ „פונ״, ביפראט פונ דעם צוויי־דרײַ־פיר־גאָרנדיקנ „פונ״, אָפּטמאָל אינ איינ זאצ,— דאָס איז מעגלעכ נישט אנדערש, סײַדנ זיכ פרײַ מאכנ פונעמ שלעכטנ זאצבוי. דאָס איז די טעמע פאר די ווײַטער־דיקע קאפּיטלענ.

קיִעוו, 1927—1929.

# די פאפירענע שפראך

I. די פאסיווע זאצקאָנסטרוקציע

II. זאכווערטער און צײַטווערטער

III. דער פאלשער בײַזאצ

# די פּאַסיווע זאַצקאָנסטרוקציע

די צײַטונג־שפּראַך (ניט בלויז די יִדישע) אַרבעט מיט שטאַמפּן, מיט שפּראַך־קלישעס. ס׳מאַכט דעם אײַנדרוק, אַזויווי קאַנצעליאַריע־אַרבעט. ס׳איז פּאַראַן פּאַרטיקע שאַבלאָנען, די סכעמע איז שוין דאָ פאַרויסגעגעבן, מע דאַרף בלויז אויספילן אין די געשטעלטע שטאַמפּן די בלויזן: די קאָנקרעטע האַנדלונג, נעמען, דאַטעס. דער געדאַנק פאַרשפּאָרט שוין צו אַרבעטן, ווי אַזוי אַרויסצוקריגן די באַ־האַלטענע ענערגיע פונעם וואָרט, זוכן קאָמבינאַציִעס מיטן וואָרטמאַטעריאַל, מיט וואָרטשטעלונג א. ד. גל. ער פּאָרט שוין גלאַט אין איין ריכטונג, אַזויווי אַוועק־געשטעלט אַף רעלסן. צו דידאָזיקע שטאַמפּן געהערן: 1) די פּאַסיווע זאַצ־קאָנסטרוקציע, 2) שטעלן זאַכווערטער אָנשטאָט צײַטווערטער, 3) בײַ־זאַצן אָנשטאָט הויפּטזאַצן, 4) די ספּעציִעלע פּראָזעאָלאָגיע, געשטאַמפּטע אויסדריקן, און די מעליצע, וואָס צומטייל נעמט זי זיך פון דערדאָזיקער פּראָזע־אָלאָגיע א. ד. גל.

צוזאַמענגענומענע ברענגט דאָס אַלץ דערצו, אַז די שפּראַך (און צוזאַמען מיט איר דער געדאַנק אויך) ווערט שטאַרק פאַראָרעמט: די שפּראַך גיט ניט מער ווי א סכעמע פון דעם זאַך־ און געדאַנקען־אינהאַלט. דאָס טיפערע, דאָס פײַנערע, דאָס אינדיווידועלע, וואָס ליגט ניט אַף דער אויבערפלאַך, גייט דאָ פאַרלוירן. ס׳ווערט א ספּעציִעלע טעכנישע שפּראַך, קאָמפּליצירט אין גראַמאַטישן געבײַ, אָנ־געפּראָפּט מיט גראַמאַטיק, לעצט אָרעם אין אויסדריקמיטלען, אָפּגעבלאַסט און אָפּ־געשמאַקט אַזויווי אָפּגעריבענע דרײַערס, — א מין פאָרמול־שפּראַך, אַזויווי אין טעכנישע וויסנשאַפטן, וואָס דעם געוויינטלעכן לייענער איז זי שווער צו פאַרשטיין, און פאַר אַלעמען פאַרלירט זי איר ווירקונגס־קראַפט, איר איבערצײַגנדיקייט.

אָבער מיט דערדאָזיקער שפּראַך וויל מען באַ אונדז הויבן גרויסע מאַסן, מילי־אָנען, אַרײַנגיסן אין זיי א נײַעם פאַרשטאַנד פאַר א וועלט און א ברענענדיקן ווילן פאַר א שאַפונג־אַרבעט, וואָס די וועלט האָט אַזוינס ניט געזעען!

צו א שווער געצײַג פאַר אַזאַ אויפטו!

איך וויל דאָ פּרוּוון אַנאַליזירן דידאָזיקע פאָרמול־שפּראַך, ווײַזן, וואָס זײַנען אירע ווייטיקן און, — ווי ווײַט מעגלעך, — ווי אַזוי לאָזן זיי זיך באַזײַטיקן.

איך וועל אָנהויבן פון דער פּאַסיווער זאַצקאָנסטרוקציע.

# I. די פולע פאסיווע קאָנסטרוקציע.

לאָמיר זיך צוקוקן צו די 13 פראזעס, וואָס איך ברענג דאָ פאראלעל אין צוויי פארשיידענע רעדאקציִעס רעכטס און לינקס.

1) די אויסלענדישע אָרגאניזאציִעס... האָבן צוגעזאָגט פארשטארקן זייער געלט-שטיצע, נאָר דערווײַל איז אין דעם זין פון זיי גאָר ניט געטון געוואָרן (צ).

2) דעם כ׳ אָרדזשאָניקידזעס ווערטער זײַנען אינטערעסאנט דערמיט, וואָס ערשטנס איז עס געזאָגט געוואָרן פון א מענטש, וועלכער שטייט בעראָש... (צ.).

3) דורך דער סטודיִע ווערט געשטעלט ווערן אירע נײַסטע שאפונגען (צ.).

4) זעכצן אנדערע מענטשן זײַנען פארוווּנדעט געוואָרן, איידער דער בער איז געכאפט געוואָרן פון די צירקוס-באאמטע (צ.).

5) די נאטור פון די שרײַבער אין „טאָג-בלאט" איז ריכטיק פארשטאנען געוואָרן דורך אונדזערע לעזער (צ.).

* 6) באַם אדורכקוקן די קאסע-אסיגנאציִעס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די אָרטאָדאָקסישע שולן און כאדאָרים ווערן סובסידירט פון דער קעהילע און נאָר די ייִדישע שולן ווערן איגנאָרירט (צ.).

7) צום באדויערן איז מײַן באקאָשע דורכן סעקרעטאר פון דער רעדאקציע ניט אויסגעפילט געוואָרן (צ.).

* 8) די פרוי איז פון די רויבער געבונדן געוואָרן און ארײַנגעשלײַדערט געוואָרן אין א קליינעם צימער בעשאס די רויבער האָבן צוגענומען דזשולערי (צירונג) און א טײַערן פוטערמאנטל און זײַנען אנטלאָפן (צ.).

a1) ...נאָר דערווײַל האָבן זיי אין דעם זין גאָרניט (נישט) געטון.

a2) ...וואָס, ערשטנס, האָט עס (דאָס) געזאָגט א מענטש, וואָס שטייט א. אז. וו.

a3) די סטודיע וועט שטעלן אירע נײַסטע שאפונגען.

a4) ...איידער די צירקוס-באאמטע האָבן געכאפט דעם בער.

a5) אונדזערע לעזער האָבן ריכטיק פארשטאנען די נאטור פון די שרײַבער אין „טאָגבלאט".

a6) ...אז די קעהילע סובסידירט ברייט די אָרטאָדאָקסישע שולן און כאדאָרים און איגנאָרירט נאָר די ייִדישע שולן.

a7, א) צום באדויערן האָט דער סעקרעטאר פון דער רעדאקציע מײַן באקאָשע ניט אויסגעפילט (אויסגעפירט).

ב) מײַן באקאָשע האָט דער סעקרעטאר פון דער רעדאקציע, צום באדויערן, ניט אויסגעפירט.

a8, א) די פרוי האָבן די רויבער געבונדן און ארײַנגעשלײַדערט אין א קליינעם צימער בעשאס זיי האָבן צוגענומען דזשולערי און א טײַערן פוטערמאנטל און זײַנען אנטלאָפן.

ב) די רויבער האָבן געבונדן די פרוי, ארײַנגעשלײַדערט זי אין א קליינעם צימער, האָבן צוגענומען דזשולערי און א טײַערן פוטערמאנטל און זײַנען אנטלאָפן.

9) אָבער אפילע דידאָזיקע נעבעכדיקע נאציָאָנאל-אוטאָנאָמיסטישע לופטשלעסער פון די פּ. פּ. ס. זײַנען דורך זיי אליין ניט ערנסט גענומען געוואָרן (זש).

9a, א) אָבער אפילע דידאָזיקע נעבעכדיקע נאציָאָנאל־אוטאָנאָמיסטישע לופטשלעסער פון די פּ. פּ. ס. האָבן זיי אליין ניט ערנסט גענומען.

ב) אָבער די פּ. פּ. ס. אליין (גופע) האָבן אפילע דידאָזיקע נעבעכדיקע נאצ.־אוטאָנאָמיסטישע לופטשלעסער זייערע ניט ערנסט גענומען.

10) דער איקער באשטייט אין דעם, וואָס ... די צוועקמעסיקע דירעקטיוו ווערט געגעבן מיצאד דעם נײַעם קאָלעקטיוון באלעבאָס, מיצאד דעם באוווסטזיניקן געזעלשאפטלעכן קלאס (צ.).

10a, א) דער איקער באשטייט אין דעם (דער איקער איז), וואָס די צוועקמעסיקע דירעקטיוו גיט דער נײַער קאָלעקטיווער באלעבאָס, דער באוווסטזיניקער געזעלשאפטלעכער קלאס.

ב) דער איקער איז, וואָס דער נײַער קאָלעקטיווער באלעבאָס, דער באוווסטזיניקער געזעלשאפטלעכער קלאס, -- ער (דער) גיט די צוועקמעסיקע דירעקטיוו.

11) דערדאָזיקער געדאנק איז ניט קיין נײַער. די נויטיקייט צוציִען די ארבעטער־מאסן צום קאמף מיטן ביוראָקראטיזם איז שטענדיק און נאָכאנאנד אונטערגעשטראָכן געוואָרן פון לענינען (צ.)

11a, א) ...די נויטיקייט (אז ס'איז נייטיק) צוציִען די ארבעטער־מאסן צום קאמף מיטן (קעגן) ביוראָקראטיזם, — דאָס האָט שטענדיק און נאָכאנאנד אונטערגעשטראָכן לענין.

ב) ...לענין נאָך האָט שטענדיק און נאָכאנאנד אונטערגעשטראָכן די נויטיקייט (אָדער: אז ס'איז נייטיק) צוציִען די ארבעטער־מאסן צום קאמף קעגן ביוראָקראטיזם.

12) די אויסארבעטונג פון דעמדאָזיקן פּראָעקט איז ארויסגערופן געוואָרן מיט דער איצטיקער ניט-נאָרמאלער לאגע (צ.).

12a, א) ארויסגערופן די אויסארבעטונג פון דעמדאָזיקן פּראָעקט האָט די איצטיקע ניט־נאָרמאלע לאגע.

ב) די איצטיקע ניט־נאָרמאלע לאגע, — זי (די) האָט ארויסגערופן די אויסארבעטונג פון דעמדאָזיקן פּראָעקט.

ג) צו דער אויסארבעטונג פון (אויסצוארבעטן) דעמדאָזיקן פּראָעקט האָט געבראכט די איצטיקע ניט־נאָרמאלע לאגע.

13) די סאָלטיסטוועס ווערן אופגעקויפט דורכ די ערד-באזיצער... צוזאמענ מיטנ דאָרפ הייבנ אָנ צו פארלירנ זייער זעלבשטענדיקייט אויכ די שטעט. די וואָיטסטוועס[1]) הייבנ אָנ, פונקט ווי די סאָלטיסטוועס[2]), אופגעקויפט ווערנ דורכ די אייגנטימער פונ די שטעט (הייליקמאנ).

a13, א)... די אייגנטימער פונ די שטעט הייבנ אָנ אופקויפנ די וואָיטסטוועס, פונקט ווי די סאָלטיסט־וועס.

ב)... די אייגנטימער פונ די שטעט הויבנ אָנ אופצוקויפנ די וואָיטסטוועס, פונקט ווי מע קויפט אופ (די ערדבאזיצער קויפנ אופ) די סאָלטיסטוועס.

די פראזעס רעכטס זײַנעג גענומענ דערהויפט פונ דער סאָוועטישער פרעסע אונ בוכ; די פראזעס לינקס זײַנענ מײַנע. ס'איז ניט שווער צו זענ, אז לינקס האָבנ מיר בלויז אנ אנדער רעדאקציע; — דער אינהאלט איז דערזעלבער, וואָס רעכטס. מיר האָבנ דאָ אונ דאָרט דעמזעלבנ באטײַטיקנ וואָרט־מאטעריאל; געענדערט זײַנענ נאָר די הילפ־צײַטווערטער („האָבנ" אָנשטאָט „ווערנ",); דאָ, לינקס, זײַנענ אויכ אויסגע־מיטנ די הילפווערטער, די פרעפּאָזיציִעס „פונ", „דורכ", „מיט", „מיצאד" אונ ס'איז צומטייל אנדערש גרופירט דער וואָרט־מאטעריאל. פונ דידאָזיקע דיפערענצנ נעמענ זיכ צוויי גרונטפארשידענע זאצקאָנסטרוקציִעס. לאָמיר נעמענ דעם זאצ № a3. דאָ האָבנ מיר אזא סכעמע: 1) א געוויסער טוער („די סטודיע", א טעאטער־קאָלעקטיוו) 2) טוט („וועט שטעלנ"), 3) א געוויסע זאכ („נײַסטע שאפונגענ"). די גראמא־טישע סכעמע שטימט דאָ מיט דער לאָגישער: דער טוער („די סטודיע") איז אינ זאצ דער גראמ. סוביעקט (подлежащее), א זאכוואָרט אינ אָנהייב־פאָרמע—(נאָמינאטיוו); דאָס טועכצ,— דער פרעדיקאט (сказуемое) („וועט שטעלנ"),— איז דאָ אינ אנ אקטי־ווער פאָרמע (ווײַזט ארויס זײַנ האשפּאָע, זײַנ ווירקונג אפ עפּעס); דאָס, וואָס דער טוער טוט אופ („נײַסטע שאפונגענ"),— איז דאָ—דער אָביעקט (дополнение). דער אָביעקט ציט צומ פרעדיקאט אָנ שומ הילפווערטער. אינ סינטעטישע שפראכנ (אשטייגער, רוסיש) שטייט דאָ דער אָביעקט אינ אקוזאטיוו, אונ דידאָזיקע פאָרמע ווײַזט די באציִונג צווישנ אָביעקט אונ פרעדיקאט. אינ יִידיש, ווי אינ אנדערע אנאליטישע שפראכנ, האָבנ מיר צומייסטנס קיינ ספּעציִעלע פאָרמע פאר דעם אקוזאטיוו נישט. צומטייל זעענ מיר אימ פונ דער געוויינטלעכער וואָרטשטעלונג (וואָרטסיידער אינ זאצ). די סכעמע איז דאָ: סוביעקט + פרעדיקאט[3]) (א צײַטוואָרט אינ אנ אקטיווער פאָרמע) + אָביעקט. די גרופירונג פונ דידאָזיקע 3 באשטאנדטיילנ מעג זײַנ אנ אנדערע אויכ: אינ נומ. a1, a2 אונ אנדערע שטייט פריִער דער פארענדערלעכער טייל פונ דער פרעדיקאט־גרופּע („האָבנ", „האָט"), דערנאָכ ערשט דער סוביעקט, אינ נומ. a8, א' שטייט פריִער דער אָביעקט, דערנאָך א טייל פונ דער פרעדיקאט־גרופּע, דערנאָך דער סוביעקט. דעריקער אָבער: מיר האָבנ דאָ אלע דרײַ באשטאנדטיילנ

[1]) די „וואָיטסטוועס" — דאָס איז, זעט אויס, שטאָטישע יִישווים.

[2]) די „סאָלטיסטוועס" — דאָרפישע יִישווים.

[3]) פונ 1255 הויפטזאצנ בא ש"אינ איז אזא וואָרטשטעלונג פאראנ אינ 666. זע: א. זארעצקי „צו ש"א'ס ווערטער־סיידער"; „יִיד. שפראכ", 1927, № 1, שפּ. 8.

אזוי ווי מיר דענקען געוויינטלעך, און דאָס צײַטוואָרט שטייט אין אן אקטי־ווער פאָרמע. די גראמאטישע קאָנסטרוקציע שטימט דאָ מיט אונדזער געוויינטלעכער, לאָגישער ארט דענקען.

אזוי, לויט דערדאָזיקער סכעמע, זײַנען געבויט אלע פראזעס לינקס. דאָס איז די אקטיווע זאצקאָנסטרוקציע.

פונקט א פארקערט בילד האָבן מיר אין זאץ 3: 1) דער גראמאטישער סוביעקט און אָביעקט האָבן זיך דאָ געביטן מיט דיערטער: דער לאָגישער אָביעקט (די „נײַסטע שאפונגען") איז דאָ געוואָרן גראמאטיש א סוב־יעקט; דער לאָגישער סוביעקט („די סטודיע") איז געוואָרן דער אָביעקט. 2) קעדיי צו דערלאנגען אזא קונץ און דערהאלטן דעם געדאנק: א) שטעלט מען דאָס צײַט־וואָרט אין א פאסיווער פאָרמע („וועט געשטעלט ווערן" אָנשטאָט: „וועט שטעלן"); ב) צו ווײַזן די באציִונג פון אָביעקט צום פרעדיקאט ברענגט מען ארײַן א הילפוואָרט („דורך", „פון"), וואָס ציט נאָך זיך דעם דאטיוו פון אָביעקט („דער סטודיע"),— צוזאמען — א גרופע: „דורך דער סטודיע". דאָס זאָל איבערגעבן דעם רו־סישן אינסטרומענטאל „טוואָריטעלני פאדעזש", (студией), וואָס מע נוצט אין אזא פאל.

ארום און ארום האָבן מיר דאָ אן אויסגעקליגלט גראמאטיש געבײַ, פונקט פאר־קערט אקעגן דעם לאָגישן געדאנקענגאנג, — אזוינס, וואָס מיר האָבן ניט אין דער מאסנשפראך, וואָס לייגט זיך אפ דער צונג ניט. דאָס איז א פאפירענע שפראך, א גראמאטישע קונצשטיק. אזוינס צו פארשטיין דארף מען האָבן א גרויסע געוויינ־שאפט צו דענקען מיט גראמאטישע קאטעגאָריעס. דידאָזיקע געוויינשאפט העלפט אונדז, בעשאס מיר לייענען אזא פראזע, פלינק אין קאָפּ אינסטינקטיוו צוריק אופ־צושטעלן די איבערגעקערטע קאָנסטרוקציע מיטן קאָפּ ארוף, מאכן פון דעם גראמא־טישן אָביעקט צוריק דעם סוביעקט, פון דעם סוביעקט — אן אָביעקט, פון דעם פא־סיווּן צײַטוואָרט — אן אקטיווס. פּאָשעט גערעדט: איידער מיר פארשטייען, אָדער שטויסן זיך אָן, וואָס איז געמיינט מיט אזא זאץ, ווי „דורך דער סטודיע וועט גע־שטעלט ווערן אירע נײַסטע שאפונגען", איז דאָס דערפאר, וואָס אין קאָפּ מאכן מיר דערפון (מעג דאָס זײַן אפילע אומבאוווסט, איבער געוויינשאפט): „די סטודיע וועט שטעלן אירע נײַסטע שאפונגען".

דאָס איז די פאסיווע זאצקאָנסטרוקציע, און אזוי זײַנען געבויט אלע פראזעס רעכטס.

אין דעם פראט זײַנען אלע 13 פראזעס גלײַך; די קונץ, די גראמאטישע אויסגעקליגלטקייט, עפּעס ווי דערווידער דעם געזונטן מענטשנפארשטאנד, איז אין איינער ניט בעסער ווי אין דער אנדערער, און איך וואָלט זיך און דעם לייענער געקענט פארשפּאָרן די מי צו באהאנדלען גאנצע 13 אזוינע פראזעס. אויב איך טו דאָס, איז דאָס דערפאר, וואָס ניט אין אלע פראזעס (דאָס הייסט: ניט אין אלע גרופּעס פאלן), זעט מען דאָס גלײַך מיטן ערשטן קוק. אין איינעקע פראזעס קען דאָס מאכן דעם אײַנדרוק, אז די פאסיווע קאָנסטרוקציע איז דאָ עפּעס ווי בארעכ־טיקט, ווײַל ס'איז זי שווער איבערצוגעבן אנדערש; אין אן אקטיווער פאָרמע וואָלט עפּעס פארלאָרן געגאנגען פון דעם געדאנקען־אינהאלט („ניואנס", ווי מע האָט בא אונדז ליב צו זאָגן, ניט אויסגעטײַטשט קלאָר, וואָס מע מיינט דערמיט), וואָלט

דער דינאמישער טראָפּ (דער טראָפּ אינ זאצ, וואָס טיילט אויס דעם הויפטבאגריפ אויסגעפאלנ אפ אנ אנדער וואָרט אונ דעסגלײַכנ מעניִעס. ס'איז פאראנ אפילע א מיינונג, אז אינ געוויסע פאלנ קענ מענ זיכ אָנ דער פאסיווער קאָנסטרוקציע ניט באגיינ[4]). דארפ מענ זיכ צוקוקנ צו פארשידענע גרופּעס פאלנ. כוצדעם, איז אינ יעדער פראזע, וואָס איכ ברענג רעכטס, פאראנ עפּעס א ספּעציִעלער „אופּטו", א צוגאָב צו דער פאסיווער קאָנסטרוקציע ביכלאל. איז לוינט זיכ צו פארהאלטנ דערופ לענגער.

אינ די ערשטע דרײַ פראזעס איז די זאכ עלעמענטאר קלאָר: יעדער פראזע לינקס גיט איבער דאָסזעלבע, וואָס די אקעגנדיקע פראזע רעכטס. מיט קיינ שפּאק־טיוו וועט מענ ניט אויסגעפינענ, אז עפּעס זאָל דאָ פעלנ פונ פאָרשטעלונגענ, באַ־גריפנ, פונ זייערע קעגנזײַטיקע באציִונגענ אינ דער פראזע. ס'איז אויכ קלאָר, אז די רעדאקציע לינקס איז נ אָ ר מ א ל; אזוי ר ע ד ט מענ, מעמיילע בעט זיכ אזוי שרײַבנ. אונ פארקערט, די רעדאקציע רעכטס איז א גראמאטישער פּאָקוס, וואָס מע דארפ אימ ניט, וואָס ער מוז האָבנ א פארענטפער (צו וואָס איכ דארפ דאָכ 3 פראזעס, — דאָס וועל איכ שפּעטער ווײַזנ).

אנדערש איז שוינ מיט די איבעריקע פראזעס, אָנגעהויבנ פונ № 4. אינ דער־דאָזיקער פראזע, אינ דער צווייטער העלפט, שטייט דאָס וואָרט צירקוס־באאמטע צ ו מ ס א ָ פ; אינ a4 שטייט דאָס א י נ אָ נ ה י י ב. פארשטייט זיכ, מע וואָלט גע־קענט שטעלנ: „א יי ד ע ר ד ע מ ב ע ר ה אָ ב נ ג ע כ א פּ ט ד י צ י ר ק ו ס־ב א א מ ט ע", וואָלטנ מיר געהאט דיזעלבע וואָרטשטעלונג, וואָס אינ 4. אָבער דאָס וואָלט געווענ אָ נ ג ע צ ו י ג נ; אזוי קענ מענ שרײַבנ (וואָס שרײַבט מענ ניט ?), ז אָ ג נ אזוי קענ מענ נ י ט. בעכיינ קענ אויסקומענ, אז אינ a4 איז ע פּ ע ס ג ע ע נ ד ע ר ט. וואָס ק ע נ דאָ זײַנ געענדערט ? דאָ מוז איכ אביסל אוועקגיינ אָנ א זײַט, קעדיי אופצוקלערנ פאר דעם פאל אונ פאר אנדערע פאלנ א פּאָר פּראָטים פונ דער ייִדישער וואָרט־שטעלונג, פונ דעם דינאמישנ טראָפּ א. ד. גל., פּראָטים פונ ייִדישער סטיליסטיק, וואָס, לײַדער, האָט מענ נאָכ בא אונדז אפילע ניט אָנגעהויבנ צו ארבעטנ דערופ. פארשטייט זיכ, איכ מוז דאָס דאָ מאכנ לעצט קורצ, אָנ ברייטערע דערקלערונגענ.

ס'האנדלט זיכ דאָ פונ דער „ה ו י פּ ט־פּ אָ ר ש ט ע ל ו נ ג" (אָדער „דאָמינירנדיקער פּאָרשטעלונג"), דאָס הייסט פונ דער פּאָרשטעלונג, וואָס מע וויל ספּעציִעל ארויס־הויבנ פונ דער גאנצער פראזע, אז דער הערער, דער לייענער זאָל באנעמענ, וואָס איז דעם ריידער, דעם שרײַבער צומשטארקסטנ וויכטיק.

דאָס איז מעגלעכ צו דערלאנגענ מיט דעם טראָפּ (אקצענט), מיט שטארקער באטאָנענ (שטעלנ דעם קוועטש) אפ איינ וואָרט, אָדער איינ זאצגליד אינ זאצ־אשטייגער, אינ אזא זאצ, ווי:

„איכ פּאָר הײַנט",

קענ מענ שטעלנ דעם טראָפּ דרײַערליי. מע קענ זאָגנ (מיט דעם טראָפּ אפ דעם געשטריכלטנ וואָרט): 1) „א י כ פּאָר הײַנט", 2) „איכ פּ אָ ר הײַנט", 3) „איכ פּאָר ה ײַ נ ט", אונ יעדעס מאָל קריגנ אנ אנדער עפעקט. אינ ערשטנ פאל הייסט דאָס, אז דאָס וויכטיקסטע איז דאָ: — איכ; — איכ, ניט דו, ניט קיינ אנדערער פּאָרט; אינ

4) זע א. ז א ר ע צ ק י — „גרײַזנ אונ סטייקעס", פארלאג „קולטור־ליגע", קיִעוו 1927, ז. 40.

צווייטן פאַל הייסט דאָס: — איך פאָר, ניט איך בלײַב; אין דריטן פאַל: — היינט פאָר איך, ניט מאָרגן, ניט שפּעטער.

דאָסזעלבע קען מען דערלאַנגען מיט דער וואָרטשטעלונג, ד. ה. מיט דעם סיידער פון די ווערטער, זאַצגלידער אין זאַץ.

מע דאַרף דאָ אונטערשיידן די דירעקטע וואָרטשטעלונג: סוביעקט, דערנאָך אַנדערע זאַצגלידער (צומייסטנס דער פּרעדיקאַט, ווײַל דער פּרעדיקאַט שטייט גע־וויינטלעך אין יידיש אויפן צווייטן אָרט)[5] און די אומדירעקטע: ווען דער סוביעקט שטייט אויפן צווייטן אָדער דריטן אָרט. אין דער רויִקער, זאַכלעכער דער־ציילונג איז בײַ אַ דירעקטער וואָרטשטעלונג אַרויסגעהויבן דאָס וואָרט אָדער דער זאַצגליד, וואָס שטייט ווײַטער פון אָנהויב, וואָס נעענטער צום סאָף. אַשטייגער, אין אַזאַ זאַץ, ווי:

דער רעגן האָט שוין נאָכדעם געגאָסן אַ גאַנצע נאַכט[6].

וויל בערגעלסאָן אונדז איבערגעבן די הויפּטפאָרשטעלונג פון דויער, פון צײַט (אַ גאַנצע נאַכט). וועגן דעם, אַז ס'האָט בכלל געגאָסן אַ רעגן, רעדט ער שוין פריִער. דאָ איז אים צומוויכטיקסטן די פאָרשטעלונג פון „אַ גאַנצע נאַכט"; שטעלט ער דעמדאָזיקן זאַצטייל צום סאָף.

דעמזעלבן עפעקט קען מען דערלאַנגען אַנדערש: מע קען איבערגרופּירן די זאַצטיילן אַזוי, אַז ס'זאָל ווערן אַן אומדירעקטע וואָרטשטעלונג, און שטעלן דעם וויכטיקסטן זאַצגליד אָנהויב זאַץ. שוין די עצם אומדירעקטקייט פון דער וואָרט־שטעלונג, דאָס הייסט, — דאָס, וואָס די זאַצגלידער זײַנען גרופּירט אַנדערש, ווי מיר זײַנען דאָס געוווינט צו הערן געוויינטלעך („נאָרמאַל") אין אַ רויִקער דער־ציילונג, שוין דאָס גופא ציט מער אונדזער אויפמערקזאַמקייט צום אָנהויב. אַשטייגער, אין אַזאַ זאַץ בײַ בערגעלסאָנען אויף אַ בלעטל ווײַטער:

אויף מאָרגן האָט דער רעגן נאָך אַלץ געגאָסן.

האָט ער דערלאַנגט מיט דעם זאַצטייל „אויף מאָרגן" אָנהויב זאַץ דאָסזעלבע, וואָס מיט „אַ גאַנצע נאַכט" סאָף פריִערדיקן זאַץ: ער פיקסירט אונדזער אויפמערק־זאַמקייט אויף דער צײַט־פאָרשטעלונג. דאָס קען מען קלאָר אַרויסזען, ווען מיר זאָלן איבערגרופּירן דעם זאַץ:

דער רעגן האָט אויף מאָרגן נאָך אַלץ געגאָסן.

„אויף מאָרגן" גיט זיך דאָ ניט איבער מיט דער ווירקונגס־קראַפט, ווי פריִער, בעת די ווערטער זײַנען געשטאַנען אָנהויב זאַץ.

מע מוז זאָגן, אין אַן אומדירעקטער וואָרטשטעלונג איז דאָס קאָמפּליצירטער: דאָ האָבן מיר אייגנטלעך צוויי אַרויסהויבונגען, ניט איינע. דער געזעץ פון דעם אַרויסגעהויבענעם זאַצגליד סאָף זאַץ בלײַבט, אָבער פּאַראַלעל דערהערן מיר שטאַר־קער ווי די מיטעלע זאַצגלידער דעם אָנהויב אויך. אין בערגעלסאָנס צווייטן זאַץ זעט מען דאָס קלאָר. אָפּטמאָל וויגט איבער דער אָנהויב, אַשטייגער, אין אַזאַ זאַץ:

אַ שטיק גאָלעס איז געווען פאַר די קינדער אָט די פרומע די מויד[7].

---

5) זע א. זאַרעצקי: „צו שאָלעם־אַלייכעמס ווערטערסיידער" „די יידישע שפּראַך", 1927 № 1 זײַט 5—10.

6) ד. בערגעלסאָן: „אָפּגאַנג", אין „אייגנס" וו. פאַרלאַג „קולטור־ליגע", 1920, ז. 6.

7) שאָלעם־אַלייכעם: „פונעם יאַריד", ב. ו, „קולטור־ליגע", וואַרשע, 1923, ז. 26.

ווי אזוי אונ אינ וואָסערע פאלנ דאָס קומט פאָר, — דערפונ קענ איכ דאָ ניט רעדנ. בלויז א ווונק: דאָ האָט נאָכ צו זאָגנ דער טראָפּ, די באטאָנונג, ניט בלויז די וואָרטשטעלונג. אינ אנ אומדירעקטער וואָרטשטעלונג איז שוינ די באטאָנונג פונ א געוויסנ זאצטייל אָנהויב זאצ מעמיילע שטארקער.

דעמזעלבנ עפעקט קענ מענ דערלאנגענ נאָכ מיט אנדערע וועגנ; אשטייגער, מיט טאָפּלענ א זאצגליד:

אוי דיינ טוירע, אָט זי נעמט דאָכ צו בא דיר דעמ גאנצנ קויעכ (ממ״ס).

„זי״ איז דאָ א צווייטער סוביעקט, אינ מאטעריעלנ אינהאלט — דאָסזעלבע, וואָס „טוירע״.

אינ די יונגע יאָרנ איז ער געווענ ערגעצ א שויכעט צי א ראָוו, אָט דער איצכאָק־בער געלסאָנ).

צוויי סוביעקטנ: „ער״ אונ „איצכאָק־בער״ מאטעריעל — דאָסזעלבע.

מע כאזוערט איבער דאָס צייטוואָרט:

אָנהויבנ הויבט זיכ עס אָנ קעדערעכ האנגידימ, אונ דער אויסלאָז איז, ווי געוויינטלעכ, קעדערעכ הקאבצאָנימ (ממ״ס).

א. ד. גל׳.

ס'איז נאָכ מעגלעכ א קאָמבינאציע פונ ביידע מיטלענ: פונ וואָרטשטעלונג אונ טראָפּ (אינ דער אומדירעקטער וואָרטשטעלונג קומט דאָס פאָר צומייסטנ), אָבער דערופ קענ איכ זיכ לענגער ניט פארהאלטנ.

איכ קער זיכ אומ צו דער פראזע № 4, וואָס האָט אינ זיכ צוויי זאצנ. סע קענ מאכנ דעמ איינדרוק, אז מיט דעמ שטעלנ די „צירקוס־באאמטע״ סאָפ צווייטנ זאצ איז דער שרייבער אויסנ געווענ צו מאכנ דערפונ די הויפּטפאָרשטעלונג אינ דעמ צווייטנ זאצ, אונ אז אינ a4 פעלט דאָס. קוקט מענ זיכ אָבער מער צו צו דער גאנצער פראזע, אזוי ווערט קלאָר, אז דאָס איז א צו ווייטע האשאָרע: דעמ כראָניקער איז דאָ קנאפּ אינטערעסאנט, ווער ס'האָט געכאפּט דעמ בער; דאָ וויל ער ניט באטאָנענ דעמ אָדער יענעמ זאצטייל. דעמ צווייטנ זאצ („איידער דער בער איז געכאפּט געוואָרנ פונ די צירקוס־באאמטע״) דארפ מענ נעמענ גאנצערהייט, ווי איינ דויער־באגריפ: ביז מע האָט געכאפּט דעמ בער (זיינענ פארוונדעט געוואָרנ אנדערע זעכצנ מענטשנ) 8). דער באטייטיקער עפעקט פונ דעמ צווייטנ זאצ איז דאָ דערזעלבער, ווי אָנשטאָט דעמ זאָל שטיינ, אשטייגער: „אינ א האלבער שאָ״. בעכיינ איז פונ מיינ איבערגרופּירנ די זאצגלידער אינ דעמ זאצ גאָרנישט ניט געמינערט געוואָרנ.

וועגנ № 5 וויל איכ זאָגנ נאָכ מער: a5 גיט ריכטיקער איבער דעמ אורטערס מיינ, איידער זיינ אייגענע רעדאקציע (№ 5). דער אווטער איז דאָ גאָר ניט אויסנ צו באטאָנענ שטארקער די זאצגרופּע „אונדזערע לעזער״, וואָס ער שטעלט זי סאָפ זאצ: וועגנ די „לעזער״ האָט ער שוינ גערעדט פריער; דערדאָזיקער באגריפ איז אונדז בעכיינ באקאנט. איצט וויל ער מער באטאָנענ די נייע זאצגרופּע: „די נאטור פונ די שרייבער אינ טאָגבלאט״, וואָס אינ דער נאָטיצ איז וועגנ דעמ ביז איצט ניט גערעדט געווענ. אָבער אָנהויב זאצ, אינ א פאָרמעל־דירעקטער

8) פריער דערציילט דער שרייבער, אז דער בער האָט נאָכ צעטראָטנ א מיידעלע.

וואָרטשטעלונג, בלײַבט דידאָזיקע זאצגרופּע אומבאַטאָנט, אָדער ווײניקער באַטאָנט אקעגן דער זאצגרופּע „אונדזערע לעזער" צום סאָף זאַץ. פאַרקערט, אין a5 הערט מען דידאָזיקע זאצגרופּע שטאַרקער, ווײַל זי שטייט סאָף זאַץ.

אין № 6 איז פּאַסיוו געבויט דער בײַזאַץ „אז די אָרטאָדאָקסישע שולן" א. אז. וו. מע קען מײנען, אז דער שרײַבער וויל דאָ שטעלן מער דעם טראָפּ אף דעם זאצגליד „קעהילע", און אז אין a6 איז דאָס פאַרפעלט, ווײַל „קעהילע" שטייט דאָ אין אָנהויב. ס'איז אָבער ניט אזוי: וועגן דער קעהילע און די פּרעטענזיִעס צו דער קעהילע רעדט דער שרײַבער שוין פריִער; בעכיין איז דאָס דאָ אין זאַץ קיין נײַס ניט. נײַ איז דאָ די אקעגנשטעלונג: איין גרופּע שולן שטיצט מען יאָ, די אנדערע ניט. אין a6 איז דידאָזיקע אקעגנשטעלונג אָפענער, איידער אין 6. דער זאצגליד „קעהילע" אין 6 צעשפּאַלט די אקעגנשטעלונג. ס'קען אויסקומען אפן ערשטן קוק אזוי: די קעהילע שטיצט די אָרטאָדאָקסישע שולן, און עמעצער איגנאָרירט די ייִדישע שולן. פון קלאָרקייט וועגן וואָלט מען דאָ (בא דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע) באַדאַרפט צוגעבן צום סאָף די ווערטער „פון איר" („און נאָר די ייִדישע שולן ווערן איגנאָרירט פון איר", ד. ה. — פון דער קעהילע). דעם אײַנדרוק פון דער אקעגנשטעלונג קען מען נאָך פאַרשטאַרקן אין a6, ווען מע זאָל טאָפּלען דאָס צײַטוואָרט און צוגעבן נאָך א סוביעקט:

b6) און איגנאָרירן איגנאָרירט זי נאָר די ייִדישע שולן.

אין 6 לאָזט זיך אזוינס קלאָל ניט טון.

אין № 7 וויל דער אוטער, לויט מײַן אײַנדרוק נאָך, ארויסהויבן צוויי זאצגרופּעס: „מײַן באַקאָשע" איז „ניט אויסגעפּילט געוואָרן", די ערשטע שוואַכער, די צווייטע שטאַרקער. אין ביידע וואַריִאַנטן אין a7 פאַרנעמט די זאצגרופּע „ניט אויסגעפּילט" דאָסזעלבע אָרט אין זאַץ, וואָס אין 7, מעמיילע גיט זי דאָ דעמזעלבן עפעקט, וואָס דאָרט; אָבער „מײַן באַקאָשע" הערט מען אין ביידע וואַריִאַנטן אין 7a שטאַרקער, איידער אין 7: אין וואַריִאַנט א' דערפאַר, ווײַל „מײַן באַקאָשע" איז אָפּגערוקט ווײַטער צום סאָף צו; נאָך מער אָבער אין וואַריִאַנט ב': דאָ האָבן מיר אן אומדירעקטע וואָרטשטעלונג („מײַן באַקאָשע" איז דאָ אן אָביעקט), און אין אזא וואָרטשטעלונג הערט מען דעם אָנהויב שטאַרקער. אין 7 קען מען נאָר אָפּרוקן די גרופּע „מײַן באַקאָשע" נענטער צום אָנהייב: „מײַן באַקאָשע איז, צום באַדויערן" א. אז. וו. שטעלן זי ווײַטער ווי איצט — איז שווער.

אין № 8 שטעקט א לאָגישער אומזין: ס'קומט אויס, אז בעשאַס די רויבער זײַנען אנטלאָפן, האָבן זיי געבונדן די פרוי (צומטייל נעמט זיך דער אומזין פון דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע). כראָנאָלאָגיש, לויט דער לאָגיק פון אזא שטיקל אַרבעט, דאַרף מען זיך פאָרשטעלן די פּאַסירונג אזוי: פריִער (ניט „בעשאַס") האָבן די רויבער געבונדן די פרוי און זי ארײַנגעשלײַדערט אין א קליינע צימער (לאָמיר זאָגן: זי זאָל ניט שרײַען, ניט רופן נאָך הילף), דערנאָך האָבן זיי פאַרנומען דאָס צירונג און זײַנען אנטלאָפן. די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע ברענגט דאָ צום איבערכאַזערן דאָס וואָרט „רויבער", וואָס דאָ קלינגט דאָס פאַלש, וואָרעם די רויבער זײַנען שוין דאָ דערמאָנט. די ערשטע פּאַסיווע העלפט פראַזע גרילצט מאַמעש אין דער פאַרבינדונג מיט דער צווייטער אקטיווער העלפט. אז מע קען (ריכטיקער, —מע מוז) זאָגן: „די

רויבער האָבן צוגענומען" א. אז. וו., איז פארוואָס שוין ניט זאָגן: „די רויבער האָבן געבונדן די פרוי" א. אז. וו.? די סינטאקסישע סימעטריע בעט זיך דאָ מאמעש.

אין דעם וואריִאנט א' אין a8 האָבן מיר די פראזע 8 מיט איר לאָגישן אומזין, אָבער מיט א נאטירלעכער, אקטיווער קאָנסטרוקציע. די אומדירעקטע וואָרטשטעלונג לאָזט דאָ שטארקער באטאָנען דעם אָביעקט: „די פרוי" (אזוינס לייגט זיך אפן סייכל אין דער געגעבענער סיטואציע). אָבער מע קען, פארשטייט זיך, זאָגן פּאָשעט: „די רויבער האָבן געבונדן די פרוי", בלײַבט דאָ „די פרוי" שוואכער באטאָנט.

אין וואריִאנט ב' איז שוין געגעבן א נאָרמאלע אקטיווע קאָנסטרוקציע אין דעם לאָגיש־כראָנאָלאָגישן סיידער, ווי אזוי די מײַסע האָט געקענט פאסירן.

אין № 9 איז „פ.פּ.ס." און „זיי" געמיינט איינס און דאָסזעלבע; „זיי" גייט דאָ אפ „פ.פּ.ס.", וואָס דער שרײַבער דערמאָנט פריִער. אָבער מיט דער פאסיווער קאָנסטרוקציע האָט מען באוויזן א קונץ דאָס צו פארטונקלען. ווער איז דאָ דער „זיי", וואָס האלט ניט פון די פּ.פּ.ס'ישע כאלוימעס? דער שרײַבער (אָדער איבער־זעצער) האָט געפרווט ראטעווען די סיטואציע און צוגעגעבן דאָס וואָרט „אליינ" („זיי אליינ"); דאָס בעסערט אביסל די מאראָכע פון דעם לעפישן זאץ, אָבער ניט גאָר. בעסער וואָלט שוין געווען איבערצוכאזערן דאָס וואָרט „פּ.פּ.ס.", איידער צו שרייבן „זיי".

אין וואריִאנט א' אין a9 האָבן מיר דעם זאץ 9 מיט זײַן גאָרער אומקלאָרקייט, אָבער מיט א פרײַער אקטיווער קאָנסטרוקציע. אין וואריִאנט ב' האָבן מיר א קלאָרן, לאָגישן זאץ. דער לאָגישער סוביעקט, די פּ.פּ.ס., איז דאָ אויך דער גראמאטישער סוביעקט, ניט דער האלב־אנאָנימער „זיי". דער אטריבוט „זייערע" ווײַזט קלאָר, וועמעס לופטשלעסער דאָ איז געמיינט. די זאצגרופּע „ניט ערנסט גענומען" שטייט דאָ אפ דעמזעלבן אָרט, וואָס אין 9.

אין № 10 איז קלאָר (דערהויפּט לויט דעם קאָנטעקסט, וואָס איך קען אים דאָ ניט ברענגען), אז מע וויל דאָ שטארקער באטאָנען די זאצגרופּעס „דעם נײַעם קאָלעקטיווג באלעבאָס" און „דעם באוווסטזיניקן געזעלש. קלאס". אין דעם וואריִאנט א' אין a10 שטייען דידאָזיקע זאצגרופּעס אפ דעמזעלבן אָרט, ד. ה. סאָף זאצ, דער־פאר האָבן מיר דאָ אנ אומדירעקטע וואָרטשטעלונג (פריִער דער אָביעקט: דער סוביעקט שטייט גאָר צום סאָף, אפן דריטן אָרט); דאָס זעט דאָ אויס אביסל צַנ־געצויגן. אין וואריִאנט ב' שטייען דידאָזיקע צוויי סוביעקט־גרופּעס אין אָנהויב, מעמיילע קלינגט דער זאצ נאַטירלעכער, פרײַער. די באטאָנונג גיט דאָ דער ארײַנ־געבראכטער נײַער זאצגליד „ער" (אָדער: „דער")[9].

אין № 10 איז נאָך אינטערעסאנט דאָס הילפוואָרט (פּרעפּאָזיציע) „מיצאד" (אָנשטאָט „דורך" אָדער „פונ", ווי מע שרײַבט געוויינטלעך), דאָס דארף דאָ פארקניפּן דעם אָביעקט („נײַעם קאָלעקטיוונ באלעבאָס") מיט דעם פּרעדיקאט („ווערט גע־געבנ"). אויבנוף קען דערדאָזיקער „מיצאד" אביסל מאסקירן די עמעסע פּאָזיציע פונ

---

9) אזא באטאָנונג-מיטל געפינענ מיר אין דער פרעסע אויב: „דער בריטישער אימפּעריִאליזם—ע ר איז דער הויפּטסוינע פונ דער ארבעטנדיקער יוגנט" (צ.).

בײַשפּילנ פונ ממ"ס און בערגעלסאָנענ האָב איך שוין געבראכט פריִער, ז. 44.

דעם אָביעקט, קלאָמערשט איז דאָ קאָפּירט דאָס רוסישע со стороны нового... хозяина ניט דער רוסישער „טוואָריטעלני פּאַדעזש”: новым... хозяином. מאַכט מענ אָבער פונ דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע אנ אַקטיווע, — אַזוי ווערט די זאַכ קלאָר: ס'איז דאָ, ווי געוויינטלעכ אינ פּאַסיווע זאַצנ, אַלצ איבערגעקערט מיטנ קאָפּ אַראָפּ: דער לאָגישער סוביעקט (דער באַלעבאָס, קלאַס) איז דאָ געוואָרנ אנ אָביעקט, נאָר מיט א קונצ.

№ 11 איז געבויט פונקט אַזוי ווי № 10, אונ מ'איז דאָ אויסנ צו באַטאָנענ דעם זאַצגליד „לענינ”. אינ וואַריאַנט א' אינ a11 האָבנ מיר אויכ „לענינ” צומ סאָפּ פראַזע אינ אנ אַקטיווער קאָנסטרוקציע. איבער דער אומדירעקטער וואָרטשטעלונג אונ איבער דער אָנגעצויגנקייט פונ דער פראַזע מוז מענ דאָ אַריינפירנ דאָס אָביעקט-וואָרט „דאָס”, וואָס שאַפט א פויזע אינ דער פראַזע אונ מאַכט זי לייכטער. די פראַזע זעט אָבער דאָכ אויס אַביסל אָנגעצויגנ. גלאַטער וואָלט געווענ איבערוקנ אַביסל דאָס וואָרט „לענינ” אַפּ צוריק אונ זאָגנ: „דאָס האָט לענינ שטענדיק א.אז.וו. אָבער דעמלט וואָלט „לענינ” געווענ שוואַכער באַטאָנט. אינ וואַריאַנט ב' האָבנ מיר א דירעקטע וואָרטשטעלונג (דער סוביעקט „לענינ” שטייט אינ אָנהויב); די פראַזע קענ מענ אַרויסזאָגנ פרייער, ניט אָנגעשטרענגט דעם אָטעם; די באַטאָנונג קריגנ מיר אַרויס דורכ דעם צוגעגעבענעם וואָרט „נאָכ” („לענינ נאָכ האָט שטענדיק” א. אז. וו.).

דאָסזעלבע בילד, וואָס אינ 10 אונ 11, האָבנ מיר אינ № 12. ניי איז דאָס הילפוואָרט „מיט”, וואָס וויל נאָכ מער קאָפּירנ דעם רוסישנ „טוואָריטעלני” אונ קלינגט נאָכ אַסאַכ ערגער, איידער „דורכ” אונ „פונ” (דערפאַר טרעפט זיכ דאָס־דאָזיקע הילפוואָרט זעלטענער אויכ).

אינ וואַריאַנט א' אינ a12 האָבנ מיר די זאַצגרופּע „די איצטיקע ניט־נאָרמאַלע לאַגע” צומ סאָפּ זאַצ, אַזויווי אינ 12. דער פּאַרטיציפּ „אַרויסגערופנ” אינ אָנהויב, וואָס צו אימ ציט די זאַצגרופּע „די אויסאַרבעטונג פונ דעמדאָזיקנ פּראָעקט”, ווייזט, אַז דידאָזיקע גרופּע איז דאָ אנ אָביעקט, אונ „די איצטיקע ניט־נאָרמאַלע לאַגע” איז דער סוביעקט, ניט פאַרקערט[10]). מאַכמעס דער אומדירעקטער וואָרטשטעלונג איז דאָ באַטאָנט דאָס וואָרט „אַרויסגערופנ” אויכ, — א זאַכ, וואָס אינ דער פּאַסיווער זאַצקאָנסטרוקציע לאָזט זיכ דאָס שווער דערלאַנגענ. אָבער די אומדירעקטע וואָרטשטעלונג שאַפט דאָ א געוויסע אָנגעצויגנקייט.

אינ וואַריאַנט ב' לייענט זיכ שוינ דער זאַצ פריי, מאַכמעס דער דירעקטער וואָרטשטעלונג. דער וואַריאַנט איז געבויט נאָכ דערזעלבער סכעמע נאָכ, וואָס דער וואַריאַנט ב' אינ a10.

נאָכ נאַטירלעכער, פּאָשעטער איז דער וואַריאַנט ג', אָבער דאָ איז שוינ אופּגעטונ א נייס: דאָ שטייט דאָס וואָרט „געבראַכט”, אָנשטאָט דעם וואָרט „אַרויס־

10) קלאָר קענ מענ אַרויסזענ די סינטאַקסישע קוואַליטעט פונ די צוויי זאַצגרופּעס אינ איצטיקנ זאַצ, ווענ מע גרופּירט אים איבער אַזוי:

„די אויסאַרבעטונג פונ דעמדאָזיקנ פּראָעקט האָט אַרויסגערופנ די איצטיקע ניט נאָרמאַלע לאַגע”.

דאָ קענ מענ שוינ די זאַצגרופּע „די אויסאַרבעטונג פונ דעמדאָזיקנ פּראָעקט” האַלטנ פאַר דעם סוביעקט.

גערופן״ אין דער פּאסיווער קאָנסטרוקציע (כאָטש לויט דעם זין נאָך זיינען די צוויי ציַיטווערטער ניט אַזוי ווייַט איינס פון אנדערן). ביז איצט האָבן מיר אַזוינס אויסגעמיטן אין דער אקטיווער רעדאקציע; מיר האָבן גענוצט דעמזעלבן באַטיַיטיקן וואָרט־מאטעריאל, בלויז איבערגרופּירט.

די לעצטע פראזע № 13, האָט אין זיך דריַי נייַע קונצשטיק מיטאמאָל. ערשטנס: דער זאצגליד „די וואָיטסטוועס״ איז דאָ קאָמבינירט מיט אַזאַ ציַיטוואָרט ווי „הויבן אָן״. „הויבן אָן״ איז אן אקטיוו ציַיטוואָרט, סע קען זייַן אקטיוו, אשטייגער, אין אַזוינע קאָמבינאציִעס ווי: „אָנהויבן א ברויט״, „ער הויבט אָן א נייַ בלעטל געשיכטע״ א. ד. גל. בעכיין, אז איר לייענט: „די וואָיטסטוועס הויבן אָן״, איז קומט אויס אפן ערשטן קוק, אז „די וואָיטסטוועס״ טוען עפּעס, באַוויַיזן אקטיווקייט. „די וואָיטסטוועס״ איז אָבער א לאָגישער אָביעקט, דאָס הייסט אַזאַ זאצגליד אין זאץ, וואָס איז בעעצעם פּאסיוו, וואָס נעמט אָפּ זיך ארויף יענעמס (דעם סוביעקטס) טועכץ, ניט ער גופא טוט עפּעס. די גראמאטישע קאָנסטרוקציע פון דעם זאץ, די פּאסיווע קאָנסטרוקציע, האָט דאָ אויפגעטון א קונץ, וואָס זי האָט געמאכט פון א לאָגישן אָביעקט א גראמאטישן סוביעקט, אָבער קיין גראמאטיק קען ניט אָפּשאפן קיין לאָגיק, דעם נאטירלעכן מענטשנפארשטאנד. די ווערטער „הויבן אָן״ זייַנען אָבער צונויפגעשפּאנט אין איין זאצגרופּע (פּרעדיקאט) מיט „אויפגעקויפט ווערן״ („הויבן אָן אויפגעקויפט ווערן״). אָבער „אויפגעקויפט ווערן״ איז שוין א פּאסיווע פאָרמע. דאָס הייסט אַזוי: נאָכדעם, ווי דער שטענדיקער ניכנע, דער לאָגישער אָביעקט, האָט, ווי דורך א שפּרוך, געקריגן פליגל, איז געוואָרן שטארק אקטיוו („די וואָיטסטוועס הויבן אָן״) גיט ער מיטאמאָל א פּראל צוריק אין ניכנעקייט, אין געבונדנקייט ארייַן. ניט ער „הויבט אָן״ עפּעס צו טון, נאָר מ י ט אים טוט מען עפּעס (מע קויפט אים אויף). צונויפשפּאנען אין איין פּרעדיקאט־גרופּע אקטיווקייט און פּאסיווקייט, — דאָס איז בעעמעס א קונץ. זאָגן: „הויבן אָן אויפגעקויפט ווערן״ איז פּונקט אַזאַ פּאָקוס, איז אַזאַ גראמאטישע אקראָבאטיק, ווי פארקערט איז נאטירלעך לאָגיש צו זאָגן: „הויבן אָן אויפצוקויפן״, ווי נאטירלעך ס׳שטייט אין דעמזעלבן הייליקמאנס טעקסט אין א פריִערדיקן זאץ: „הויבן אָן צו פארלירן״ (נאטירלעך, — ווייַל ס׳איז צונויפגעשפּאנט צוויי אקטיווע ציַיטווערטער).

צווייטנס: אויב די זאצגרופּע „די אייגנטימער פון די שטעט״ שטייט צום סאָף זאץ, איז דערמיט גופא איז זי שוין באַטאָנט שטארקער ווי אנדערע גרופּעס. דער קאָנטעקסט וויַיזט אָבער קלאָר, אז דידאָזיקע זאצגרופּע איז דאָ ניט די וויכטיקסטע. פון וואָס רעדט זיך דאָ? דאָ איז געבראכט א פּאראלעל צווישן די וואָיטסטוועס און סאָלטיסטוועס: מע האָט אויפגעקויפט די סאָלטיסטוועס, מע הויבט אָן אויפצוקויפן די וואָיטסטוועס אויך. ווער ס׳קויפט זיי אויף, — דאָס איז דאָ א בייַזאך. אַזויווי פון די סאָלטיסטוועס האָט שוין דער שריַיבער גערעדט פריִער, הייסט דאָס, אז אין איצטיקן זאץ איז אים דאָס וויכטיקסטע די וואָ י ט ס ט וו ע ס. הייסט דאָס, אז מיר האָבן דאָ א פאלשע וואָרטשטעלונג; צום סאָף דארף זייַן: „די „וואָיטסטוועס״, ניט: „די אייגנטימער פון די „שטעט״. דער שריַיבער קען זיך אָבער שווערלעך ארויסהעלפן איבער דער פּאסיווער קאָנסטרוקציע.

דריטנס: אין זאצ שטעקט דאָ נאָך א זאכלעכער דעפעקט. ס'קומט אויס, אז די אייגנטימער פון די שטעט קויפן אוף סײַ די וואָיטסטוועס, סײַ די סאָלטיסטוועס. דאָס מיינט דער שרײַבער געוויס ניט צו זאָגן. וואָרעמ פאר א פאָר זאצן פריער זאָגט ער, אז די ערדבאזיצער קויפן אוף די סאָלטיסטוועס [11]. ריכטיקער זעט מיר אויס צו זײַן די האשאָרע, אז אין דער זאצגרופע „פונקט ווי די סאָלטיסטוועס" איז בא אים ניט דערזאָגט א שטיק אינהאלט. מיינען מיינט ער צו זאָגן אזוי: „פונקט ווי די סאָלטיסטוועס ווערן אופגעקויפט דורך די ערדבאזיצער, אזוי הויבן אָן די וואָיטסטוועס א. אז. וו."

אין דער פאסיווער זאצקאָנסטרוקציע, וואָס הויבט זיך אָן מיט „די וואָיטסטוועס", האָט ער זיך ניט געקענט אויסדרייען, האָט ער געגעבן בלויז א ווונק, געמיינט דערבײַ, אז דער לייענער וועט זיך שוין אָנשטויסן, וואָס דער שרײַבער מיינט, ווײַל ס'שטייט דאָך שוין פריער, וואָס מיט די סאָלטיסטוועס איז געשען, ווער ס'האָט זיי אופגעקויפט. מע טאָר אָבער ניט שרײַבן אזוי, אז מע זאָל זיך דארפן אָנשטויסן, דרינגען: ס'איז ניט קיין שטיקל מארשאָ!

אז די גאנצע צאָרע נעמט זיך דאָ פון דער פאסיווער זאצקאָנסטרוקציע, — דאָס איז קלאָר. מיר זעען דאָס אין ווארי͏אַנט א' אין a13. ווען דער אווטער זאָל געוועןן בויען אזא אקטיווע קאָנסטרוקציע, ווי אין ווארי͏אַנט א', וואָלט ער באלד דערזען דעם כיסאָרן: דאָ איז קלאָר, אז די אייגנטימער פון די שטעט קויפן אוף ביידע זאכן: סײַ די וואָיטסטוועס, סײַ די סאָלטיסטוועס; אנדערש טײַטשן לאָזט זיך דאָס ניט.

אין ווארי͏אַנט א' האָבן מיר בעכיינ דעמזעלבן כיסאָרן (נאָך שארפער), וואָס אין № 13; די מײַלע איז, וואָס דאָ האָבן מיר אן אקטיווע קאָנסטרוקציע, וואָס לייענט זיך פרײַ, און וואָס דאָ איז דער זאצגליד „די וואָיטסטוועס" דאָך שטארקער באטאָנט, איידער „די אייגנטימער".

אין ווארי͏אַנט ב' האָבן מיר דיזעלבע קאָנסטרוקציע, וואָס אין א', אָבער דאָ זײַנען צוגעקומען נײַע ווערטער: „מע קויפט אוף" (די ערדבאזיצער קויפן אוף). דער צוועק פונעם צוגאָב איז דאָ קלאָר: באזײַטיקן דעם זאכלעכן כיסאָרן פון דעם זאצ, מע זאָל זען מיט א ווונק (מע), אָדער קלאָר (די ערדבאזיצער), אז ניט די אייגנטימער פון די שטעט קויפן אוף די סאָלטיסטוועס.

איך וויל זיך דאָ נאָך אומקערן צוריק צו אייניקע פראזעס. דאָ איז שוין דערמאָנט געוועןן, אז קעדיי איבערצוקערן אין דער פאסיווער זאצקאָנסטרוקציע דעם לאָגישן סוביעקט פאר אן אָביעקט, מוז מען שאפן א נײַע פאָרמע, וואָס ייִדיש פארמאָגט זי ניט,—א פאָרמע, וואָס זאָל נאָכמאכן דעם רוסישן „טוואָריטעלני" (וואָרעם פון רוסיש איז דידאָזיקע פאָרמע גענומען), ווען ער שטייט אָן א הילפוואָרט. צו דעם צוועק פירט מען אַרײַן אין זאצ א הילפוואָרט, וואָס ציט נאָך זיך א דאטיוו („דורך דעם סעקרעטאר"). אזוינע הילפווערטער זעען מיר דאָ גאנצע פיר: „דורך", „פון", „מיצאד", „מיט". די פאָפּולערסטע זײַנען די ערשטע צוויי. די

11) איך מוז דאָ האלטן, אז דער אווטער האָט א געוויסע טערמינאָלאָגיע, און אז „ערדבאזיצער" און „אייגנטימער פון שטעט" איז ניט איינס און דאָסזעלבע; כאָטש געוויסע קאָנקרעטע מאגנאטן קענען זײַן סײַ דאָס, סײַ יענץ.

לעצטע צוויי טרעפט מען זעלטענער, כאָטש „מיצאד" קלינגט דאָ בעסער (פון די אַלע צען מאַקעס); ס'שאַפט א אילוזיע, אז דאָ איז געמיינט דאָס רוסישע со стороны מיט א געניטיוו פון דעם זאכוואָרט, ניט דער ריינער „טוואָריטעלני" פון דעם זאכוואָרט (אגעוו, מאכמעס דעמ קען מען ניט אומעטום ניצן דעם „מיצאד"). אָבער „פון" און „דורכ" נוצט מען אין יִידיש קוירעמקאָל פאַר אַנדערע צוועקן: „פון" דינט אַפּ איבערצוגעבן דעם געניטיוו; „פון" איז אָפּטמאָל דאָסזעלבע, וואָס די רוסישע הילפווערטער о, от, из, с. „דורכ" דינט אזוי ווי אין רוסישן через, צו באַצייכענען דערמיט א געצייַג, א מיטל; אשטייגער, אין אזא זאַץ:

עס איז דאָ א גרויסער טייל מענטשן, וואָס קענען בא אייַך אַנדערש ניט לעבן, גאָר דורכ צו־בויפירן שידוכים (ממ"ס);

מיר האָבן... געשאָסן לאַרקיפּאַרידזען... און געשאָסן — דורכ דיר (גאָרינער).

צו באַצייכענען א סיבע; אשטייגער, אין אזא זאַץ:

...„ארויסצושלעפּן (יידן) פון דעם פאַרקאָוועטן צושטאַנד, וואָס די מיסנאַגדים זייַנען געבליבן אין אים עטלעכע הונדערט יאָר דורכ די צאָרעס, וואָס זיי האָבן איבערגעטראָגן (לינעצקי).

דידאַקטיש פונקציעס פון די הילפווערטער „דורכ" און „פון" ברענגען אָפּטמאָל צו אומקלאָרקייטן, צו פאַרשידענע אויסטייַטשן אין דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע. נעמען מיר די פראַזע 2: „ערשטנס איז דאָס געזאָגט געוואָרן פון א מענטש". דאָ איז געמיינט: это сказано человеком (דאָס האָט געזאָגט א מענטש), אָבער מע קען דאָס טייַטשן אַנדערש אויך: это сказано о человеке — דאָס איז געזאָגט וועגן א מענטשן. זאַץ 7:

....איז מייַן באַקאָשע דורכן סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע ניט אויסגעפילט געוואָרן.

דאָ איז געמיינט: моя просьба секретарем редакции не исполнена (דער סעקרעטאַר האָט מייַן באַקאָשע ניט אויסגעפירט). מע קען דאָס אָבער טייַטשן אַנדערש אויך: через секретаря редакции — מע האָט ניט אויסגעפירט די באַקאָשע, וואָס איבערגעגעבן האָב איך זי (עמעצן) דורכ דעם סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע. דער סעקרעטאַר איז דאָ דער פאַרמיטלער, ניט דער, וואָס האָט באַדאַרפט אויספירן די באַקאָשע.

אין № 3 איז ניט קלאָר, אַפּ וואָס גייט דאָס וואָרט. „אירע"; וועמעס בייַסטע שאַפונגען וועלן „געשטעלט ווערן?" אין דער אקטיווער קאָנסטרוקציע ציט דאָס וואָרט „אירע" צו דער „סטודיע"; דאָ איז דאָס געמיינט אזוי גוט, ווי: אירע אייגענע שאַפונגען (דאָ קען דאָס נאָכ אויך אמאָל געווענדט זייַן אין דעם, וואָס פאַר א זאַץ ס'שטייט פריִער). אָבער אין דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע ציט „אירע" לאַכלוטן ניט צו דער „סטודיע". מע קען זיך אָנשטויסן, אז „אירע" איז געמיינט דער סטודיעס. ס'איז אָבער ניט קיין מוז; און ס'וועט גאָר קיין ווונדער ניט זייַן, ווען א ווייניקער־געניטער לייענער וועט זוכן און פרעגן: וועמעס שאַפונגען וועלן „געשטעלט ווערן?"

אין № 1 איז די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע אין דעם צווייטן זאַץ די אומגעריכטסטע, — לויט דער סיטואַציע נאָכ אין טעקסט, — פון אַלע 13 פּאַסיווע זאַצן. ס'איז זיך שווער פאָרצושטעלן, ווי אזוי דער שרייַבער איז געקומען דערצו, וואָס

האָט ער זיך געטראכט דערבײַ. קעדיי דאָס קלאָרער צו מאכן, לאָמיר דאָ ברענגען אזא טעקסט מיט איין פאסיוון זאץ אינדערמיט:

*14) די אָרעמע אגונע, דאָבע, ־װערט מעשוגע. לייע, די אלטע מויד מיטן גרויסן בעהיימישן פּאָנעם, װארפט ארײַן איר אויפּעלע אין א שמוצפּעסל. די עלנטע טויבע װערט פון לענדלאָרד (באַלעבאָס) ארויסגעװאָרפן פון דירע מיט פּאָליציי־געװאלט. די 16 יאָריקע דאָרע... קײַקלט זיך צום אָפּגרונט (צ.).

דאָ האָבן מיר 4 זאצן; די ערשטע צוויי און דער פערטער זײַנען אקטיװ, דער דריטער אינדערמיט איז פאסיװ. די פאסיװע קאָנסטרוקציע איז דאָ ניט בעסער איידער ערגעץ אנדערש־װו; מע קען זייער גוט זאָגן:

a14) די עלנטע טויבע װארפט דער לענלאָרד ארויס פון דירע מיט פּאָליציי־געװאלט.

(מע קען דערבײַ ניט מיינען, אז טויבע װארפט ארויס דעם באלעבאָס, אניט װאָלט געשטאנען: „דעם באלעבאָס", ניט: „דער באלעבאָס"). אז מע זאָל נאָך צוגעבן א פּאָר װערטער און זאָגן אשטייגער, אזוי:

b14) די עלנטע טויבע בלײַבט אָן א דאך (װי אפּן װאסער): דער לענדלאָרד װארפט זי ארויס א. אז. װ.

איז דאָך שוין געװיס קלאָר. מיר האָבן דעמלט אן אקטיװע קאָנסטרוקציע; די צעצעם־באשרײַבונג האָט, אגעװ, אויך עפּעס געװוּנען: טויבעס לאגע איז כאראקטעריזירט עטװאָס שארפער.

איז דאָ די פאסיװע קאָנסטרוקציע שלעכט, אומנויטיק, אָבער מיר זעען, פונװאַנען זי נעמט זיך. דער אװטער הויבט אָן די ערשטע צוויי זאצן מיט די נעמען פון די העלדנס, און ס'גייט גאנץ גלאט: אין ביידע זאצן זײַנען די העלדנס די סוביעקטן פון דער האנדלונג (אָדער פון א צושטאנד, — אין 1־טן זאץ) און די גראמאטישע סוביעקטן אויך (װײַל ס'איז אקטיװע קאָנסטרוקציעס). די סטיליסטישע סימעטריע טרײַבט שוין אינסטינקטיװ דעם שרײַבער ער זאָל אָנהויבן דעם דריטן זאץ אויך מיט דער העלדן (די עלנטע טויבע). ס'װאָלט בעעמעס געװען סטיליסטיש פאלש, אין דעם געגעבענעם טעקסט, אָנצוהויבן דעם זאץ: „דער לענדלאָרד װארפט ארויס" א. א. װ. אָבער דאָ, אין דעם דריטן זאץ, איז די העלדן אן אָביעקט פון דער האנדלונג (דעם לענדלאָרדס), ניט קיין סוביעקט. דער שרײַבער מוז אָבער אָנהויבן דעם זאץ מיט דער העלדן; דעם װאריאנט a14 פון אן אקטיװער קאָנסטרוקציע שטעלט ער זיך שלעכט פאָר. אפ דעם װאריאנט b14 דארף מען שוין א קלער טון. אקעגן איז די פאסיװע קאָנסטרוקציע פאראן גרייט צו דער האנט, אזוי װי א שטאמפּ אפ דעם טיש, מע איז געװוינט צו איר אין אלע צײַטונגען; קלערט מען ניט קיין סאך און מע שטעלט דעם שטאמפּ און מע גייט װײַטער. דער פערטער זאץ איז שוין װידער גלאט; ארויס פון דעם קלעם.

אָבער װי אזוי קומט דער שרײַבער פון דער פראזע 1 צו דער פאסיװער קאָנסטרוקציע? פון װאָס האנדלט זיך דאָ? דער געדאנק איז —, אז 1) געװיסע אָרגאניזאציעס האָבן עפּעס צוגעזאָגט, און 2) זיי האָבן דאָס ניט געטון. פארװאָס קען מען דאָס ניט זאָגן פּראָסט: זיי האָבן ניט געטון? קיין אנדער פאקטער, כוץ „זיי" — (די אָרגאניזאציעס), איז אין דעם זאץ דאָך מעמיילע ניטאָ (אין № 14 קומט נאָך צו

דער לענדלאָרד, כוץ דער העלדנ „טויבע“). די סטיליסטישע סימעטריע ווידער האָט מאמעש באדארפט האלטנ דעמ שרײַבער פאר דער האנט, אז די האנט זאָל זיכ בא אימ ניט הויבנ צו מאכנ א פאסיווע זאצ. אינסטינקטיוו, ניט געקלערט, האָט ער באדארפט שרײַבנ: „נאָר דערווײַל האָבנ זיי אינ דעמ זינענ גאָרניט געטונ“ וואָרעמ אזוי, מיט אנ אקטיווער קאָנסטרוקציע, הויבט ער דאָכ אָנ די פראזע („די אויסלענדישע אָרגאניזאציעס האָבנ“ א. אז. וו.)! פונוואנענ־זשע נעמט זיכ אזא סטיליסטישע קונצ, אזא מינ מיטנ־קאָפ־אראָפ?

די קונצ, וואָס האָט דאָ קיינ פארענטפער ניט, איז זייער א שלעכטער סימענ (דעריבער האָב איכ זיכ אזוי לאנג אפ דעמ פארהאלטנ!). דאָס ווײַזט אונדז, ווי אזוי די פאסיווע זאצקאָנסטרוקציע, וואָס ערשט נעכטנ האָבנ מיר זי גענומענ פונ אנ אנדער שפראכ, האָט זיכ שוינ אזוי אײַנגעגעסנ, אז מע קענ שוינ אנדערש נישט. אונ עפשער קענ מענ, נאָר מע וויל ניט[12]). אייניקע פענ־מענטשנ זעט, מיסטאָמע, די פאסיווע קאָנסטרוקציע אויס „אינטעליגענטער“, ליטערארישער. „זיי האָבנ ניט געטונ“ — דאָס איז שוינ עפעס „צו פראָסט“, צו וואָכעדיק! אז א „אינטעליגענטער“ שרײַבער וואָלט זיכ מיסטאָמע ניט ווייניק געוווּנדערט, ער זאָל הערנ, אז מענדעלע, שאָלעמ־אליײכעמ, בערגעלסאָנ א. אנד. שרײַבנ „פראָסט“, באגייענ זיכ קימאט אָנ פאסיווע קאָנסטרוקציִעס. דערפונ וועל איכ נאָכ רעדנ ספעציִעל; דערווײַל וועגג אנ אנדער זאכ,—וועגנ קיצער. מע זאָגט בא אונדז געוויינטלעכ, אז אזוינע גראמאטיש־אײַנגעשנורעוועטע קאָנסטרוקציִעס זײַנענ שפאָרעוודיקער, זיי פארשפאָרנ אונדז איבעריקע ווערטער. די פרײַע, אקטיווע קאָנסטרוקציע איז צו בארעדעוודיק. ס'איז א טאָעס, מע האָט פאָשעט דעמ כעשבנ ניט געמאכט! אינ די אלע פערצנ פראזעס, וואָס איכ ברענג, איז די אקטיווע קאָנסטרוקציע קירצער פאר דער פאסיווער, כוץ אינ צוויי פאלנ, אינ ווארִיאנט ב' אינ a13 אונ אינ b14, אונ ס'איז קלאָר, פארוואָס דאָ איז די אקטיווע קאָנסטרוקציע לענגער: אינ ביידע פאלנ האָב איכ פארמערט דעמ אינהאלט פונ דעמ זאצ. ווענ מע זאָל דעמזעלבנ צוגאָב־אינהאלט איבערגעבנ מיט א פאסיווער קאָנסטרוקציע, וואָלט די אקטיווע קאָנסטרוקציע ווידער געווענ קירצער. קירצער איז די אקטיווע קאָנסטרוקציע אינ אונדזערע 14 פראזעס ווייניקסטנס אפ 3 טראפנ, אָדער 9 אויסיִעס (№ 1, 7); דער ווארִיאנט ב' אינ a8 איז שוינ קירצער אפ גאנצע 11 טראפנ, אָדער 30 אויסיִעס, אונ ס'איז קלאָר פארוואָס: מיר האָבנ דאָ אומעטומ „האָט“ „ווערט“ אָנשטאָט „איז... געוואָרנ פונ“, „ווערט... ווערנ דורכ“ א. אז. וו.

אזוי האלט דאָס מיט דער קורצקייט! מע דארפ נאָכ דערבײַ אינזינענ האָבנ, אז די אקטיווע קאָנסטרוקציִעס האָב איכ דאָ מיט א קיוונ געבויט מיט דעמזעלבנ

---

12) א מוסטער פונ קענענ אונ ניט וועלנ: א צײַטונג־מענטש שרײַבט אופ א קאָפ:

* 15. „ווילנער „טאָג“ געסטראשעט פונ יִדישנ שאָוויניסט פאר שטעלונג קעגנ ציִאָניזמ אונ קעגנ זשאבאָטינסקינ“ (צ.).

אונ באלד דערופ גיט ער אזא אונטערקעפל:

* „ציִאָניסטישער שאָוויניסט סטראשעט „ווילנער טאָג“ פאר אטאקירנ זשאבאָטינסקינ אונ ציִאָניזמ“.

אליינ דערפילט, ווי לעפיש דער זאצ 15 איז?

באַטײַטיקן װאָרטמאַטעריאַל, װאָס אין די פּאַסיװע קאָנסטרוקציִעס, בלויז איבערגרופּירט. דאָס איז אָבער גאָרניט קיין מוז; מע קען שרײַבן אַנדערש אויך! ס'איז גאָרניט קיין נויט צו זאָגן אין № a1:

נאָר דערװײַל האָבן זיי אין דעם זין גאָר ניט געטון.

די מײַסע איז, װאָס דער שטאַמפּ פון דער פּאַסיװער קאָנסטרוקציע איז ניט דער איינציקער באַ אייניקע צײַטונג־מענטשן, — זיי פאַרמאָגן נאָך אַנדערע שטאַמפּן אויך. אין № 1 איז פאַראַן נאָך אַ שטאַמפּ, אַן אָפּגעריִעדטער אויסדרוק: „אין דעם זין". מע קען אַרויסוואַרפן דעמדאָזיקן שטאַמפּ און שרײַבן פּאָשעט:

„נאָר דערװײַל איז פון זיי גאָר ניט געטון געװאָרן" (דערװײַל האָבן זיי גאָרניט געטון).

גייען מיר אוועק פון דידאָזיקע צוויי שטאַמפּן, אַזוי בינדן זיך באַ אונדז אויף די הענט, מיר קריגן פרײַ אַרויסצוזאָגן אונדזער געדאַנק אין די פאַרשידנסטע װעגן מיט פאַרשידענע מיינען: פּאָשעט דערציילט דעם פאַקט, איראָניש, מיט אַ שטאָך א. אז. וו.

b1, א) נאָר דערװײַל האָבן זיי דאָס ניט געטון (טוען זיי דאָס ניט).
... ב) נאָר דערװײַל האָבן זיי דאָס נאָך אַפילע ניט אָנגעהויבן צו טון.
... ג) נאָר דערװײַל זעט מען דאָס (עפּעס) ניט.
... ד) נאָר באַם צוזאָגן איז דאָס דערװײַל געבליבן.
... ה) נאָר זיי כאַפּן זיך ניט.
... ו) נאָר זיי האָבן נאָך צײַט. א. אז. וו.

מע מוז אָבער זאָגן: דער שטאַמפּ „אין דעם זין" איז דאָ ניט דער ערגסטער. אין אַנדערע אַזױנע פאַלן קען מען טרעפן די שטאַמפּן: „אויף (אין) דעם געביט", „אויף דעמדאָזיקן באָדן". דערפון װעט מיר נאָך אויסקומען צו רעדן באַ אַן אַנדער געלעגנהײַט.

אין № 12 פאָרט דער שרײַבער די פּאַסיװע קאָנסטרוקציע מיט אַ שטאַמפּ פון דעם פריִערדיקן טיפּ („אַרויסרופן", „אַרויסגערופן געװאָרן") און מיט אַ נײַעם טיפּ שטאַמפּ: אַ זאַכוואָרט („די אויסאַרבעטונג") אָנשטאָט אַ צײַטוואָרט („אויסאַרבעטן"). אין אַ פריִערדיקן זאַץ דערציילט דער שרײַבער פּאָשעט און קלאָר: איינער אַ פאָלקס־קאָמיסאַריִאַט האָט

אויסגעאַרבעט און פאַרעפנטלעכט צום באַהאַנדלען אַ ריי פאָרשלאָגן װעגן ענדערן די רעכט און די פליכטן פון די אָרטיקע סאָװעטישע אָרגאַנען.

װאָלט ער געקענט װײַטער זאָגן (אונדזער זאַץ № 12):

b12) אַזאַ פּראָעקט האָט מען באַדאַרפט אויסאַרבעטן מאַכמעס (איבער) דער איצטיקער ניט־נאָרמאַלער לאַגע.

(„מאַכמעס" און „איבער" גיבן אַזוי גוט איבער די סיבע פון עפּעס, װי דער אויסדרוק: „איז אַרויסגערופן געװאָרן פון").

c12) צו דעם פּראָעקט האָט געבראַכט די איצטיקע ניט־נאָרמאַלע לאַגע (זע וואַריִאַנט ג' אין a12).

d12) דער פּראָעקט נעמט זיך פון דער איצטיקער ניט־נאָרמאַלער לאַגע.

ער וואָלט געקענט פארשפּאָרן צו רעדן וועגן דער „אויסארבעטונג פון דעמדאָ־זיקן פּראָעקט״, ווייַל בעצעמ שטייט דאָך דאָס שוין אין פּריִרדיקן זאַץ, און בלויז אָנגעבן דעם מאָטיוו:

e12) ווייַל די איצטיקע לאגע פון דידאָזיקע אָרגאנען איז (האלט מען פאר) ניט נאָרמאל.

ער וואָלט געקענט אָנהויבן דעם פריִרדיקן זאַץ מיט דעמדאָזיקן מאָטיוו:

f12) מאכמעס[13] דער איצטיקער ניט־נאָרמאלער לאגע פון די אָרטיקע סאָוועטישע אָרגאנען, האָט דער פאָלקס־קאָמיסאריִאט אויסגעארבעט א. אז. וו.

מע וואָלט געקענט אָנגעבן דעם צוועק, ניט די סיבע (סאָפקאָלסאָפ איז דאָך דאָ וויכטיק דער צוועק, ניט צו פארענטפערן דעם קאָמיסאריִאט, פארוואָס ער האָט אויס־געארבעט אזא פּראָעקט):

g12) דערדאָזיקער פּראָעקט האָט דעם צוועק צו פארבעסערן (אָפּצושאפן) די איצטיקע ניט־נאָרמאלע לאגע.

קורץ, אויסדרוק־מעגלעכקייטן זייַנען דאָ פאראן פארשידענע, און זיי וועלן זייַן קלאָרער, בויגעוודיקער, איידער דער איצטיקער זאַץ; אָבער דערוף דארף מען אליין זייַן בויגעוודיקער, ניט דענקען מיט שטאמפּן, וואָס ציִען שוין נאָך זיך די פּאסיווע קאָנסטרוקציע אויך (אמאָל איז פארקערט: די פּאסיווע קאָנסטרוקציע שלעפּט נאָך זיך די שטאמפּן).

דאָ האָבן מיר שוין א ווונק, ווי אזוי די פּאסיווע קאָנסטרוקציע בינדט די הענט, מאכט אונדז אָרעמער אין אויסדרוק־מעגלעכקייטן. די פּאסיווע קאָנסטרוקציע איז ביכלאל מעגלעך נאָר בא שטארק־אקטיווע צייַטווערטער, וואָס זייער טועכץ גייט אי־בער דירעקט אפ דעם אָביעקט (לייענען א בוך, טון אן ארבעט א. אז. וו. אָבער גיט: אָפּשלאָפן א נאכט). זי איז לאכלוטן ניט מעגלעך בא די אזויגערופענע „שטיי־ענדיקע״ צייַטווערטער: גיין, שטיין, קוקן, פאָרן, א. אז. וו., בא זיך־צייַטווערטער (זיך דערוויסן, זיך אומקערן א. ד. גל.), בא צונויפגעזעצטע צייַטווערטער (ראכמאָ־נעס האָבן, מאַסקים זייַן, געוואָר ווערן, טון א גיי, ליב האָבן, א. אז. וו.). שוין דאָס אליין איז א גענוגער סימען, ווי קליין איז דאָס אייגנטלעכע פעלד פאר דער פּאסיווער קאָנסטרוקציע. אָבער זי איז זייער אָרעם אפילע אין דעם קלײנעם גוול, ווו מע קען זי פאָרמעל (גראמאטיש) יאָ ניצן. יעדער אזא זאַץ ווייַזט אונדז אזא סכעמע: סוביעקט, פּרעדיקאט, אָביעקט, אמאָל נאָך אן אטריבוט (определение) צום סוביעקט, אָדער אָביעקט, אמאָל אן אנדער זאצגליד, און פארטיק. ס׳איז א בלעכענע קאָנסטרוקציע; זי לאָזט זיך שווער בויגן און זי קנאקט, ווי מע גיט זיך נאָר א ריר־צו צו איר. זי איז אָפּטמאָל ניט אימשטאנד איבערצוגעבן אן עלעמענטאַרן אויס־דרוק. לאָז מען פּרוּוון, אשטייגער, איבערגעבן מיט א פּאסיוו אזא זאַץ:

זי פירט מיט זיך הארט בא דער האנט דאָס ברודערל אירס (בערגעלסאָן).

די צוויי ווערטער: „מיט זיך״ איז א קאטאסטראָפע פאר דער פּאסיווער קאָנ־סטרוקציִע, ווייַל „מיט זיך״ קען ציִען צו „זי פירט״, ווען „זי״ איז א סוביעקט, און

13) מע וואָלט מיסטאָמע געזאָגט: „אין צוזאמענהאנג מיט״ (א געוויסער שטאמפּ), ניט: „מאכ־מעס״; אָבער דאָס וואָלט ניט געענדערט די קאָנכטרוקציע פון דעם זאַץ און די גרופּירונג פון דער סיבע און אויספיר.

דאָס צײַטוואָרט איז אקטיוו, אָבער ניט צו „דורכ (פונ) איר ווערט געפירט”; גיכער ציִנ דעמאָלט די ווערטער „מיט זיכ” צו דעם נײַעם סוביעקט: „דאָס ברודערל אירס”, אָבער דאָס איז אנ אומזינ.

אָדער אזא זאצ:

א מיידל א קורסיסטב דערשווײַגט דאָרט איינע אליינ איר נישער יוגנט (בערגעלסאָנ).

די פאסיווע קאָנסטרוקציע קענ דאָ ניט בײַקומענ אזא וואָכעדיקנ אויסדרוק אינ זאצ, ווי „איינע אליינ”.

———

קוקט מענ זיכ צו צו די 14 נומערירטע פראזעס, אזוי קריגט מענ דעם אײַנדרוק, אז ניט אומעטום גרילצט דער פאסיוו גלײַכ. פראזע 11 אָדער 12 קלינגט אונדז ניט אזוי שלעכט, ווי № 5 אָדער 7. פסיכאָלאָגיש נעמט זיכ דאָס דערפונ, וואָס דער געדאנקענ־אינהאלט אינ די לעצטע צוויי פראזעס איז פּאָשעטער, געוויינטלעכער, וואָכעדיקער, איידער אינ די ערשטע צוויי; מיר טרעפנ זיכ מיט דעם טיפּ 5, 7 אָפּטער אינ לעבנ טאָג־אײַנ, טאָג־אויס.

לאָמיר דאָס נאָכ אויספּרוּווּנ אפּ אזא זאצ:

a16) די ווױנונג האָט ער גענומענ אפּ זײַנ כעשבנ (הויצאָעס, קאָסטנ).

פארשטייט זיכ, מע וואָלט דאָס געקענט זאָגנ:

16) די ווױנונג איז דורכ (פונ) אימ גענומענ געוואָרנ אפּ זײַנ כעשבנ (הויצאָעס).

אונ גראמאטיש וואָלט דאָס געווענ „קאָרעקט”. שרײַבט מענ דאָכ בא אונדז, אשטייגער:

17) דאָס לייענשטיבל איז גענומענ געוואָרנ דורכנ (פונ) אויספּירקאָמ אפּנ אָרטיקנ ביורזשעט.

אָבער יעדער פּילט, אז דער זאצ 16 איז לעפּישער פאר 17, ווײַל 16 איז אונדז באקאנטער. היימישער, איידער 17. דעמ זאצ 17 לייענענ מיר אינ א צײַטונג, הערנ אפּ א פארזאמלונג; דער עצעמ אינהאלט איז דאָ דעמ ברייטנ אוילעמ נײַ. מיט דעמ טיפּ 16 זײַנענ מיר צופּיל געוווינט, לאָזט ער זיכ ניט איבערקערנ. צו די ברייטקייטנ פונעמ אלטעגלעכנ לעבנ טאָר מענ זיכ מיט דער פאסיווער קאָנסטרוקציע ניט צורירנ.

אונ אוואדע טאָר מענ זיכ דערמיט ניט צורירנ צו רעדנסארטנ (שטייענדיקע פאָרמולעס), וואָס מע ניצט אָפּט אינ דער שפּראכ.

זאָל מענ פּרוּווּנ, אשטייגער, איבערקערנ מיט א פאסיוו אזוינע זאצנ:

מע זאָגט, אײַער טאָכטער נעמט זייער א פײַנעם כאָסנ (בערגעלסאָנ).

מע קענ דאָס בוכ אינ האנט ארײַנ ניט נעמענ (פ״וו).

ער טוט ניט (ארײַנ) קיינ האנט אינ קאלט וואסער (פ״וו).

———

אָבער די גרעסטע, די שווערסטע זינד פונ דער פאסיווער קאָנסטרוקציע איז, וואָס זי איז פּאסיוו. אקטיוו אונ פאסיוו איז ניט בלויז גראמאטישע באגריפנ, — דאָס איז פּסיכאָלאָגישע באגריפנ, לעבנס־באגריפנ. „דורכ (פונ) אָרגאניזאציִעס איז עפּעס געטונ געוואָרנ” (אָדער: „ניט געטונ געוואָרנ”); „דורכ דער סטודיע וועט געשטעלט ווערנ” א. אז. וו. דאָס האָט ניט דיזעלבע ווירקונגסקראפט אפּ אונדז, ווי: „אָרגאניזאציִעס האָבנ עפּעס געטונ” (אָדער: ניט גע־

טונ), ווי: „די סטודיע וועט שטעלנ" א. ד. גל. דער טוער, זײַנ איניציאטיוו, זײַנ ווילנ, זײַנ ענערגיע (די אָפענע אָדער די באהאלטענע) רוקט זיכ דאָ אָפ אָנ א זײַט; מיר זעענ זײַנ שאָטנ, אָדער מיר טאפנ אימ אָנ ווי דורכ א געדיכטנ שלייער; — שוינ ניט צו רעדנ, אז ספעציִעל אינ ייִדיש דערזעענ מיר אימ אָפטמאָל ביכלאל ניט דורכ דעמ „פונ" אונ „דורכ", ווײַל מע קענ דאָס טײַטשנ ; о, через — מעמיילע איז שוינ שטארק געפאלנ דעמ טוערס זכוס, זײַנ פאראנטוואָרטונג פאר טונ אָדער ניט טונ. אויבנונ שווימט ארופ אינ באוווּסט דער לאָגישער אָביעקט, — דאָס הייסט דאָס, וואָס איז בעעצעמ פאסיוו. אָנשטאָט דער דינאמישער, עמאָציִאָנעלער קראפט פונ דעמ אק־טיווּנ צײַטוואָרט, קריגנ מיר א בלאסנ שאָטנ פונ א טועכץ.

נאָכ גרעסער איז די זינד, וואָס פאר דער פאסיווער קאָנסטרוקציע האָט מענ זיכ אָנגעכאפט אינ אונדזער צײַט, אינ דער פרעסע, אינ דער סאָוועטישער צײַטונג, בראָשיור. פאר אונדזער געדענקענ איז נאָכ דאָס לעבנ קיינמאָל, אינער־געעצ, ניט געווענ אזוי אקטיוו, אזוי קעמפעריש, אזוי אָנגעשטאָלט, ווי בא אונדז איצט. נאָכ קיינמאָל האָט א פרעסע אזוי ניט געוועקט צו אקטיווקייט, האָט אזוי ניט געמאָנט! נאָכ קיינמאָל האָט זי ניט גערעדט צו אזוינע ברייטע מאסנ, צו מיליִאָנענ, ד. ה. צו די, וואָס לעבנ מיט לעבנסבאגריפנ מיט רעאלע פאָרשטעלונגענ, ניט מיט גראמאטיק!

נאָכ קיינמאָל האָט ניט געשטעקט אזויפיל ערנסט, רעאלישקייט, פלאמענדיקער ווילנ, האָפענונג, גלויבנ, מוט, אשטייגער, אינ אזא מונטערנדיקנ שטרײַטרופ ווי: „די באוווּסטזיניקע ארבעטער וועלנ זייער קאמפ געווינענ"! (דאָס איז געזאָגט אינ א לאנד, ווּו ארבעטער זיצנ נאָכ אינ טורמעס פאר א וואָכעדיקנ שטרײַק!). איז א זינד אָט דעמ שטרײַטרופ דורכצולאָזנ דורכ אזא שמאָל גראמאטיש רערל אונ אימ ארויסבאקומענ אזוי אָפגעבלאסט, אָפגעשוואכט, ווי אינ דער פאָרמול:

*18) דער קאמפ פונ די באוווּסטזיניקע ארבעטער וועט געוווּנענ ווערנ (צ.).

אינ זאצ 18 זײַנענ „ארבעטער" מער ניט קיינ לעבעדיקער סוביעקט, אונ ניט זיי שטרײַטנ מער; ס'איז ניט געבליבנ קיינ שפור פונ אקטיווקייט. בוכהאלטעריש איז דאָ אַרויסגעצויגנ די אונטערשטע שורע פונ א פראָצעס (קאמפ פונ ארבעטער), וואָס ער קומט ערגעצ פאָר פאר זיכ, אונ דעמדאָזיקנ סאכאקל, — וואָס איז שוינ עפעס ווי אבסטראהירט פונ זײַנע לעבעדיקע טוער, — זאָגט מענ דאָ צו א גוטנ סאָפ.

קורצ, ס'איז שווער איבערצוגעבנ אקטיווקייט מיט פאסיווע, פאפירענע זאצנ; — ווער שמועסט שוינ וועקנ אקטיווקייט! פונ דערדאָזיקער זינד וועט מענ די פא־סיווע קאָנסטרוקציע קיינמאָל ניט ריינוואשנ.

———

די פאסיווע קאָנסטרוקציִע „ציט זיכ" אָפטמאָל ווי „פונ זיכ" אינ די פאלנ, ווענ א זאצ כאזוערט איבער דעמ סוביעקט (אָבער אָביעקט), וואָס איז שוינ דערמאָנט אינ א זאצ פריִער. ס'ווײַזט דאנ אויס נאטירלעכ צו שפינענ ווײַטער דעמ געדאנק דער־מיט, וואָס מע הויבט אָנ דעמ נײַעמ זאצ מיט דעמזעלבנ זאכוואָרט, וואָס פריִער (אָדער מיט זײַנ פארטרעטער, — דעמ פראָנאָמ), אונ אינ דער אָנהייב־פאָרמע, מעמיילע אינ דער שטעלונג פונ א גראמאטישנ סוביעקט:

A) דער אפיקורעס איז ניט אבי ווער. ער איז אהינ געקומענ אזש פונ פוילנ. ער איז באגלייט געוואָרנ פונ א גאנצער כאליאסטרע אונטער-אפיקאָרסימ... (צ).

אפילע בא שיינשרײַבער (אָבער אינ איבערגעבנ א פּאָליטישע רעדע):

B) נײַנ:... הערש איז קאָמאנדיר, ער איז דורכ אײַכ אליינ אויסגעקליבּנ געװאָרנ. יאָ, איר האָט מיכ אויכ געװאָלט אויסקלײַבּ (גאָרדינער).

דאָס הייסט אָבער ניט, אז אנדערש קענ מענ נישט. מע קענ זייער גוט זאָגנ: אימ האָט באגלייט א גאנצע כאליאסטרע, אָדער: „אונ באגלייט האָט אימ"... זיכער פּאסיקער װאָלט געװענ אינ צװייטנ פאל: איר אליינ האָט אימ אויסגעקליבּנ, אָדער: אימ האָט איר אליינ אויסגעקליבּנ. דאָ לאָזט זיכ מער אקצענטירנ די װערטער: „איר אליינ", אונ דאָס דארפ דאָ דער ריידער, װאָרעמ דער לעצטער אויספיר זײַנער איז: „אונ אימ (דעמ אויסגעקליבּענעמ; נ. ש.) דארפט איר האָרכנ. זאָגט ער דאָכ: „איר האָט מיכ אויכ געװאָלט אויסקלײַבּנ"!

---

צי קענ מענ בּיכלאל אויסקומענ אָנ דער פּאסיװער קאָנסטרוקציִע? כ' א. זארעצקי („גרײַזנ אונ ספּייקעס", 41) זעט דאָ שװערקייטנ. ער ברענגט אזוינע זאצנ:

19) די ארבעט װערט אָנגעפירט דורכ דער קאָמפּארטיי (צ.).

מע קענ, פארשטייט זיכ, זאָגנ:

a19) די קאָמפּארטיי פירט אָנ די ארבעט.

איז טויג דאָס ניט, װײַל דעמאָלט איז מער באטאָנט „די ארבעט", ניט „די קאָמפּארטיי". קענ מענ נאָכ זאָגנ:

b19) די ארבעט פירט אָנ די קאָמפּארטיי.

איז טויג דאָס אויכ ניט; „ס'מאכט מיינענ, אז די „ארבעט" איז דער טוער (סוביעקט), אונ די קאָמפּארטיי — דער אָביעקט" (זארעצקי). מוז שוינ בלײַבּנ, װי אינ זאצ 19, נאָר מיט „פונ" אָנשטאָט „דורכ".

װאָס שטעקט דאָ? באװוסט, אָדער אומבאװוסט האלט מענ דאָ אינ קאָפּ דעמ רוסישנ זאצ: компартия руководит работой. דאָ קענ קיינ טאָעס ניט זײַנ. די פאָרמע работой װײַזט, אז די „ארבעט" איז דער אָביעקט, די פאָרמע компартия װײַזט, אז „די קאָמפּארטיי" איז דער סוביעקט. אינ ייִדיש האָבּנ מיר די פאָרמע פונ „טװאָריטעלני" ניט; — דאָס צײַטװאָרט „אָנפירנ" ציט אנ אקוזאטיװ, אָבער קיינ ספּעציִעלע פאָרמע פאר אקוזאטיװ האָט ייִדיש אויכ ניט; איז שלעכט.

איז דאָס עפּשער שלעכט פאר „גראמאטיק", ניט פאר דער שפּראכ. „די ארבעט פירט אָנ די קאָמפּארטיי" — װעט יעדער, װאָס איז בּיכלאל געװוינט צו לייענענ, פארשטיינ ריכטיק: די קאָמפּארטיי איז דאָ די אָנפירערנ, ניט די אָנגעפירטע. די „ארבעט" װי אנ אָנפירערנ איז צו א װײַטע אבסטראקציע. די ארבעט קענענ מיר אינ איבערגרעסטנ טייל פאלנ פאר אנ אָביעקט: עמעצער טוט זי, פירט זי אָנ (די ארבעט), ניט זי טוט עפּעס, פירט אָנ עפּעס. בעערעכ (אָבער ניט גאנצ גענוי) האָבּנ מיר אזוינע זאצנ בא פּערעצנ אונ בא מענדעלענ:

די מײַסעס האָבּנ דערציילט אויסגערינטע זעלנער (פּערעצ).

דאָס בײַדל אינגאנצנ איז זיכ מאטריִעכ צו שלעפּנ א הויכע, זייער דארע שקאפּע (ממ"ס).

א צװייטער זאצ:

20) די סטאנציע כאנקאָו איז פארנומענ פונעמ מוקדענער מיליטער (צ.).

ווידער דיזעלבע טײַנע, וואָס בא זאצ 19. אָבער דאָ איז נאָך ערגער פאר „גראַ־מאטיק“, און נאָך בעסער פאר דעם נאָרמאלן מענטשנפארשטאנד. וואָס איז שלעכט דער זאצ:

a20) די סטאנציע כאנקאָו האָט פארנומען דאָס מוקדענער מיליטער?

וועט עמעצן אײַנפאלן, אז „די סטאנציע“ איז דער פארנעמער, און דאָס „מוקדע־נער מיליטער“ איז דאָס פארנומענע? דאָ איז די דיפערענץ אין מעגלעכער אקטיווי־פעיִקייט בא דידאָזיקע צוויי באגריפן („סטאנציע“ און „מיליטער“) אזוי גרויס ווי אין פערעצעס זאצ („מײַסעס“ און „זעלנער“), אין מענדעלעס זאצ („דאָס בײַדל“ און „די שקאפע“), און מיר קענען שוין שטעלן אפ פערעצעס און מענדעלעס פלייצעס.

און נאָך א זאך: ווו שטייט דאָס געשריבן, אז מע מוז דאפקע מאכן די אקטיווע קאָנסטרוקציע מיט דיזעלבע ווערטער, וואָס באם צײַטונג־שרײַבער? פארוואָס טאָר מען ניט זאָגן?

c19) די ארבעט פירן אָן קאָמוניסטן.

b20) די סטאנציע כאנקאָו האָבן פארנומען מוקדענער מיליטער־טיילן[14].

וועט שוין זײַן אויסגעהאלטן מיט גראמאטיק אויך: די מערצאָל פון דעם צײַט־וואָרט וועט שוין ווײַזן, וואָס איז דאָ דער סוביעקט און וואָס איז דער אָביעקט.

פארוואָס קען מען ניט זאָגן:

d19) די ארבעט געפינט זיך אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמפארטיי;

e19) די אָנפירערן פון דער ארבעט איז די קאָמפארטיי;

f19) אָנפירן מיט דער ארבעט פירט אָן די קאָמפארטיי.

מע קען צווזוכן נאָך אנדערע קאָמבינאציִעס, אָבער איך פארשפּאָר דאָס צו טון. אויסגלײַכן אן איינצלנעם זאצ, אָפגעריסן פון דעם קאָנטעקסט,— דאָס איז דיזעלבע קונץ, וואָס, אשטייגער, איבערזעצן איינצלנע ווערטער פון א פרעמדן טעקסט. וויפל מאָל בלײַבן מיר שטיין אָפּהענטיק, ווען מע פרעגט אונדז אפ איינצלנע פרעמדווער־טער, און דעם זאצ גאנצערהייט זעצן מיר איבער, און ער טויג, ניט ערגער ווי אין אָריגינאל. גיט א זאצ, א פּאָר זאצן פריִער, וועט ווערן אויס שווערקייטן מיט דער אקטיווער קאָנסטרוקציע.

און נאָך אלעמען: אויב מע זאָל פרעגן, וואָס איז בעסער: די זאצן 19, 20, אָדער a19, a20, — איז, ווײַזט מיר אויך, אז שוין בעסער די לעצטע צוויי, מיט דעם אקצענט־כיסאָרן.

---

14) אגעוו, די גאנצע שלעכטקייט פון אזא קאָנסטרוקציע ווי: „מוקדענער מיליטער האָט פארנומען די סטאנציע כאנקאָו“ נעמט זיך, לויט כ׳ זארעצקיס מיינונג, דערפון, וואָס דער אווטער וויל באטאָנען „מילי־טער“, ניט די „סטאנציע כאנקאָו“; אָבער ס׳איז נאָך גאָר ניט קלאָר, צי דער אווטער מיינט דאָס טאקע. לויט דער פאקטישער קריגסיטואציע נאָך האָב איך ניט אזא אײַנדרוק. יערנפאלס, אָן דעם קאָנטעקסט לאָזט זיך פעסט ניט זאָגן ניט יאָ, ניט ניין.

## II. די האלב־פּאסיווע (אומפּערזענלעכע) קאָנסטרוקציע

לאָמיר זיך צוקוקן צו די 6 פראזעס, וואָס איך ברענג דאָ פּאראלעל אין צוויי רעדאקציעס רעכטס און לינקס:

21) פון די ארעסטירטע 400 מאנן זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צום געריכט 60 מאנן (צ.).

22) די ארעסטירטע ווערן באשולדיקט אין באקומען געלט-הילף פון מאָפּר (צ.)

23) די סאָוועטישע בירגער, וואָס מע האָט... אראָפּגענומען פון שיף „הענלי״, זיינען באפרייט געוואָרן (צ.).

24) עס איז אנטדעקט געוואָרן א גרויסע רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציע (צ.).

25) אויב דעם אָפּהיטן די קאָמערציעלע געהיימניסן ווערט צוגעגעבן א קאָלאָסאלע באדייטונג אין די באציִונגען צווישן פּריוואטע האנדלספירמעס... (צ.).

26) וויַיטער פאָרזעצן די האנדלס-באציִונגען איז מעגלעך נאָר בא דעם באדינג, ווען די גרויס-בריטישע רעגירונג וועט פּינקטלעך אויספילן דעם האנדלס-אָפּמאך און ווען עס וועט גאראנטירט ווערן דיווירטשאפטלעכע אָרגאנען פון פ.ס.ר.ר. די מעגלעכקייט אָן איבעריַיסן, רויִק און נאָרמאל צו ארבעטן (צ.).

21a) 75 מאנן האָט מען שוין איבערגעגעבן צום געריכט (צ).

22a) מע באשולדיקט זיי אין אָרגאניזירן דעם קאמף מיט דער פּאָליציי־מאכט (צ.).

23a) דער באפולמעכטיקטער האָט... זיך דערשלאָגן, אז מע זאָל טייקעף באפרייען די ארעסטירטע (צ.).

24a) ווי די „ראָטע פאנע״ טיילט מיט, איז די פּאָליציי באוואָפנט מיט געווער, וואָס די סאָציאלדעמאָקראטן האָבן... באקומען בעיס מע האָט אנטדעקט א סקלאד געווער אינעם געוועזענעם ארסענאל (צ.).

25a) אויב אפילע אין די באציִונגען צווישן פּריוואטע האנדל־פירמעס גיט מען צו א גרויסע באדייטונג די קאָמערציעלע סוידעס... (צ.).

26a) די האנדל־באציִונגען קענען פאָרגעזעצט ווערן נאָר מיט דעם טנאַי, אז די בריטישע רעגירונג וועט פּינקטלעך אויספילן דעם האנדל־אָפּמאך און וועט גאראנטירן די ווירטשאפט־אָרגאנען פון פ. ס. ר. ר. די מעגלעכקייט צו ארבעטן נאָרמאל און רויִק (צ.).

די נומערן 21—26 רעכטס זיינען געבויט פּאסיוו, אָבער די סכעמע פון דער קאָנסטרוקציע איז דאָ אביסל אנדערש, ווי אין די 20 נומערירטע פראזעס אין ערשטן קאפּיטל. קעדיי קלאָר ארויסצווזען דעם כילעק, לאָמיר פארגלייכן דאָ אזוינע פּאָשעטע זאצן:

27) דער נומער פון דער צייטונג איז קאָנפיסקירט געוואָרן דורך דער פּאָליציי (צ.).

28) דער נומער „ראָטע פאנע״... איז קאָנפיסקירט געוואָרן (צ.).

אין זאץ 27 איז אָנגעוויזן „דורך וועמען״ דער נומער איז קאָנפיסקירט געוואָרן (ווער ס'האָט קאָנפיסקירט); אין 28 פעלט דאָס. דער זאץ 27 האָט דעם לאָגישן סוביעקט פון דער האנדלונג (אזוי ווי אין יעדער פּאסיווער קאָנסטרוקציע, איז

דאָ פונ דעם לאָגישנ סוביעקט געוואָרנ גראמאטיש אנ אָביעקט). דער זאַצ 28 האָט ניט קיינ לאָגישנ סוביעקט, ער געהערט צו דעם טיפּ „אומפּערזענלעכע״ זאַצנ, ריכטיקער: „אומבאַשטימט־פּערזענלעכע״ זאַצנ, ווי מע רופט זיי. אינ די איבעריקע פּראָטים איז ער געבויט אַזוי ווי יעדער פּאַסיווער זאַצ: ס'איז אַנ איבערגעקערטער אַקטיווער זאַצ. דער אָביעקט („דער נומער „ראָטע פאַנע״) איז דאָ גראמאטיש גע־וואָרנ אַ סוביעקט; דאָס צײַטוואָרט („קאָנפיסקירט געוואָרנ״) איז דאָ געגעבנ אינ אַ פּאַסיווער פאָרמע. אינ אנ אַקטיווער פאָרמע וואָלט דאָס געהייסנ:

a28) מע האָט קאָנפיסקירט דעם נומער „ראָטע פאַנע״[15].

b28) דעם נומער „ראָטע פאַנע״ האָט מענ קאָנפיסקירט.

צו דעם טיפּ 28 געהערנ די זאַצנ 21, 22, 24, 25 אונ טיילנ פונ די פּראָזעס 23 אונ 26. צו דעם טיפּ a28 געהערג די זאַצנ a21, a22, a25 אונ טיילנ פונ די פּראָ־זעס a23, a24. אַביסל אַנדערש, אָבער אויכ אַקטיוו, איז געבויט № a26. דערפונ וועל איכ נאָכ שפּעטער רעדנ.

אַלע פּראָזעס האָב איכ גענומענ פונ דער סאָוועטישער פּרעסע. די פּראָזעס 21, 22, 24 אונ a21, a22, a24 זײַנענ גענומענ פונ איינער — אונ דערזעלבער צײַטונג, אָבער פונ פאַרשידענע נומערנ. אינ די דרײַ לעצטע פּראָזעס איז פאַראַנ דערזעלבער טיפּ האַנדלונג (לויט דעם פּרעדיקאַט), וואָס אינ די ערשטע דרײַ. אָבער ניט דער־זעלבער טעקסט. די № 23 אונ a23 זײַנענ גענומענ פונ איינ צײַטונג, פונ איינ נומער, פונ איינ נאָטיצ וועגנ איינ זאַכ; — ווידער דיזעלבע האַנדלונג, אָבער ניט גענוי דערזעלבער טעקסט. די פּראָזעס 25—26 אונ a25—a26 זײַנענ גענומעג פונ צוויי פאַרשידענע צײַטונגענ, אָבער ביידע פאָרנ גיבנ איבער אינ אַ ייִדישער איבערזעצונג דיזעלבע רוסישע טעקסטנ: אינ a25—a26 האָבנ מיר דאָסזעלבע (עט־וואָס פרײַער איבערגעזעצט), וואָס אינ 25—26, אָבער מיט אַנ אַקטיווער קאָנ־סטרוקציע.

די פּראָזעס a21—a24 ווײַזנ קלאָר, ווי אַזוי מע וואָלט געקענט שרײַבג די פּראָזעס 21—24 מיט אַנ אַקטיווער קאָנסטרוקציע. זיי האָבנ נאָכ די מײַלע, ווי שוינ דערמאָנט, וואָס אַזוי זײַנענ זיי פּאַקטיש געשריבנ: איכ האָב זיי ניט צוגעקלערט.

קעדיי צו פאַרהיטנ אינ a25 דיזעלבע וואָרטשטעלונג, —מעמיילע דיזעלבע באַטאָ־נונג, וואָס אינ 25, —וואָלט מענ באַדאַרפט שרײַבנ:

b25) אויב (דעם אָפּהיטנ) די קאָמערציִעלע סוידעס גיט מענ צו אַ גרויסע באַדײַטונג (אפילע) אינ די באַציִונגענ צווישנ פּריוואַטע האַנדל־פירמעס.

דערדאָזיקער טיפּ, — די האַלב־פּאַסיווע קאָנסטרוקציע, — קלינגט אונדז ניט אַזוי שלעכט, ניט אַזוי פרעמד, ווי די פולע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע, ווי די 20 מו־סטער־פּראָזעס, וואָס איכ האָב געבראַכט אינ ערשטנ קאַפּיטל. דאָס נעמט זיכ קוי־דעמקאָל דערפונ, וואָס דאָ איז ניט איבערגעקערט דער סוביעקט פונ דער האַנדלונג

15) פאָרמעל-גראמאטיש איז אינ a28 פאַראַנ אַ סוביעקט: „מע״, אָבער פאַר אונדזער דענקענ הערט דאָס ניט אויפ צו זײַנ אַנ „אומפּערזענלעכער״ זאַצ, ווײַל „מע״ איז אומבאַשטימט; ס'פעלט דער קאָנקרעטער טוער. אפ רוסיש, אשטייגער, וואָלט מענ געזאָגט: конфисковали, אָנ אַ גראמאטישנ סוביעקט אויכ.

אין דער אקטיווער קאָנסטרוקציע, ווײַל דער סוביעקט פעלט דאָ גאָר. ס'איז ניט בלויז איין ניט־איבערגעקערטער זאצגליד ווייניקער; — ס'איז ניט איבערגעקערט איי־נער פון די וויכטיקסטע זאצגלידער, דער טוער; — מעמיילע פעלט זיך שוין דאָ א גרויסער טייל בייז, וואָס גרילצט און רייצט אין דער פולער פאסיווער קאָנ־סטרוקציע. ווידער אזויווי מע דארף דאָ שוין ניט אָנקומען צום „דורך" און „פון" אפ צו מאכן פון דעם לאָגישן סוביעקט א גראמאטישן אָביעקט („קאָנפיסקירט געוואָרן דורך (פון) דער פאָליציי", אָנשטאָט: „די פאָליציי האָט קאָנפיסקירט"), מע־מיילע לאָזט זיך שוין דאָ אויסמײַדן די אומקלאָרקייטן, וואָס די קאָמבינאציעס מיט „דורך" און „פון" ברענגען מיט זיך אָפטמאָל.

אָבער „ניט אזוי שלעכט" הייסט נאָך ניט גוט, נאָרמאל. ס'איז נאטירלעכער, — יעדנפאל, אין א גרויסן טייל, פאלן, — צו שרײַבן מיט דער אקטיווער קאָנסטרוקציע, אפילע אין אזא טיפ זאצן, ווײַל אזוי, אין אן אקטיווער פאָרמע, דענקען מיר געוויינט־לעך, ווײַל אזוי מײַדן מיר אויס דאָס בייז, וואָס דער אָביעקט פון דער האנדלונג („דער נומער פון דער צײַטונג") ווערט א סוביעקט, — זאָל זײַן אפילע א גראמאטי־שער. סאָפקאָלסאָפ קומט דאָ פאָר באם לייענער, באם הערער, דערזעלבער פראָצעס, וואָס בא דער פולער פאסיווער קאָנסטרוקציע.

מע לייענט, מע הערט:

דער נומער „ראָטע פאנע" איז קאָנפיסקירט געוואָרן.

און אין קאָפ קערט מען דאָס איבער:

„דעם נומער „ראָטע פאנע" האָט מען קאָנפיסקירט".

דאָס איז דער טיפ זאצן, ווו דאָס וויכטיקסטע איז אָנצוווײַזן דעם פרעדיקאט, דאָס טועכץ; דעם סוביעקט ווייסן מיר שוין: ער איז דערמאָנט פריִער, אשטייגער, ווי אין 26, („די בריטישע רעגירונג")[16], אָדער שפּעטער, ווי אין 25, (פאקטיש איז דאָ געמיינט: פריוואט־האנדל), אָדער ער איז שוין קלאָר פון דער ארט טועכץ גופע: ארעסטירן, באשולדיקן ארעסטירטע, באפרײַען א. ד. גל. קען די מאכט, א קאָנקרעטער גליד פון דער מאכט (פאָליציי, געריכט א. אז. וו. ווי אין די זאצן 21, 22, 23), אָדער דער סוביעקט קען דאָ זײַן יעדער איינער. קורץ, עפעס א סוביעקט האָבן מיר אין זינען, און ס'איז נאטירלעך, אז דאָס טועכץ פון דעם סוביעקט זאָל דערגיין צו אונדז אין אן אקטיווער פאָרמע, די גראמאטישע פאָרמע זאָל שטימען מיט דער לאָגישער.

אין געוויסע פאלן איז מען מיט דעם האלבן פאסיוו אויסן צו באטאָנען שטארקער דעם לאָגישן אָביעקט פון דער האנדלונג (זע, אשטייגער, ווײַטער די נומערן 139, 155 א, אנד.). דעמלט איז די פאסיווע פאָרמע בארעכטיקט. נישט אלעמאָל איז מען אָבער דאָס אויסן אין דער מענגע האלבע פאסיוון אין דער צײַטונג־שפּראך. דאָ

---

16) א מוסטער, ווי אזוי מע מאכט אומבאשטימט־פערזענלעך („מע") א זאץ, וואָס האָט בעפיירעש א סוביעקט:

און אגעוו האָט ער געשיקט א פאָר יעוואָנים אויב, טאקע קאזאקן מאמעש, מע זאָל אונדז נעמען און ברענגען צו פירן (ש"א).

„מע" — מיינט מען דאָ — די קאזאקן, ניט עמעצן אנדערש; דאָס אייגענע וואָלט מען געקענט זאָגן: זיי זאָלן אונדז נעמען א. אז. וו., אָבער מיט „מע" ווערט מען אויך קיין טאָעס ניט האָבן.

איז דאָס מער אַ שאַבלאָן, איידער אַן אויסגערעכנטער סטיליסטישער גאַנג. אַז די אַקטיווע קאָנסטרוקציע פאַרמאַגט דאָ, באַם אומפּערזענלעכן זאַץ, אויך אָפּטמאָל מער אויסדרוק־קראַפט, מער פעיִקייט צו ווירקן, — דאָס קען מען אַרויסזען, אַשטייגער, פון אַזאַ זאַץ:

29) אַפן פּלאַץ, ווו ס'לייגט זיך דער פונדאַמענט פון דער נײַער פאַבריק, קאָכט ווי אין אַ קעסל: מ ע ב ר ע נ ט שטיינער, מ ע פ י ר ט צעמענט און מ ע ב ו י ט שטאַלן (צ).

לאָמיר דאָס פּרוּוון איבערקערן אין אַ פּאַסיוון זאַץ:

29a)... ס'ווערן געבּרענט שטיינער, ס'ווערט געפירט צעמענט, ס'ווערן געבויט שטאַלן

אַזוי טוט זיך אָפּ פון דעם זאַץ די גאַנצע דינאַמישקייט, לעבעדיקייט פון דעם טון, וואָס מיר פילן אין דער אַקטיווער קאָנסטרוקציע. דערויף קען מען שוין ניט זאָגן, אַז „סע קאָכט ווי אין אַ קעסל"; אַגעוו, וואָלט דאָ בעסער געווען די אַקטיווע פאָרמע אין ערשטן טייל פראַזע אויך:

„אַפן פּלאַץ, ווו מ ע ל י י ג ט דעם פונדאַמענט",

ניט די פּאַסיוו־רעפלעקסיווע: „ס'לייגט זיך".

אָדער זאָל מען, אַשטייגער, פּרוּוון איבערקערן אין אַ פּאַסיווער קאָנסטרוקציע אַזאַ פראַזע בײַ שאָלעם־אַלייכעמען:

30) נאַקעטע, הוילע, אָרעמע ייִדישע הײַזלעך — ה אָ ט מ ע נ זיי צעקלאַפּט, צעלאָמעט, צעשאָסן, צעהאַקט, צעריבן, צעמאָלן און אָפּגעווישט: — אויס, נישטאָ קרושניק.

אין № 26 איז ניט אויסגעמיטן אַ געוויסע אומקלאָרקייט אויך: ס'קען מאַכן דעם אײַנדרוק, אַז די גרויסבריטישע רעגירונג דאַרף „אויספילן דעם האַנדלס־אָפּמאַך", און עמעצער דאַרף גאַראַנטירן „די מעגלעכקייט... רוּיִק צו אַרבעטן", בעיִס פאַקטיש מאָנט מען דאָס גאַראַנטירן אויך בײַ דער ענגלישער רעגירונג, ניט בײַ עמעצן. אויסגעצייכנט גיט איבער דעם געדאַנק די רעדאַקציע 26a: ניט בלויז וואָס זי האָט די מײַלע פון אַן אַקטיווער קאָנסטרוקציע, — זי ווײַזט אויך קלאָר, אַז ביידע זאַכן מאָנט מען בײַ דער ענגלישער רעגירונג.

דיזעלבע אומקלאָרקייט, וואָס אין № 26, נאָך שאַרפער, האָבן מיר, אַשטייגער, אין אַזוינע פראַזעס:

31, א) אַ טייל דעלעגאַטן... האָבן אין זייערע אַרויסטרעטונגען איליוסטרירט פאַלן פון אומדערלאָזבאַרער באַציִונג פון די איבערוואַנדערער צו די אוקראַיִנישע פּויערים, וואָס ווערן אָנגערופן כאַזײַרים און קאַפּאָרעניקעס...

ב) דיראָזיקע איבערוואַנדערער פאַרשטייען נאָך ניט, אַז ביזוואַנען עס וועט גרינטלעך ניט איבערגעאַנדערשט ווערן זייער פּסיכאָלאָגיע... וועט שווער זײַן אײַנצושטעלן ברידערלעכע באַציִונגען צו זיי מיצאַד דעם אוקראַיִנישן פּויערטום (צ).

דער אַווטאָר וויל דאָ זאָגן, ערשטנס (אין 31 א'), אַז אַ טייל איבערוואַנדערער רופט די אוקראַיִנישע פּויערים: „כאַזײַרים און קאַפּאָרעניקעס", אָבער פון זײַן רעדאַקציע זעט מען דאָס ניט. דאָ קען מען מיינען, אַז ס ט אַ ם ע מ ע צ ע ר רופט אַזוי מיִעס די אוקראַיִנישע פּויערים, אָדער אַז אַזאַ נאָמען האָבן זיי ביכלאַל; צו די איבערוואַנדערער האָט דאָס ניט. ס'קען אויסקומען דאָסזעלבע, וואָס שאָלעם־אַלייכעם שרײַבט, אַשטייגער, אַזוי:

32) ער וועט ניט וועלן גלייבן בעשומויפנ, אז צווישן ייִדן, וואָס רופן זיך „ראכמאָנים בעניי ראכמאָנים״, האָבן זיך געפונען אזעלכע, וואָס האָבן זיך באניצט מיטן אומגליק פונעם פאָלק.

אָדער ווי ער שרייַבט אן אנדערסמאָל נאָך קלאָרער, מיט אן אקטיווער קאָנ־סטרוקציע:

a32) איך האָב אייַך געבראכט א ייִדן, איינעם פון אונדזערע ווייַטע-ווייַטע ברידער, וואָס מע רופט זיי מיטן נאָמען „די רויטע ייִדלעך״.

שולדיק אינ דער אומקלאָרקייט אינ זאצ 31א איז די האלב־פאסיווע קאָנסטרוק־ציע: דער אווטער האָט דאָ ניט דערזאָגט. פאר זייַנע צוועקנ וואָלט ער דאָס בא־דארפט שרייַבנ מיט א פולער פאסיווער קאָנסטרוקציע (אויב ער האָט דאפקע געוואָלט בויענ דעם זאצ פאסיוו):

a31)... וואָס ווערנ אָנגערופנ דורך די איבערוואנדערער כאזיירים אונ קאפּאָרעניקעס.

וואָלט דער אווטער געבויט זייַנ זאצ אקטיוו, אזוי ווי אינ a32, אזוי וואָלט ער באלד דערזעענ דעם פעלער.

צווייטנס, אינ 31־ב, איז דער אווטער אויסנ צו וואָרענענ די איבערוואנדע־רער, אז זיי מוזנ ענדערנ דידאַזיקע „אומדערלאָזבארע באציִונג״ צו די אוקרייַנישע פויערים; זיי מוזנ „איבערנאנדערשנ זייער פסיכאָלאָגיע״, ווי ער פאָרמולירט דאָס. ער מאָנט בא זיי גראָד אקטיווקייט (אניט — איז צו וואָס איז דאָס געזאָגט?). אָבער געזאָגט איז דאָס אזוי („ביז עס וועט ניט איבערגעאנדערשט ווערנ זייער פסיכאָלאָגיע״), גלייַך ווי דידאָזיקע באציִונג וועט זיך ענדערנ פונ זיך אליינ, אָדער עמעצער א זייַטיקער וועט זי ענדערנ, די איבערוואנדערער האָבנ דאָ ניט וואָס צו טונ.

שולדיק איז דאָ ווידער די פאסיווע קאָנסטרוקציע. ווענ דער אווטער זאָל בויענ דעם זאצ 31־ב אקטיוו, וואָלט ער דערזעענ זייַנ פעלער.

וואָסער געמיש פונביידע קאָנסטרוקציִעס מיר טרעפנ בא איינעם אונ דעמזעלבנ אווטער וועגנ דערזעלבער זאך, אָפטמאָל אפילע אינ איינ פראזע:

33) ס׳זייַנענ געהאלטנ געוואָרנ שוואכ-סאָציִאליסטישע רעדעס אונ מע האָט גע-זונגענ (!) אורא (צ.).

פארוואָס ניט: „מע האָט געהאלטנ״, וויבאלד „מע האָט געזונגענ?״ אָדער פארקערט: פארוואָס זאָל „אורא״ ניט „געזונגענ ווערנ?״.

34) די פארטיי-קעמערלעך, וועלכע מע קענ אריבערפירנ אפ ייִדיש, דארפנ אריבערגעפירט ערנ (צ.).

דאָ, אינ זאצ 34, האָבנ מיר בעערעך דעמזעלבנ אופטו, וואָס אינ № 1, אינ ע׳שטנ קאפיטל, ווענ דער אווטער הייבט אָנ מיט אנ אקטיווער קאָנסטרוקציע אונ לאָזט אויס מיט א פאסיווער. ס׳בעט זיך מאמעש צו זאָגנ:

a34) דארפ מענ אריבערפירנ.

ס׳וואָלט דעמלט קלאָר געווענ די אקעגנשטעלונג: „קענענ״ אונ „דארפנ״ (אריבערפירנ), וואָס אינ דערזעלבער צייַט איז איינס אנ אויספיר פונ דעם צווייטנ. דעמזעלבנ געמיש האָבנ מיר אויך אינ אזוינע פראזעס:

35) אפנ לעצטנ אלפארבאנדישנ צוזאמענפאָר פונ קאָמיוג, ווו די פראגע איז באהאנדלט געוואָרנ, האָט מענ באשלאָסנ: ניט שטערנ (צ.).

36) ערשטנס: די אראָפּזועצונג (פון די פּרײַזן. — נ. ש.) ווערט דורכגעפירט אפּנ כעשבנ פונ אופּעסנ די אייגענע קאַפּיטאַלן... צווייטנס, מע הויבט אָנ צו האנדלענ מער מיט סכוירעס (צ.).

37) אונ דאָ ווידער פירט אונדז ע . . . ארײַנ אינ א ווינקל פונ אָדעסער לעבנ . . . : א שענק, ווו עס ווערנ געשאפּנ אלע פּלענער אונ אָנפּאלנ אונ ווו מע זעצט אָפּ דאָס, וואָס מע דארפ אָפּזעצנ. דאָ ווערנ ארײַנגעפירט נײַע צוויי אָדעסער טיפּנ. (צ.). [17].

די פּראזעס 35, 36, 37, זײַנענ עפּעס ווי ספּעציִעל געשריבנ צו דעמאָנסטרירנ מיט איינ זאצ, ווי ניט־נאטירלעכ ס׳איז דער צווייטער. נאטירלעכער וואָלט געוועג צו זאָגנ:

a35) מע האָט באהאנדלט . . .

a36) פירט מענ דורכ . . .

a37) מע שאפט אלע פּלענער.

אָבער „דאָ פירט מענ ארײַנ נײַע צוויי אָדעסער טיפּנ" — דאָס קענ מענ שוינ ניט זאָגנ. דאָס איז, אגעוו, נאָכ א בײַשפּיל, ווי אזוי די פּאסיווע קאָנסטרוקציע פּארטונקלט אָדער פעלשט דעמ געדאנק. דאָ איז מענ אויסנ צו זאָגנ: ע. . . (דער אווטער פונ דער פּיעסע) פירט ארײַנ (אינ דער פּיעסע) נײַע צוויי אָדעסער טיפּנ. אָבער אזוי, ווי דאָ איז דאָס געזאָגט, קענ מענ מיינענ, אז עמעצער (מע) פירט ארײַנ (אינ שענק?) צוויי נײַע טיפּנ.

אינ אנ אקטיווער קאָנסטרוקציע וואָלט דער שרײַבער פונ דעמ זאצ געמוזט קאָנקרעט אָנווײַזנ דעמ סוביעקט: „דאָ פירט ע . . . ארײַנ נײַע צוויי אָדע־סער טיפּנ"; דאָס וואָלט שוינ קלאָרער געמאכט, אז די טיפּנ פירט מענ ארײַנ ניט אינ שענק.

אינ № 36 איז, אגעוו, פאראנ נאָכ א שאבלאָנ: דאָס זאכוואָרט אָנשטאָט א צײַטוואָרט. אָנשטאָט צו זאָגנ פּאָשעט: „ערשטנס, זעצט מענ אראָפּ די פּרײַזנ" (אָדער פּאסיוו: „ווערנ די פּרײַזנ אראָפּגעזעצט"), ד. ה. אויסדריקנ דאָס טועכטס מיט א צײַטוואָרט, — זאָגט ער:

„די אראָפּזעצונג ווערט דורכגעפירט".

ד. ה. דעמ מאטעריִעלנ אינהאלט פונ דעמ טועכצ שפּארט דער שרײַבער ארײַנ אינ א זאכוואָרט („אראָפּזעצונג"); דאָס צײַטוואָרט „דורכגעפירט", וואָס בּיכלאל האָט עס א באטײַט פאר זיכ, איז דאָ ניט מער ווי א הילפוואָרט צומ זאכוואָרט. אָבער דערדאָזיקער שאבלאָנ איז א טעמע פאר זיכ.

———

קוקט מענ זיכ צו צו דעמדאָזיקנ געמיש פונ פּאסיווע אונ אקטיווע פאָרמעס, אָפּטמאָל אינ איינ זאצ, איז קריגט מענ דעמ אײַנדרוק, אז ער איז ניט קיינ צופע־ליקער. באוווסט אָדער אומבאוווסט שטעקט דאָ א געוויסער גאנג, א געוויס געפיל פאר דער שפּראכ. איכ האָב שוינ פריִער געוויזנ, אז ניט אומעטומ קענ די־פולע פּאסיווע קאָנסטרוקציע אלציינס צוטרעטנ, אונ ניט אלדינג קלינגט אינ דער־דאָזיקער קאָנסטרוקציע אלציינס.

17) דאָ רעדט זיכ וועגנ א פּיעסע, גענומענ פונ אָדעסער לעבנ, וואָס איינער ע . . . האָט אָנגעשריבנ.

אין זאצן, מיט א נײַעם אידעיִשן געזעלשאפטלעכן אינהאלט, וואָס די גערעדטע שפראך האָט ביז איצט ניט געוווּסט פון אים, קלינגט אונדז די פאסיווע קאָנסטרוקציע ניט אזוי שלעכט ווי בא זאכן, פאסירונגען פון דעם אלטעגלעכן לעבן (זע די זאצן 16, 17 אין קאפיטל 1), און פארקערט אויך דאָסזעלבע. דאָס אייגענע זעען מיר צו מיט דעם האלבן פאסיוו. ס'איז א פאקט, אז דאָס איז די „באליבטסטע", די פאָפולערסטע פאָרמע אין דער פּרעסע, און זי טרעפט זיך ניט קיין פארגלײַך אָפטער ווי דער פולער פאסיוו. קוקן מיר זיך אָבער צו צום אייגנטלעכן פעלד פון דעם האלבן פאסיוו, אזוי זעען מיר, אז דאָס איז אויך ניט איבעריק גרויס, און דאָ זײַנען פאראן געוויסע שאבלאָנען. צומייסטנס טרעפן מיר די האלבע פאסיווע קאָנסטרוקציע בא נײַע באגריפן, בא נײַע אויסדריקן, נײַע וואָרט־קאָמבינאציִעס, וואָס זײַנען געבונדן מיט דידאָזיקע באגריפן.

„דורכפירן" וועט איר אָפטער טרעפן אין דער פאָרמע: „דורכגעפירט ווערן", ווײַל צומייסטנס איז דאָס געבונדען מיט „קאמפאניע" („די קאמפאניע ווערט דורכגעפירט"), „דירעקטיוון", „אופגאבע", „קאמפ", „מאָסמיטלען", „פאָרשלאָג", א. א. וו. ווי ווײַט דידאָזיקע פאָרמע איז פאָפולער,— דאָס קען מען ארויסזען דערפון, וואָס פון 138 האלבע פאסיוון אין איין נומער צײַטונג האָב איך געפונען 20 מאָל די קאָמבינאציע מיט „דורכגעפירט ווערן". דאָסזעלבע איז מיט „פארווירקלעכט ווערן", „אויסגעפילט ווערן" („די דירעקטיוו, די אופגאבע וועט פארווירקלעכט, אויסגעפילט ווערן"), מיט „ארײַנגעצויגן ווערן" (אין קאמפ, אין די קלובן, פאריינען), מיט „צוגעצויגן ווערן" (צום געריכט א. ד. גל.), מיט „אָרגאניזירט ווערן" (קאָנטראָל־קאָמיסיעס, מיטינגען, ארבעט), מיט „אָנגעמערקט ווערן" (מאָסמיטלען) א. אז. וו. און אוואדע שוין—מיט „ארויסגערוקט ווערן" (פאָרשלאָגן), „מאָביליזירט ווערן" (די מאסע) א. ד. גל. פארשטייט זיך, מע קען טרעפן אַין א פאסיווער פאָרמע אזוינע היימישע אלטבאקאנטע פאָלקס־ווערטער, ווי „שיקן", „מאכן", „געבן" א. ד. גל. אָבער צומייסטנס, אָדער אָפטער,— אין נײַע קאָמבינאציִעס, מיט א נײַעם אינהאלט:

38) עס וועט געשיקט ווערן א נאָטע,
39) ס'איז צוגעשיקט געוואָרן א באגריסונג,
40) עס ווערן געמאכט קאָנקרעטע פאָרשלאָגן,
41) עס איז געמאכט געוואָרן אן אטאקע,
42) עס דארף געמאכט ווערן א דרוק (давление) אף די קאָאָפעראטיווע אָרגאנען,
43) עס וועט געגעבן ווערן א פאָרמולירונג,
44) ס'זײַנען געגעבן געוואָרן דירעקטיוון א. אז. וו.

א צײַטונג־מענטש קען שרײַבן:

45) אַט פארוואָס כ' ק... איז ארעסטירט געוואָרן (צ.).

אָבער דאָ דערבײַ אויך:

45a) מע ארעסטירט די יוגנט (צ.).

ער קענ זאָגנ:

46) עס ווערט אויסגעהערט די מיינונג פונ דער גאנצער פאבריק (צ.).

אונ אויכ:

a46) אז מע האָט געהערט דעמ פאָרטראג . . . האָט זיכ געקענט אויסווײַזנ (צ.).

אָבער „פעסטשטעלנ", „דורכפירנ" ווערט איר, אינ א אומפערזענלעכנ זאצ, זעלטנ געפינענ אינ א צײַטונג אינ אנ אקטיווער פאָרמע. אינ גרעסטנ טייל פאלנ מוז „פעסטגעשטעלט ווערנ", „דורכגעפירט ווערנ", ביפראט ווענ ס'האנדלט זיכ פונ א „נאָרמ", „דירעקטיוו" א. ד. גל. נײַע באגריפנ, וואָס אינ דער מאסנשפראכ זײַנענ זיי ביז איצט ניט געווענ.

קורצ, — אינ אנ אומבאשטימט-פערזענלעכנ זאצ מאכט מענ אינ דער צײַטונג־שפראכ פאסיוונ צומייסטנס ענטפער בא נײַ־געבילדעטע, נײַ־ארײַנגענומענע צײַט־ווערטער, אָדער בא נײַעמ געברויכ פונ אלטע צײַטווערטער, אָדער בא קאָמבינאציִעס פונ אלטע (אונ נײַע) צײַטווערטער מיט נײַע באגריפנ, מיט א נײַעמ אינהאלט. ס'איז שוינ געוואָרנ א שאבלאָנ קימאט אינ דער גאָרער יִדישער פרעסע אינ אלע עקנ וועלט. אזוינע פראזעס, ווי אונדזערע 33, 35, 36, קענ מענ געפינענ בא א שרײַבער מיט א „פאָלקסטימלעכער" שפראכ ביכלאל, ווי ד"ר זשיטלאָווסקי (אינ איינ ארטיקל אינ ניו־יאָרקער „דער טאָג"):

* 47) די רעדעס, וואָס זײַנענ געהאלטנ געוואָרנ אפ דעמ באנקעט, האָבנ גאנצ זיכער א היסטאָרישנ ווערט.

* 48) פיר גרעסערע ארטיקלענ ווידמענ די „כתובימ" דער פראגע, וואָס איז באהאנדלט געוואָרנ אינ די באנקעט-רעדנ.

* 49) זיי גלויבנ, אז... א שאָלעמ צווישנ די קעמפנדע מאכנעס קענ דורכגעפירט ווערנ.

מע טרעפט אזוינע פאסיוונ, אשטייגער, בא ניגערנ:

* 50) אלצ, וואָס ווערט בא אונדז געזאָגט אונ געשריבנ... אלע אונדזערע סיכסוכימ אונ מאכלויקעסנ דרייענ זיכ ארומ פראָטימ, ארומ בײַזאכנ, קיינ נײַער איקער ווערט נישט ארויסגעבראכט, ווערט נישט באלויכטנ, ווערט ניט אָנגערירט („ווילנער טאָג").

בא צײַטונג־שרײַבער אינ דער בירגערלעכער פרעסע ביכלאל:

* 51) די אנארכיסטנ סאקאָ אונ וואנצעטי, וועלכע זײַנענ פארמישפעט געוואָרנ צומ טויט אונ וואָס דער אורטייל אפ זיי דארפ אויסגעפירט ווערנ דעמ 10. ד. מ., זײַנענ ארי־בערגעפירט געוואָרנ פונ דער טפיסע... אינ דער קאמער פאר פארמישפעטע צומ טויט (דאָרט).

* 52) דער אורטייל וועט ארויסגעטראָגנ ווערנ דעמ 10 ד. מ. (דאָרט).

* 53) דער קאמפ דארפ געפירט ווערנ מיט פויזעס (דאָרט).

* 54) ער האָט פאָרגעוואָרפנ, אז אָנשטאָט סאָציִאליזמ ווערט געבויט מעלוכע-קאפיטאליזמ (דאָרט).

* 55) לויט זײַנ פאָרשלאָג איז באשלאָסנ געוואָרנ (דאָרט).

* 56) זי האָפט, אז דער שטרײַק וועט ליקווידירט ווערנ (דאָרט).

אנדערש איז מיט „וואָכעדיקע" זאכנ, מיט באגריפנ אונ אויסדריקנ, וואָס מענ איז געוווינט צו זיי אינ פאָלקסמויל. דאָרט איז אויכ דער צײַטונג־שרײַבער מער געבונדנ מיט דער נאָרמע, אונ דאָס נאטירלעכע געפיל פאר דער מאסנשפראכ לאָזט אימ ניט מאכנ קיינ פאסיוונ. ס'איז שווערער צו זאָגנ: „עס ווערנ געבויט שטאלנ" (אינ № 29), איידער צו זאָגנ:

57) די קאָנטראָל-קאָמיסיעס און אינספּעקציעס ווערן פאר די לעצטע יאָרן לעכאטכילע געבויט אפּנ צוזאמענגעבונד מיט די ארבעטער-מאסנ (צ.).

אזא טיפּ זאצ איז אזוי נײַ לויטנ אינהאלט, איז אזוי אבסטראקט געשריבנ, אז די פּאסיווע קאָנסטרוקציע איז דאָ ניט דאָס שווערסטע בײַצוקומענ. אָבער, פארשטייט זיכ, אָט דעם „נאטירלעכנ אָפּקלײַב" האלט איכ בלויז פאר א טענדענצ; פאר קיינ קלאל קענ מענ דאָס ניט מאכנ.

מיר האָבנ שוינ געזעענ (ז. 56), אז דער פּאסיוו „ציט זיכ" ווי פונ זיכ, ווענ ער כאזערט איבער דעמ סוביעקט, אָדער אָביעקט, פונ א זאצ פריִער. דאָסזעלבע איז אויכ באמ האלבנ פּאסיוו:

58) ער איז געוועזנ א סטודענט... אונ איז אויסגעשלאָסנ געוואָרנ... (גאָדינער).

———

„ווערנ" אונ „זײַנ". אינ געוויסע פאלנ לאָזט זיכ די שווערקייט פונ דעמ פּאסיוו אויסמײַדנ דערמיט, וואָס מע שרײַבט דעמ פּרעדיקאט (אינ דער פארגאנגענער צײַט) מיט „זײַנ" אָנשטאָט „ווערנ" (מע גיט דאנ איבער א צושטאנד, א געשעעניש ניט קיינ אקציע), אשטייגער אינ דער פריִערדיקער פראזע 35:

a35) אפּנ... צוזאמענפאָר פונ קאָמיוג, ווו די פראגע איז באהאנדלט געוועזנ...

———

וועגנ קורצ אונ לאנג דארפ מענ דאָ זאָגנ דאָסזעלבע, וואָס בא דער פולער פּאסיווער קאָנסטרוקציע:

אינ די זאצנ, וואָס איכ ברענג דאָ, איז די אקטיווע קאָנסטרוקציע קירצער. ס'איז גענוג צו פארגלײַכנ:

| | |
|---|---|
| זײַנענ איבערגעגעבנ געוואָרנ | האָט מענ איבערגעגעבנ |
| ווערנ באשולדיקט | באשולדיקט מענ |
| זײַנענ באפרײַט געוואָרנ | האָט מענ באפרײַט |
| ווערט צוגעגעבנ | גיט מענ צו |
| עס וועט גאראנטירט ווערנ | מע וועט גאראנטירנ |

אינ זאצנ, ווו דער פּרעדיקאט שטייט אינ דער פארגאנגענער אָדער קומענדיקער צײַט, פאלט אומעטומ ארויס דאָס וואָרט „געוואָרנ", אָדער „ווערנ", אונ דערפונ לאָזט זיכ זאָגנ: מעגלעכ, אינ אלע אזוינע זאצנ איז די אקטיווע קאָנסטרוקציע קירצער.

———

## III. די פארשטעלטע פאסיווע קאָנסטרוקציע

### 1) די סובסטאנטיווישע פאסיווע קאָנסטרוקציע

*59) אָדער ווי איינער וואָלט זאָגן, אז עס קימערט אים ווייניק די אויסשלאכטונג פון א האלבווילדן שייוועט דורכ א ציוויליזירטער רעגירונג (צ.).

59א) אָדער ווי איינער וואָלט זאָגן, אז עס קימערט אים ווייניק (דאָס), וואָס א האלבווילדער שייוועט וועט אויסגעשלאכט ווערן (איז אויסגעשלאכט געוואָרן, ווערט אויסגעשלאכט) דורכ א ציוויליזירטער רעגירונג.

a59)... עס קימערט אים ווייניק, וואָס א ציוויליזירטע רעגירונג וועט אויסשלאכטן (האָט אויסגעשלאכט, שלאכט אויס) א האלב־ווילדן שייוועט.

*60) דערדאָזיקער קאמפ (אינ דער ארבעטער-באוועגונג. — נ. ש.) איז פאר אים פליגנ-קליינ; בעעמעס, וואָס פאר א ווערט האָט ער קעגנ דער באליידיקונג פון דרײַ יידישע דאָקטוירים דורכ זייערע קריסטלעכע קאָלעגנ? (צ.).

60א)... בעעמעס, וואָס פאַר א ווערט האָט ער קעגנ דעם, וואָס דרײַ יידישע דאָקטוירים זײַנענ באליידיקט געוואָרנ (ווערנ באליידיקט) דורכ זייערע קריסטלעכע קאָלעגנ?

a60) בעעמעס, וואָס פאר א ווערט האָט ער קעגנ דעם, וואָס קריסטלעכע דאָקטוירים האָבנ באליידיקט (באליידיקנ) זייערע דרײַ יידישע קאָלעגנ?

*61) עס איז איצט גאנצ קלאָר, אז די מיסהאנדלונג פונ די דרײַ יידישע דאָקטוירים פונ זייערע קריסטלעכע קאָלעגנ איז ניט געווענ בלויז א ספאָנטאנער אקט פונ בויסטוואָ (צ. буйство [18]).

61א) עס איז איצט גאנצ קלאָר, אז דאָס, וואָס די דרײַ יידישע דאָקטוירים זײַנענ מיסגעהאנדלט געוואָרנ פונ זייערע קריסטלעכע קאָלעגנ, איז ניט געווענ בלויז א ספאָנטאנער אקט פונ בויסטוואָ.

a61) עס איז איצט גאנצ קלאָר, אז דאָס, וואָס קריסטלעכע דאָקטוירים האָבנ מיסגעהאנדלט זייערע דרײַ יידישע קאָלעגנ, איז ניט געווענ....

62) דאָס דערמאָרדנ וואָיקאָווג אינ וואָרשע, די געשעענישנ אינ ווינ, די אומזיכערע פאָליטישע לאגע אינ אייראָפּע, דאָס פארלירנ די באשטעלונגענ פונ דער ענגלישער אינדוסטריע, — דאָס אלצ האָט געווירקט אינ איינ אונ דערזעלבער ריכטונג (צ. [19]).

---

[18]) אינ די פראזעס 60 אונ 61 האנדלט זיכ פונ איינער אונ דערזעלבער זאכ: אינ ניו־יאָרק האָבנ קריסטלעכע דאָקטוירים אינ א שפיטאָל שווער באליידיקט זייערע דרײַ יידישע קאָלעגנ: געבונדנ זיי אונ ארײַנגעוואָרפנ אינ א קאלטער וואנע. א ציוניסטישער מעקוינענ באקלאָגט דעם „כורבנ״. דער שרײַבער פונ № 60 אינ „פרײַהײַט״ דערציילט אימ, אז ס׳איז פאראנ פונ עפּעס וויכטיקערס צו טראכטנ אונ צו שרײַבנ. № 61 איז גענומענ פונ ניו-יאָרקער „דער טאָג״.

[19]) ס׳האנדלט זיכ פונ טשעמבערלענס דערקלערונג אינ ענגלישנ פארלאמענט, אז ער איז גרייט „זיכ איבערצובעטנ״ מיט רוסלאנד. אינ דער פראזע דעקט דער שרײַבער אופ די מאָטיווג, פארוואָס טשעמבערלענ האָט דאָס געמוזט טונ.

62א) ... די אומזיכערע פּאָליטישע לאגע אין אייראָפּע, דאָס, וואָס די באשטעלונגען זײַנען פארלאָרן געוואָרן (ווערן פארלאָרן, וועלן פארלאָרן ווערן) דורך דער ענגלישער אינדוסטריע, — דאָס אלץ האָט געווירקט אין איין און דערזעלבער ריכטונג.

63) איינצלנע פאלן פון פאראט, ווי לעמאָשל, דאָס פא־רעטערישע אונטערגעבן דורך די פּאָליאקן טולטשין די קאזאקן... ענדערט ניט אין גרונט דעם אלגעמיינעם כאראקטער פון דער גרופּירונג (הייליק־מאן, 180).

63א)... ווי לעמאָשל, דאָס, וואָס ס׳איז פארעטעריש אונטערגעגעבן געוואָרן דורך די פּאָליאקן טולטשין די קאַזאקן (אָדער: דאָס, וואָס דורך די פּאָליאקן איז פארעטעריש אונטערגעגעבן געוואָרן טולטשין די קאזאקן)... ענדערט ניט אין גרונט...

* 64) אין סאמע ברען פון אונדזער קאמף פאר דער גלײַכבארעכטיקונג פון אונדזערע קולטור־אנשטאלטן דורך דער רעגירונג און מוני־ציפּאליטעט טרעפט אונדז מאמעש ווי א מעסער אין רוקן דער באריכט פון דער לעצטער זיצונג פון דער קולטור־אָפּטיילונג בא דער וו—ר קעהילע־פארוואלטונג.

64א) אין סאמע ברען פון אונדזער קאמף (פאר דעם), אז אונדזערע קולטור־אַנשטאלטן זאָלן גלײַכבארעכטיקט ווערן דורך דער רעגירונג און מוניציפּאליטעט, טרעפט אונדז מאמעש ווי א מעסער...

a62)... די אומזיכערע פּאָליטישע לאגע אין אייראָפּע, דאָס, וואָס די ענגלישע אינדוסטריע וועט פארלירן, (פארלירט, האָט פארלאָרן) די באשטעלונגען, — דאָס אלץ האָט געווירקט אין איין און דערזעלבער ריכטונג.

a63) ווי, לעמאָשל, דאָס, וואָס די פּאָליאקן האָבן פארעטעריש אונטערגעגעבן טולטשין די קאזאקן,... ענדערט ניט...

a64) אין סאמע ברען פון אונדזער קאמף (פאר דעם), אז די רעגירונג און מוניציפּאליטעט זאָלן גלײַכבארעכטיקן אונדזערע קולטור־אנשטאלטן, טרעפט אונדז מאמעש ווי א מעסער...

אין די פראזעס 59—64 האָבן מיר א פאסיווע זאצקאָנסטרוקציע מיט א קונץ. די קונץ איז, וואָס מיר האָבן דאָ ניט קיין צײַטוואָרט אין א פאסיווער פאָרמע, — דאָס, וואָס אין אנדערע פאסיווע קאָנסטרוקציִעס ווארפט זיך דאָס אונדז באלד אין אויג. דערפון נעמט זיך, וואָס מיטן ערשטן קוק דערזעען מיר דאָ ניט די פאסיווקייט, און מע דארף זיך פריִער רעכט ארײַנטראכטן אין אזא קאָנסטרוקציע. דאָס טועכטס איז אין די זאצן באשריבן מיט א זאכוואָרט, אָנשטאָט א צײַטוואָרט. קעדיי דאָס קלאָר צו מאכן, האָב איך אונטער יעדער פראזע רעכטס צוגעגעבן א צווייטע פראזע אין א צוויקלטער פאסיווער קאָנסטרוקציע. № 59א, אשטייגער, איז סײַ לויט דעם אינהאלט, סײַ לויט דעם באטײַטיקן וואָרט־מאטעריאל, סײַ לויט דער קאָנסטרוקציע (פאסיוו) גענוי דאָסזעלבע, וואָס № 59, נאָר

אין 59א שטייט: „וועט אויסגעשלאכט ווערן", אָנשטאָט „די אויס־שלאכטונג" אין 59, — און דאָס מאכט מיטאמאָל קלאָר, אז מיר האָבן דאָ צו טון מיט א פולער פאסיווער קאָנסטרוקציע, וואָס מיר האָבן זי שוין געזעען פריִער אין ערשטן קאפּיטל. דאָסזעלבע איז מיט די איבעריקע פינף פראזעס רעכטס: אנ־מעטום האָבן מיר פריִער דאָ דעם זאצ מיט א זאכוואָרט: „באליידיקונג", „מיסהאנד־לונג", „דאָס פארלירן", „דאָס אונטערגעבן", „גלייַכבארעכטיקונג"; דערנאָך אונטנ האָבן מיר דיזעלבע פראזע א צעוויקלטע, מיט א צייַטוואָרט: „זייַנען באליידיקט געוואָרן", „זייַנען מיסגעהאנדלט געוואָרן", „זייַנען פארלאָרן געוואָרן", „ס'איז אונ־טערגעגעבן געוואָרן", „זאָלן גלייַכבארעכטיקט ווערן". די אנטקעגנדיקע פראזעס לינקס ווייַזן, ווי אזוי מע וואָלט געקענט שרייַבן דאָס אייגענע מיט אן אקטיווער קאָנסטרוקציע.

בעכיינ האָט דערדאָזיקער טיפּ קאָנסטרוקציע אין זיכ צוויי דעפעקטן: א) דעם דעפעקט פונ דער פולער פאסיווער קאָנסטרוקציע ביכלאל, ב) א ספּעציִעלן דעפעקט פונ זאכווערטער אָנשטאָט צייַטווערטער. דאָס זאכוואָרט, ווען עס פארבייַט א צייַט־וואָרט, מאכט שוינ פסיכאָלאָגיש דעם זאצ פאסיוו: דאָ גייט שוין ביכלאל פארלאָרן די גאנצע דינאמישקייט, אקטיווקייט, וואָס ס'שטעקט אין א צייַטוואָרט,— אפילע אין די פאלג, ווען דער זאצ האָט גראמאטיש אן אקטיווע קאָנסטרוקציע; ריכטיקער: ווען ער האָט ניט גראמאטיש אָפּן קיינ פאסיווע קאָנסטרוקציע (גענויער וועל איכ די־דאָזיקע טעמע באהאנדלען ספּעציִעל). בעכיינ האָבן מיר דאָ די שווערסטע פאסיווע קאָנסטרוקציע. מע דארף אָבער זאָגן: דערדאָזיקער טיפּ קאָנסטרוקציע טרעפט זיכ בעערעכ זעלטנ, אינ אונדזער צייַטונג־שפּראכ אויכ, אפילע אינ איבערזעצונגען פונ רוסיש. אסאכ האָט דאָ צו זאָגנ, וואָס אינ יידיש איז אסאכ שווערער צו מאכנ פונ דעם צייַטוואָרט א זאכוואָרט, איידער אינ רוסיש.

פונ די פעלערנ, וואָס מיר האָבן געזעען בא דעם אָפענעם פאסיוו, געהערט אהער די אומקלאָרקייט פונ די קאָמבינאציִעס מיט „פונ" און „דורכ". דער „פונ", וואָס דארף איבערקערן דעם לאָגישן סוביעקט, מאכנ פונ אים אן אָביעקט, ברענגט דאָ אריינ דיזעלבע אומקלאָרקייט, פאלשנ אויסטייַטש, וואָס מיר טרעפן אָפטמאָל אין דער אָפענער פאסיווער קאָנסטרוקציע. ווער ס'וועט לייענען אין № 62:

דאָס פארלירנ די באשטעלונגען פונ דער ענגלישער אינדוסטריע

וועט דאָס טייַטשן: עמעצער פארלירט די באשטעלונגען, וואָס די ענגלישע אינ־דוסטריע באשטעלט (ערגעצ). אזוי קענ מענ דאָס טייַטשן. אָבער וואָס דער שרייַבער מיינט דערמיט,— ווייסן מיר שוין, ס'איז איבערגעזעצט:

потеря заказов английской индустрией;

די ענגלישע אינדוסטריע וועט פארלירנ די באשטעלונגען, וואָס אנדערע באשטעלנ בא איר (דאָ איז געמיינט: די רוסישע באשטעלונגען).

דאָסזעלבע איז אייגנטלעכ מיט דעם „דורכ" אויכ. אשטייגער, אינ № 60. מיר האָבן שוינ געזעען אינ ערשטן קאפּיטל, אז „דורכ" האָט דעם באטייַט פונ „איבער", „מאכמעס" אויכ, ער גיט איבער די סיבע פונ עפּעס. אשטייגער, ווענ מיר זאָגנ:

65) איכ בינ דורכ דיר באליידיקט געוואָרנ

איז ווען מען דאָס געוויינטלעכ פאַרשטיין: איבער דיר האָט מען (עמעצער) מיכ באַליידיקט, ניט דפאקע: דו האָסט מיכ באַליידיקט. בעכיינ וואָלט מען דאָס געקענט אזוי טײַטשנ אינ № 60 אויכ: איבער די קריסטלעכע קאָלעגנ האָט מען (עמעצער) באַליידיקט דרײַ ייִדישע דאָקטוירים. „צום גליק" איז שוינ דערדאָזיקער באַטײַט פונ „דורכ" קימאַט ווי פאַרגעסנ אינ דער הײַנטיקער צײַטונג־שפּראַכ.

אינ № 61 איז דאָס אייגענע אויסגעדריקט מיט „פונ", אונ דאָ שאַפט זיכ נאָכ מער פּלאָנטער: ווער ווען האָט „מיסגעהאנדלט"? אונ עפּשער האָט עמעצער א זײַטיקער „מיסגעהאנדלט" סײַ די ייִדישע דאָקטוירים, סײַ זייערע קריסטלעכע קאָלעגנ, אונ דאָ איז דורכגעלאָזט אנ אונטערשטריכל (קאָמע) צווישנ די ווערטער „דאָקטוירים" אונ „פונ"?

נאָכ מער קענ „דורכ" ארײַנברענגענ אינ טאָעס, אשטייגער, אינ אזא פּראָזע:

66) עס איז נייטיק פאַרשטאַרקנ די אופמערקזאמקייט פונ די פּראָפּאָרגאניזאציעס צו דער זאכ פונ דער ארבעטער־דערפינדערישקייט, מיטווירקנדיק דעם פּראַקטישנ דורכפירנ פונ באַזונדערע דערפינדונגענ אונ פאַרפולקומונגענ דורכ די ווירטשאפטלעכע אָרגאנענ (צ.).

אינ דעם געשטריכלטנ טייל פּראָזע וויל דער אויטער זאָגנ: די פּראָפּאָרגאניזאציִעס דאַרפנ —

a66) מיטווירקנ (מיטהעלפנ, זענ), אז די ווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציִעס זאָלנ פּראַקטיש דורכפירנ (פאַרווענדנ) באַזונדערע (די פּאַראנענע, די פּאַסיקע) דערפינדונגענ אונ פאַרפולקומונגענ.

„די ווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציִעס" איז דאָ א סוביעקט, א טוער, וואָס דאַרפ „פּראַקטיש דורכפירנ" א. אז. וו. מע קענ דאָס אָבער פאַרשטיינ אנדערש אויכ: עמעצער וועט פּראַקטיש דורכפירנ די דערפינדונגענ מיט דער הילפ פונ (דורכ, через) די ווירטשאפטלעכע אָרגאנענ. „די ווירטשאַפטלעכע אָרגאנענ" איז דאָ א געצײַג, א הילפמיטל, אנ אָביעקט. ביידע אויסטײַטשנ זײַנענ דאָ גלײַכ באַרעכטיקט.

אָבער די פאַרשטעלטע פּאסיווע קאָנסטרוקציע האָט נאָכ אירע אייגענע, ספּעציִעלע פּעלערנ, — דאָס איז צום אלעם ערשטנ די אומקלאָרקייט וועגנ דער צײַט פונ דער האנדלונג. דידאָזיקע אומקלאָרקייט נעמט זיכ דערפונ, וואָס אָנשטאָט א צײַטוואָרט, איז דאָ דער מאטעריִעלער אינהאלט פונ דעם טועכצ ארײַנגעשפּארט אינ א זאכוואָרט; אונ א זאכוואָרט, אליינ פאַר זיכ, קענ קיינ צײַט ניט ווײַזנ. אינ № 59, אינ די ווערטער:

די אויסשלאכטונג פונ א האלבווילדנ שייוועט.

זעט מען לאַכלוטנ ניט, ווענ „די אויסשלאכטונג" איז פאָרגעקומענ: ס׳איז רעכט, אז מע האָט שוינ „אויסגעשלאכט", אז מע האלט נאָכ אינ „אויסשלאכטנ", אז מע וועט ערשט „אויסשלאכטנ". אלע דרײַ האשאָרעס זײַנענ דאָ לאָגיש גלײַכ באַרעכטיקט; אונ דעריבער האָב איכ זיי געמוזט ארײַנשטעלנ סײַ אינ דער צעוויקלטער פּאסיווער קאָנסטרוקציע (59א), סײַ אינ דער אקטיווער קאָנסטרוקציע (a59).
דאָסזעלבע איז אינ № 62. טשעמבערלענ קענ ווייכער ווערנ סײַ איבער דעם, וואָס ענגלאנד האָט שוינ פאַרלאָרנ באַשטעלונגענ (ס׳איז געזאָגט אנערעכ $1^1/_2$ כאַדאָשימ נאָכ דעם קאָנפליקט מיטנ ראַטנפאַרבאַנד!), סײַ, וואָס ענגלאנד פאַרלירט זיי איצט,

סײַ, װאָס זי װעט ערשט פאַרלירן (ער האָט זיך איצט, אין $1\frac{1}{2}$ כאַדאָשים אַרום, געקענט איבערצײַגן, אַז דער ראַטנפאַרבאַנד מײגט דאָס ערנסט).

אין № 60 איז קימאַט קלאָר,—װען מיר זאָלן אַפילע ניט װיסן די עצעם־געשיכטע, אַז „די מײַסע מיט דער באַלײדיקונג" מוז געהערן צו דער פאַרגאַנגענהײַט. אָבער דידאָזיקע פאַרגאַנגענהײַט קען מען פ א ר ש י ד ן ב א ש ר ײַ ב ן. מע קען זאָגן:

„דרײַ ייִדישע דאָקטױרים ז ײַ נ ע ן באַלײדיקט ג ע װ אָ ר ן" (אין דער אַקטיװער קאָנסטרוקציע: „קריסטלעכע דאָקטױרים ה אָ ב ן ב א ל ײ ד י ק ט זײערע דרײַ ייִדישע קאָלעגן").

מע קען אָבער אױך זאָגן:

„דרײַ ייִדישע דאָקטױרים װ ע ר ן באַלײדיקט" (אין דער אַקטיװער קאָנסטרוקציע: „קריסטלעכע דאָקטױרים באַלײדיקן" א. אַז. װ.).

די צײַט איז דאָ געמײנט דיזעלבע, ס'איז אָבער פאַרשידענע ס ט י ל י ס ט י ש ע אױסדרוק־מיטלען. ניצן די איצטיקע צײַט אָנשטאָט דער פאַרגאַנגענהײַט (פּרעזענס היסטאָריקום), — דאָס איז א געװיס מיטל אַף לעבעדיקער צו מאַכן די באַשרײַבונג. בא א זאַכװאָרט סטאַם („באַלײדיקונג") גײט דידאָזיקע סטיליסטישע מעגלעכקײט פאַרלאָרן.

קלאָר איז, אַז אין № 63 מײנט מען די פאַרגאַנגענהײַט, און אין 64 די צוקונפט, אָבער דאָס זאַכװאָרט איז דאָ ניט שולדיק; די צײַט זעען מיר דאָ פון דעם גאַנצן טעקסט. אין 63 איז באַשריבן א ה י ס ט אָ ר י ש ע געשעעניש; אין 64 קעמפט מען פאַר עפּעס, װאָס מע װיל ערשט דערלאַנגען; דערװײַל, הײסט דאָס, האָט מען נאָך דאָס ניט (די „גלײַכבאַרעכטיקונג").

בּיכלאַל אָבער, װען דער טעקסט, די באַשריבענע סיטואַציע װײַזט אונדז נישט די צײַט (און אַזױגע פאַלן זײַנען פאַראַן אַסאַך), איז דאָס זאַכװאָרט אַלײן, װאָס דריקט אױס דאָס טועכץ, לאַכלוטן אומבאַהאָלפן עפּעס אופּצוטון: ס'איז רעכט אַלע דרײַ צײַטן.

די אַקטיװע קאָנסטרוקציע בינדט אוף די געפּענטעטע ענערגיע פון דער האַנדלונג, זי איז קלאָרער, פרײַער. מע קען זיך אָבער ניט לײקענען: דאָ, בא דעמדאָזיקן טיפּ קאָנסטרוקציע, האָט זי געװיסע שװערקײטן אױך. ערשטנס,—די װ אָ ר ט־ש ט ע ל ו נ ג. בלױז אין № a63 האָבן מיר אין דער אַקטיװער קאָנסטרוקציע די־זעלבע װאָרטשטעלונג, װאָס אין 63, אין דער פּאַסיװער. אין די איבעריקע פינעף פּראָזעס האָבן מיר אַן אַנדער װאָרטשטעלונג.

אין № a62 בײַט זיך פון דער נײַער װאָרטשטעלונג פּאַקטיש גאָרניט אקעגן דעם זינען פון № 62, ס'איז לאַכלוטן איבעריק דאָ ספּעציִעל צו באַטאָנען „די ענגלישע אינדוסטריע", װאָרעם בלױז די ענגלישע אינדוסטריע קען אָגגײן טשעמבערלענען אין אַזאַ סיטואַציע. אָבער אין די איבעריקע פיר פּראָזעס פילן מיר שױן דעם כילעק. אַשטײגער, אין № 59 האָבן מיר צום סאָף די װערטער, „דורך א ציװיליזיר־טער רעגירונג", און, ניקער, אַז דער שרײַבער װיל גראָד דאָס באַטאָנען. פאַרקערט, אין № a59 איז די „ציװיליזירטע רעגירונג" דערמאָנט אין בײַזאַץ צום אָנהױב, און צום סאָף שטײען די װערטער „א האַלב־װילדן שיװעט", מעמײלע פאַלט דער לאָגישער אַקצענט אַף זײ. דאָסזעלבע איז אין די דרײַ אַנדערע פּראָזעס. בעסערן מיט

איבערשטעלנ די זאצגלידער לאָזט זיך דאָ ניט; מיר האָבנ דאָ אינ די אלע בײַזאצנ אינ דער אקטיװער קאָנסטרוקציע א געבונדענע װאָרטשטעלונג. מע קענ ניט זאָגנ אינ № a60 לינקס:

...װאָס דרײַ ייִדישע דאָקטױרים האָבנ באלײדיקט זײערע קריסטלעכע קאָלעגנ,

װײַל דאָס װאָלט געהײסנ פונקט פארקערט, װאָס דער אװטער װיל זאָגנ: די ייִדישע דאָקטױרים װאָלטנ דאָ געװענ די באלײדיקער, נישט די באלײדיקטע[20].

מע קענ אפילע ניט זאָגנ אינ a59:

b59) . . . װאָס א האלב־װילדנ שײװעט װעט אױסשלאכטנ א ציװיליזירטע רעגירונג.

כאָטש די װאָרטפאָרמעס: „א האלב־װילדנ" אונ „ציװיליזירטע" װײַזנ שױנ דאָ, װער איז דער סוביעקט אונ װער דער אָביעקט. מע קענ דאָס ניט, — װײַל מיר זײַנענ שױנ געװױנט צו דער געבונדענער װאָרטשטעלונג אינ אזא טיפּ בײַזאצ. אינ אזױנע פאלנ קומט אױס צו מיטלענ זיך מיט ספּעציעל באטאָנענ (טאָפּלענ) דעמ סוביעקט:

c59) . . . װאָס א ציװיליזירטע רעגירונג, זי (די) װעט אױסקױלנ א האַלב־װילדנ שײװעט.

מיט איבערוקנ די סאָפ־װערטער נעענטער צומ אָנהױב:

d59) . . . װאָס א ציװיליזירטע רעגירונג װעט א האלב־װילדנ שײװעט אױסשלאכטנ.

דאָ פאלט שױנ מער דער אקצענט אפ „אױסשלאכטנ", אָבער אזא װאָרטשטעלונג איז פאר א ניכטערער צײַטונג־ארבעט אַביסל אָנגעצױגנ סטיליסטיש, כאָטש פאלש איז דאָס ניט.

מע קענ איבערכאזערנ א װאָרט, אונ דאָס זאָל װײַזנ, אז מע מײנט מער צו באטאָנענ די „ציװיליזירטע רעגירונג":

e59) . . . װאָס א רעגירונג, א ציװיליזירטע רעגירונג, זאָל אױסשלאכטנ א האלב־װילדנ שײװעט.

לעסאָפּ קענ מענ דאָ איבעראנדערשנ דעמ זאצ טײלװײַז אָדער גאָר. דאָ איז שױנ אסאך געװענדט אינ קאָנטעקסט. גראָד האָב איך איצט ניט צו דער האנט דעמ קאָנטעקסט צו № 59. אָבער № a60 לאָזט זיך זאָגנ:

---

20) דערפונ נעמט זיך די געבונדענע װאָרטשטעלונג אינ אנאליטישע שפּראכנ, װאָס האָבנ ניט קײנ בױגפאָרמעס א.ד.גל. צו װײַזנ דערמיט די סינטאקסישע באציִונג צװישנ װערטער (זאצגלידער). אפ רוסיש, אשטײגער, װאָלט מענ געקענט זאָגנ (אױך ניט גאָר גלאט):

...что трех еврейских врачей оскорбили их... христианские коллеги

דער נאָמינאטיװ (коллеги) אונ דער אקוזאטיװ (врачей — ניט врачи) װײַזנ שױנ דאָ, װער איז דער סוביעקט (באלײדיקער) אונ װער דער אָביעקט פונ דער האנדלונג (באלײדיקטער). אינ ייִדיש האָט די װאָרטשטעלונג די פונקציע צו װײַזנ דידאָזיקע באציִונג, דעריבער איז זי א געבונדענע.

אינטערעסאנט אזא װאָרטשפּיל אפ דער טעמע בא שאָלעמ־אַלײכעמענ:

— „א גאדלענ האָט אָבער פײַנט די װעלט, דאָס הײסט, ניט ער האָט פײַנט די װעלט, נאָר די װעלט — אימ".

(ש"א, אלע װערק, ב. III, פארל. ב. קלעצקינ, װארשע־װילנע, 1925, ז. 236).

b60) . . . וואָס פאר א ווערט האָט ער קעגן דעם, וואָס דרײַ ייִדישע דאָקטוירים קריגן באליידיקט פונ זייערע קריסטלעכע קאָלעגן?

c60) . . . וואָס פאר א ווערט האָט ער קעגן דעם „כורבנ״ מיט די דרײַ ייִדישע דאָקטוירים, וואָס ס׳האָבנ זיי באליידיקט זייערע קריסטלעכע קאָלעגן?

d60) . . . וואָס פאר א ווערט האָט ער קעגן דער באליידיקונג, וואָס דרײַ ייִדישע דאָקטוירים האָבנ געכאפּט פונ זייערע קריסטלעכע קאָלעגן?

אָדער № a64:

b64) אינ סאמע ברענ פונ אונדזער קאמפּ, אז אונדזערע קולטור־אנשטאלטנ זאָלנ קריגנ גלײַכע רעכט (גלײַכבארעכטיקונג) פונ (בא) דער רעגירונג אונ מוניציפּאליטעט, טרעפט אונדז א. אז. וו.

c64) אינ סאמע ברענ פונ קאמפּ, ווענ מיר מאָנענ גלײַכבארעכטיקונג פאר אונדזערע קולטור־אנשטאלטנ בא דער רעגירונג אונ מוניציפּאליטעט א. אז. וו.

d64) בעייס סע האלט אינ סאמע ברענ דער קאמפּ צו קריגנ גלײַכבא־רעכטיקונג פאר אונדזערע קולטור־אנשטאלטנ בא דער רעגירונג אונ מוניצי־פּאליטעט א. אז. וו.

ס׳זײַנענ מעגלעכ נאָכ אנדערע קאָמבינאציִעס, אָבער ניט אלע וועלנ זײַנ אזוי גלאט, אזוי פּאָשעט ווי אונדזערע פינעפ פּראזעס אינ דער אקטיווער רעדאקציע. אונ גראָד די בעסערע וועלנ ניט שטענדיק זײַנ אזוי קורצ, אזוי שפּאָרעוודיק אינ וואָרט־מאטעריאל.

אונ דאָ קומענ מיר צו א צווייטער אייגנטימלעכקייט פונ דער אקטיווער קאָנ־סטרוקציע,—צו דעם פּונקט: קירצער אונ לענגער. מיר האָבנ פריִער, אינ די ערשטע 2 קאפּיטלענ, געזעענ, אז די אקטיווע קאָנסטרוקציע איז ביכלאל קירצער פאר דער פּאסיווער. ווענג אונדזער איצטיקער אקטיווער קאָנסטרוקציע (בא דעם פארשטעלטנ פּאסיוו) לאָזט זיכ דאָס ניט שטענדיק זאָגנ: די פּראזעס a59, a60, a64 זײַנענ קירצער פאר די אנטקעגנדיקע זאצנ מיט דעם פארשטעלטנ פּאסיוו. די פּרא־זעס a61 אונ a63 זײַנענ לענגער; № a62 איז אינ צוויי קאָמבינאציִעס („האָט פאר־לאָרנ״, „וועט פארלירנ״ לענגער, אונ בלויז אינ איינ קאָמבינאציע („פארלירט״) קיר־צער. בּויענ מיר איבער דעם אקטיוונ זאצ, ענדערנ מיר דעם באטײַטיקנ וואָרט־מא־טעריאל, קעדיי צו באטאָנענ דעמזעלבנ זאצגליד, וואָס אינ דער פּאסיווער קאָנ־סטרוקציע, אזוי איז פאראנ נאָכ מער שאנסנ, אז דער זאצ זאָל ווערנ לענגער (№ c60, d60, c64 א. אנד.).

די מײַלעס פונ דער אקטיווער קאָנסטרוקציע זײַנענ אָבער דאָ אזוי גרויס, אז, אינ מײַנע אויגנ ווייניקסטנס, וויגנ זיי איבער די כעסרוינעס, וואָס קענענ זיכ דאָ טרעפנ. שוינ גלײַכער צו זינדיקנ קעגנ קיצער אָדער קעגנ דינאמישנ אקצענט, איידער קעגנ קלאָר אונ פּאָשעט.

———

67) פאראַנ בא אונדז געגוג געזעלשאפטנ, געשאַפענע דורכ די ארבעטנדיקע אפ צו העלפנ דער ראַטנמאַכט (צ.).

א67) פאראַנ בא אונדז געגוג געזעלשאפטנ, וואָס זײַנענ געשאַפנ געוואָרנ דורכ די ארבעטנדיקע אפ צו העלפנ דער ראַטנמאַכט.

68) די פוטוריסטנ, געדרענגטע פונ די נעאָקלאסיקער, האָבנ איבערגעוואַנדערט קיינ כארקאָוו (צ.).

א68) די פוטוריסטנ, וואָס ווערנ געדרענגט (זײַנענ געדרענגט געוואָרנ) פונ די נעאָקלאסיקער, האָבנ איבערגעוואַנדערט קיינ כארקאָוו.

69) ...ווינקל, צונויפגעשטעלט פונ די קורסאַנטנ זעלבסט (זש.).

א69) ...ווינקל, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרנ (ווערט צונויפגעשטעלט, וועט צונויפגעשטעלט ווערנ) פונ די קורסאַנטנ זעלבסט.

70) א נײַער וויסנשאפטלעכער קלאַל, דערפונדנ מיטנ פאָרזיצער פונ מאָלעווער סטראַכקאַסע (צ.).

א70) א נײַער וויסנשאפטלעכער קלאַל, וואָס איז דערפונדנ געוואָרנ מיטנ פאָרזיצער פונ מאָלעווער סטראַכקאַסע.

71) א בריוו, באַקומענ אינ מאלינער ראַיאָנ פונ אנ אקטיוונ ציִאָניסט (צ.).

א71) א בריוו, וואָס איז באַקומענ געוואָרנ אינ מאלינער ראַיאָנ פונ אנ אקטיוונ ציִאָניסט[21].

72*) עס איז אָנגענומענ געוואָרנ א רעזאָליוציע, פאָרגעשלאָגנ דורכ דעמ באַרימטנ ענגלישנ שריפטשטעלער גאָלסוואָרסי (וו"ב).

א72) עס איז אָנגענומענ געוואָרנ א רעזאָליוציע, וואָס איז פאָרגעשלאָגנ געוואָרנ

a67) פאראַנ בא אונדז געגוג געזעלשאפטנ, וואָס די ארבעטנדיקע האָבנ באַשאַפנ אפ צו העלפנ דער ראַטנמאַכט.

b67) אפ צו העלפנ דער ראַטנמאַכט איז פאראַנ בא אונדז געגוג געזעלשאפטנ, וואָס די ארבעטנדיקע האָבנ באַשאַפנ.

a68) די פוטוריסטנ, וואָס עס דרענגענ זיי (עס האָבנ זיי געדרענגט) די נעאָקלאסיקער, האָבנ איבערגעוואַנדערט קיינ כארקאָוו.

a69) ...ווינקל, וואָס עס האָבנ צונויפגעשטעלט (עס שטעלנ צונויפ, עס וועלנ צונויפשטעלנ) די קורסאַנטנ זעלבסט.

a70) א נײַער וויסנשאפטלעכער קלאַל, וואָס עס האָט דערפונדנ (אויסגעפונענ) דער פאָרזיצער פונ מאָלעווער סטראַכקאַסע.

a71) א בריוו, וואָס עס האָט באַקומענ אינ מאלינער ראַיאָנ אנ אקטיווער ציִאָניסט.

b71) א בריוו, וואָס מע האָט באַקומענ אינ מאלינער ראַיאָנ פונ (בא) אנ אקטיוונ ציִאָניסט.

a72) מע האָט אָנגענומענ א רעזאָליוציע, וואָס עס האָט פאָרגעשלאָגנ דער באַ־

[21]) די פראַזעס 67, 69, 70, 71 זײַנעג גענומענ בא זארעצקינ אינ „גרײַזנ אונ ספייקעס".

דורכ דעם בארימטג ענגלישנ שריפטשטעלער גאלסוואָרטי.

* 73) די ייִדישע צענטראלע שול-אָרגאניזאציע (אינ לעט-לאנד) האָט אויכ צווייייאָריקע פעדאגאָגישע קורסנ, סובסידירטע פונ דער מעלוכע אונ פונ דעמ מעלוכישנ קולטור-פאָנד (וו״ב).

73א) די ייִדישע צענטראלע שול־אָרגאניזאציע האָט אויכ צווייייאָריקע פעדאגאָגישע קורסנ, וואָס (וועלכע) ווערנ סובסידירט פונ דער מעלוכע אונ פונ דעמ מעלוכישנ קולטור־פאָנד.

74) יעטווידער רובל, אריַינגעלייגטער אינ דער וירטשאפט, וועט מיט דער צייַט איַינברענגענ נייַע געברויכ-מיטלענ (צ.).

74א) יעטווידער רובל, וואָס ווערט אריַינגעלייגט (וועט אריַינגעלייגט ווערנ, איז אריַינגעלייגט געוואָרנ) אינ דער ווירטשאפט, וועט מיט דער צייַט איַינ־ברענגענ נייַע געברויכ־מיטלענ.

75) אלע קאָנטראקטנ אונ היסכייַעוועסנ, געשלאָסענע פונ פריִער, וועלנ פינקטלעכ אויסגעפילט ווערנ (צ.).

75א) אלע קאָנטראקטנ אונ היסכייַעוועסנ, וועלכע (וואָס) זייַנענ געשלאָסנ געוואָרנ (פונ) פריִער, וועלנ פינקטלעכ אויסגעפילט ווערנ.

רימטער ענגלישער שריפט־שטעלער גאלסוואָרטי.

a73) די ייִדישע צענטראלע שול־אָרגאניזאציע האָט אויכ צווייייאָריקע פעדאגאָגישע קורסנ, וואָס עס סובסידירט זיי (וואָס קריגנ סובסידיע פונ) די מעלוכע אונ דער מעלוכישער קולטור־פאָנד.

a74) יעטווידער (יעדער) רובל, וואָס מע לייגט אריַינ (מע וועט אריַינלייגנ, מע האָט אריַינגעלייגט) אינ דער ווירטשאפט, וועט א. אז. וו.

a75) אלע קאָנטראקטנ אונ היסכייַעוועסנ, וואָס מע האָט געשלאָסנ פריִער, וועט מענ פינקטלעכ אויספילנ (אַויספירנ).

אינ די געבראכטע פראזעס 67—75 האָבנ מיר אינ די געשטריכלטע וואָרט־גרופעס אויכ א פאסיווע קאָנסטרוקציע, אויכ אינ א פארשטעלטער פאָרמע, אָבער אנ־דערש פארשטעלט. דאָס, וואָס אינ דער סובסטאנטיווישער פאסיווער קאָנסטרוקציִע טוט אופ דער סובסטאנטיוו, טוט דאָ אופ דער אדיעקטיוו (אָדער די פארטיציפ־פאָרמע [22]). אויבנופ זעענ מיר ניט די פאסיווקייט, ווייַל דאָ איז אויכ ניטאָ די צונויפ־זעצונג פונעם צייַטוואָרט מיט „ווערנ״. די פאסיווקייט קריגנ מיר ערשט צו זענ, ווענ מיר צעוויקלענ די געשטריכלטע וואָרט־גרופעס אינ א פולנ בייַזאצ. אשטייגער, № 67א איז לויט דעמ אינהאלט נאָכ גענוי דאָסזעלבע, וואָס № 67, נאָר דאָ האָבנ מיר: „וואָס זייַנענ געשאפנ געוואָרנ דורכ די ארבעטנדיקע״, אָנשטאָט:

---

[22]) כ׳ א. זארעצקי האלט דאָס פאר אנ אדווערב; (זע: „פראקטישע גראמאטיק״. ז. 93, § 200, אויכ „גרייַזנ אונ ספייקעס״, ז. 85, אינ דער באמערקונג). פארוואָס ער האלט דאָס אזוי — ארגומענטירט ער ניט גענוג. דער בייַשפיל, וואָס ער ברענגט אינ דער „גראמאטיק״: „דערשראָקנ, האָט ער געעפנט די טיר״, איז איבערצייַגנדיקער, איידער דער בייַשפיל אינ „גרייַזנ אונ ספייקעס״: „די בירגער, געבוירנ אינ 1920 יאָר, וועלכע האָבנ ניט״ א. אז. וו. מעגלעכ אָבער, אז מיר האָבנ דאָ א פארטיציפ, אונ דערמיט דערקלערט זיכ, וואָס אזא וואָרט קענ פירנ נאָכ זיכ אנדערע ווערטער. וועגנ דער גראמאטישער נאטור פונ דער פאָרמע דארפ מענ נאָכ קלערנ.

„געשאפענע דורכ די ארבעטנדיקע", ד. ה. א פולנ בײַזאַצ אָנשטאָט א פארקירצטנ (אָדער אָנשטאָט אנ אָפּגעזונדערטער אטריבוטיווער גרופּע), אונ דאָס ווײַזט אונדז קלאָר די פאסיווקייט פונ דער קאָנסטרוקציע.

דאָס וואָרט, וואָס פארקירצט אונדז דעמ בײַזאַצ, האָבנ מיר דאָ אינ צוויי פארשידענע פאָרמעס 1) „געשאפענע", „געדרענגטע", „סובסידירטע", ארײַנגעלייגטער", „געשלאָסענע"; 2) „צונויפגעשטעלט", „באקומענ", „דערפונדנ", „פאָרגעשלאָגנ". דער כילעק איז דאָ קלאָר: אינ ערשטנ פאל האָבנ מיר א ריינ־אדיעקטיווישע פאָרמע, וואָס שטימט מיטנ זאכוואָרט אַינ הויפטזאצ אינ צאָל, מינ. אינ צווייטנ פאל האָבנ מיר די פארטיציפּ־פאָרמע. דאָ דארפ מענ קוידעמקאָל זאָגנ: ווי אזוי מע זאָל זיכ ניט פארהאלטנ צו דעמ טיפּ פאסיווע קאָנסטרוקציע, — איז דאָ די אדיעקטיווישע פאָרמ פאלש: אינ דער שיינער ליטעראטור, ווי ווײַט מע ניצט ביכלאל דידאָזיקע קאָנסטרוקציע (זע שפעטער, № 141, 146, 147, 160, 162), אונ בא אונדזערע געניטערע פובליציסטנ איז דאָ דער קלאל די ק ו ר צ ע פאָרמע; די פולע, די אדיעקטיווישע פאָרמע איז אנ אויסנעמ. די אדיעקטיווישע פאָרמע אינ אונדזער צײַטונג־שפּראַכ — דאָס איז נאָכגעמאכט די רוסישע פאָרמע (вложенный, созданные א. אז. וו.).

וועגנ דעמ עצעמ־טיפּ פונ דערדאָזיקער קאָנסטרוקציע דארפ מענ זאָגנ דאָס, וואָס וועגנ יעדער פאסיווער קאָנסטרוקציע: זי איז שווערער פאר דער אקטיווער. דאָ דארפ מענ באהאנדלענ באזונדער 2 גרופּעס: 1) ווענ דער בײַזאַצ האָט זײַנ אייגענעמ לאָגישנ סוביעקט (אונדזערע זאצנ 67—73), 2) ווענ ער האָט אימ ניט (אונדזערע זאצנ 74—75). שווערער איז, נאטירלעכ, די ערשטע גרופּע: זי קערט איבער דעמ לאָגישנ סוביעקט („די ארבעטנדיקע", „נעאָקלאסיקער" א. אז. וו.), מאכט פונ אימ אנ אָביעקט, — אנ אופּטו, וואָס איז אונדז שוינ באקאנט פונ דער פולער פאסיווער קאָנסטרוקציע. זי טוט דאָס מיט דיזעלבע מיטלענ: מיט דער הילפ פונ די פּרעפּאָזיציעס „דורכ", „פונ", „מיט";— מעמיילע האָבנ מיר דאָ אָפטמאָל דיזעלבע אומקלאָרקייט, וואָס דאָרט. אשטייגער, אינ № 71 איז ניט קלאָר, ווער עס האָט באקומענ דעמ בריוו: דער ציִאָניסט, אָדער עמעצער אנדערש (פונ א ציִאָניסט). זאָגנ דאָסזעלבע מיט „דורכ" וואָלט אויכ ניט געווענ בעסער: מע וואָלט געקענט מיינענ, אז דער ציִאָניסט איז דאָ דער פארמיטלער (דורכ — через), אזוי ווי מע וואָלט זאָגנ: „דורכ פאָסט". איכ האָב דעריבער אינ דער רעדאקציע a71 געמוזט אָנגעבנ צוויי וואריִאנטנ.

די פּרעפּאָזיציע „מיט" אינ № 70 איז דאָ פאלש אזויווי בא די פולע פאסיוונ; ס'איז מעכאניש קאָפּירט דער רוסישער „טוואָריטעלני"; זי טרעפט זיכ אָבער זעלטענער.

אזויווי דער אדיעקטיוו ווײַזט אויכ ניט קיינ צײַט, ווי דאָס זאכוואָרט, איז האָבנ מיר דאָ אָפטמאָל דיזעלבע אומקלאָרקייט וועגנ דער צײַט, אזוי ווי אינ דער סובסטאנטיווישער פאסיווער קאָנסטרוקציע. אינ № 68 איז מעגלעכ זיכ פאָרצושטעלנ די הײַנטיקע צײַט אונ די פארגאנגענהײַט; אינ № 69 (דעמ קאָנטעקסט האָב איכ ניט) איז שוינ מעגלעכ זיכ פאָרצושטעלנ אלע דרײַ צײַטנ. אזוינע מעגלעכע וואריִאנטנ האָב איכ אָנגעוויזנ אינ קלאמערנ סײַ אינ דער צעוויקלטער פאסיווער קאָנסטרוקציע (68א, 69א), סײַ אינ דער אקטיווער (a68, a69).

די אדיעקטיווישע פאסיוונ האָבנ נאָכ כוצדעמ זייער אייגענעמ פעלער. אינ № 67 איז ניט קלאָר, צו וואָס עס ציט די גרופּע „אפּ צו העלפנ דער ראטנמאכט": צו די

„געזעלשאפטנ" אָדער צום גאנצנ זאצ (זע די 2 וואריִאנטנ אינ דער אקטיווער קאָנ־סטרוקציע). אינ ערשטנ פאל הייסט דאָס, אז די „געזעלשאפטנ" זייַנענ געשאפנ מיט א ספּעציִעלנ צוועק (צו העלפנ דער ראטנמאכט). אינ צווייטנ פאל הייסט דאָס: עס זייַנענ פאראנ געזעלשאפטנ סטאמ, אונ זיי קענענ אויכ אגעוו העלפנ דער ראטנ־מאכט. אינ ערשטנ פאל שטעלט מענ פעסט, אז ס'איז פאראנ געגוג א געוויסער טיפּ געזעלשאפטנ (אזוינע, וואָס ארבעטער האָבנ באשאפנ מיט דעמ צוועק צו העלפנ דער ראטנמאכט). דער געדאנק, ווענ מע זאָל אימ ציִענ ווייַטער, קענ דאָ זייַנ אזוי: קיינ אנדערע אזוינע געזעלשאפטנ דארפנ ארבעטער ניט מאכנ. אינ צווייטנ פאל הייסט דאָס, אז ס'איז פאראנ געגוג ווער ס'זאָל העלפנ דער ראטנמאכט (די געזעל־שאפטנ, וואָס ארבעטער האָבנ באשאפנ; מעג זייַנ, אז אפילע פונ אנדערע צוועקנ וועגנ), קיינ אנדערע העלפער (אשטייגער: געזעלשאפטנ פונ ניט־ארבעטנדיקע) דארפ מענ ניט.

אפ דעמ אונטערשטריכל (קאָמע) נאָכ דעמ וואָרט „ארבעטנדיקע" אינ № 67, וואָס זאָל ווייַזנ דעמדאָזיקנ אונטערשיד, קענ מענ זיכ ניט שטענדיק פארלאָזנ. אונ אפילע מיט דעמ אונטערשטריכל איז דאָס נאָכ אויכ ניט געגוג קלאָר. אינ דער אקטיווער קאָנסטרוקציע איז דאָס קלאָרער. ווענ דער אווטער פונ № 67 זאָל געווענ אָנשרייַבנ דעמ אנטקעגנדיקנ וואריִאנט a67, וואָלט ער באלד דערזעענ, צי האָט ער דערמיט געזאָגט דאָס, וואָס ער וויל; אניט וואָלט ער געמאכט דעמ וואריִאנט b. פארשטייט זיכ, אז, שטרענג גענומענ, וואָלט פאר דעמ געדאנק, וואָס שטעקט אינ דעמ וואַ־ריִאנט b, נאָרמאלער געווענ, ס'זאָל שטיינ: „איז בא אונדז געגוג די געזעל־שאפטנ"), (אָנשטאָט: „איז בא אונדז פאראנ געגוג געזעלשאפטנ"), אָבער דעמדאָזיקנ כיסאָרנ וועט א גרויסער טייל לייענער אראָפּשלינגענ גלאט.

די צווייטע גרופּע פאסיווג, אונדזערע №№ 74, 75, איז לייַכטער. דאָ פעלט דער כיסאָרנ פונ איבערקערנ דעמ לאָגישנ סוביעקט פאר אנ אָביעקט, ווייַל קיינ אייגענער סוביעקט איז דאָ ביכלאל ניטאָ,— מעמיילע קענענ זיכ דאָ אויכ נישט טרעפנ די אומקלאָרקייטנ, וואָס די פּרעפּאָזיציעס „פונ" אונ „דורכ" שאפנ אָפטמאָל. אָבער די אומקלאָרקייט אינ דער צייַט בלייַבט. אינ № 74 קענ מענ זיכ פאָרשטעלנ אלע דריי צייַטנ; אונ אזוי, אינ דריי וואריִאנטנ (אינ קלאמערנ), האָב איכ דאָס גע־מוזט אָנגעבנ אינ דער צעוויקלטער פאסיווער קאָנסטרוקציע (74א) אונ אינ דער אנט־קעגנדיקער אקטיווער רעדאקציע (a74). № 75 קענ מענ זאָגנ פאָשעטער מיט א צו־נויפגעזעצטנ אדיעקטיוו:

a75) אלע פּ ר יִ ע ר ־ ג ע ש ל אָ ס ע נ ע קאָנטראקטנ אונ היסכייַוועסנ וועלנ פּינקט־לעכ אויסגעפילט ווערנ (אָדער: וועט מענ פּינקטלעכ אויספילנ).

די אדיעקטיווישע פּאסיווע קאָנסטרוקציע טרעפט זיכ אינ אונדזער צייַטונגשפּראכ בעערעכ זעלטנ, אסאכ זעלטענער ווי אנדערע פאסיווג. № 75 איז א קעפּל צו א נאָ־טיצ. אינ דערזעלבער נאָטיצ קומט פאָר דערזעלבער געדאנק נאָכ אמאָל, אביסל ברייטער, אונ דאָרט שרייַבט שוינ דער אווטער מיט א צעוויקלטער פאסיווער קאָנ־סטרוקציע:

76) אלע קאָנטראקטנ, וו ע ל כ ע זייַ נ ע נ ג ע ש ל אָ ס נ ג ע וו אָ ר נ אינ ענגלאנד דורכ „ארקאָס" אונ דורכ אנדערע סאָוועטישע אָרגאניזאציעס . . . וועלנ דורכ די סאָוועטישע אָרגאנענ פּינקטלעכ אויסגע־פילט ווערנ (צ.).

(מעגלעך, אז דער קעפּל־מאכער איז ניט דער אַרטיקל־שרײַבער). אַן אַנדערס מאָל זעצט מען איבער אין דערזעלבער צײַטונג דאָס רוסישע:

за нанесенное оскорбление и причиненный действиями полиции материальный вред

77) פאַר דער באַליידיקונג און מאַטעריעלן שאָדן, וועלכע זײַנען געמאַכט געוואָרן דורך די האַנדלונגען פון דער פּאָליציי (צ.).

ד. ה. אויך מיט אַ צעוויקלטער קאָנסטרוקציע, און אַזוינע פאַלן זײַנען ניט קיין פאַרגלײַך אָפטער. גראָד איז אָבער אָט דער טיפּ אַדיעקטיווישע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע דער בעסטער (צווישן פּאַסיוון); ער האָט אין זיך אַ געוויסע אָריגינעלקייט אין בוי, אַ געוויסע געשפּאַנטקייט, עלעגאַנץ; ער איז שפּאָרעוודיק אין וואָרט־מאַטעריאַל; אין אַסאַך פאַלן קען מען דאָס איבערטראָגן פריִער פאַר דעם הויפּטזאַץ, אַשטייגער:

b68) געדרענגט פון די נעאָקלאַסיקער, האָבן די פוטוריסטן איבערגעוואַנדערט קיין כאַרקאָוו

און דערמיט שאַפן אַן אַנדער באַטאָנונג. מיט דער פּרעפּאָזיציע „פון״ (ניט — „דורך״), און, פאַרשטייט זיך, מיט דער קורצער פאָרמע („געדרענגט״,— ניט „געדרענגטע״) טרעפט מען די־דאָזיקע קאָנסטרוקציע, ווי געזאָגט, בײַ אונדזערע געניטערע פּובליציסטן און, זעלטענער, בײַ אונדזערע שיינשרײַבער אויך.

וועגן קורץ און לאַנג דאַרף מען זאָגן, אַז אַלע געבראַכטע 9 פראַזעס מיט דער אַדיעקטיווישער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע זײַנען עטוואָס קירצער פאַר די אַנטקעגנדיקע זאַצן מיט אַן אַקטיווער קאָנסטרוקציע: מעגלעך, אַז אַזוי איז דאָס בִּכלל אין אַלע פאַלן.

## IV. די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע אין דער פאָלקשפּראַך, אין דער שיינער ליטעראַטור

פאָרמעל, אויב דער סימען פאַר אַ פּאַסיווער קאָנסטרוקציע זאָל זײַן די קאָמבינאַציע: אַ פּאַרטיציפּ פון אַ באַטײַטיק צײַטוואָרט מיט דעם הילפצײַטוואָרט „ווערן״, איז קען אויסקומען, אַז מיר האָבן אין דער פאָלקשפּראַך אַ היפּש ביסל פּאַסיווע קאָנסטרוקציעס. לאָמיר זיך אָבער צוקוקן, וואָס איז דאָס פאַר אַ פּאַסיוון:

1. פאַרשווינדן ווערן, געשוואָלן וו., פאַרפאַלן וו., אַנטרונען ווערן, א. אז. וו.

2. אַנשוויגן ווערן, אַנשלאָפן וו., אַנשטומט וו., אײַנגעזונקען וו., דערפרוירן וו., פאַרוואָגלט וו., פאַרצאַפּלט וו., צעפּלאַצט וו., צוגעזאָטן ווערן א. אז. וו.

3א. אויסגעריסן ווערן, אויסגעטריקנט וו., פאַרשוואַרצט וו., אָנגעצונדן וו., באַגראָבן וו., פאַרוואָרפן וו., פאַרלאָרן וו., צוגעבונדן וו., צוגעקלעפּט וו., א. אז. וו.

3ב. אויסגעמאַטערט ווערן, באַגליקט וו., באַהיט וו., געהאַרגעט וו., געהאָלפן וו., געזאָגט וו., געפּרוּווט וו., געלײַטערט וו., גערעדט וו., געמינערט וו., געשטראָפט וו., דערהאַרגעט וו., דערוואָרגן וו., דערטרונקען וו., דער־

לייזט וו., דערפרייט וו., דערשטיקט וו., פארברענט וו., פארטויבט וו., פאר־שטערט וו., פארשעמט וו. א. אז. וו.

4. באשאפּן וו, געמאכט וו., פארגעסן וו. געהערט וו., א. אז. וו.

די גרופּעס 1, 2, האָבן די אייגנטימלעכקייט, וואָס קיין אקטיווע פאָרמע איז דאָ בּיכלאל ניט פאראן. מע קען ניט זאָגן: פארשווינדן עמעצן, אנטרונען עמעצן, אנשוויגן עמעצן א. אז. וו. זיי געהערן צו דעם טיפּ שטייענ־דיקע צײַטווערטער, זיי גיבן איבער א צושטאנד, ניט קיין טועכטס; — מעמיילע קען דאָ פון קיין פאסיווער פאָרמע אויך קיין רייד ניט זײַן. זיי קומען פאָר בלויז אין דעם פארבונד מיט „ווערן", ניט אנדערש. ס'איז א געבונדענע צוניפזעצונג פון אן אומפארענדערלעכן באטײַטיקן טייל („פארשווונדן", „אנשלאָפּן"), וואָס האָט די פאָרמע פון א פארטיציפּ [23]), מיט דעם הילפצײַטוואָרט „ווערן",— „פּערי־פראסטישע ווערבן", ווי כ' זארעצקי רופט זיי [24]). קעדיי צו פארשטיין די נאטור פון אזוינע פאָרמעס, דארף מען דערמאָנען ענלעכע פאָרמעס מיט א העברעיִשן באַ־טײַטיקן טייל: „מעגולגל ווערן", „ניצל ווערן", „נעלעם ווערן" א. ד. גל. אונדזערע גרופּעס 1, 2—דאָס איז די זעלבע קאטעגאָריע, נאָר מיט א יידישן באטײַטיקן טייל אָנשטאָט א העברעיִשן.

דער כילעק פון גרופּע 1 ביז 2 איז אזא: דער באטײַטיקער טייל אין דער גרופּע 1 קומט אין קיין אנדער פאָרמע ניט פאָר; מע זאָגט ניט: „שווינדן", „שוועלן" [25]) א. אז. וו. אין דער גרופּע 2 זײַנען פאראן צײַטווערטער פון דעמזעלבן שוירעש (טעמע): שווײַגן, שלאָפן, שטומען, צאפּלען א. אז. וו. און זיי ווײַזן די דויערנ־דיקייט פון דעמזעלבן צושטאנד. מיט די פּרעפיקסן „אנ", „דער", „פאר" א. אז. וו. קומען אונדזערע באטײַטיקע טיילן ניט פאָר אין קיין אנדער פאָרמע (מע קען ניט זאָגן: אנשווײַגן, איך אנשווײַג, א. אז. וו.). דער פּרעפיקס גיט דאָ צו א באטײַט פון איינמאָליקייט, אָפגעטונענקייט.

אין די גרופּעס 3א און 3ב (כוץ: „געהאָלפן ווערן") איז מעגלעך אן אקטיווע פאָרמע מיט אן אקוזאטיוו אויך: אויסרײַסן עפּעס, אויסטריקענען, אָנצינדן, באַ־גליקן, הארגענען עמעצן א. אז. וו. בעכיינ קען דאָס הייסן, אז מיר האָבן דאָ פאסיוון. קוקן מיר זיך אָבער צו, ווי אזוי, אין וואָסערע קאָמבינאציעס מע ניצט די דאָזיקע פאָרמעס אין דער פאָלקשפּראך, אזוי ווערט קלאָר, אז דאָס איז ניט קיין פאסיוון אין אייגנטלעכן זינען. קלאָר זעט מען דאָס אין דער גרופּע 3א. א שטייגער, אַזא זאַץ:

78) איך בין אליין אויך געווען אמאָל ניט אין קיין בעסערער לאגע; איך האָב אמאָל אליין אויך געשמייכלט צו א דרײַערל, אויך געגנוג אויסגעריסן געוואָרן, פארשווארצט געוואָרן (ש"א).

---

[23]) „אינוואריאנט", — לויט כ' זארעצקיס באצייכענונג. זע זײַן „פּראקטישע גראמאטיק", מאָסקווע, 1927, ז. 81, 127.

[24]) דאָרט 80, 81 א. וו.

[25]) מע קען נאָך זאָגן: „פארשוואָלן ווערן". בא לינעצקין האָב איך געפונען: „דער גוי מאָגט סכאר-אגאָלע און שוועלט ווי א בארג". בא פערעצן האָב איך געפונען: „די לעצטע האָפענונג איז פארשווונדן", אָבער אויך: „די פליגל... זײַנען פארשווונדן געוואָרן...

(„אויסגעריסן", — מיט דעם טראָפּ אַפּ „אויס" און „רי"). „אויסגעריסן וו." און „פאַרשוואַרצט וו." איז דאָ קלאָר: איך האָב זיך אָנגעליטן מיט צאָרעס, ניט עמעצער האָט מיך אויסגעריסן, פאַרשוואַרצט. פאַרקערט, שווערלעך וועט מען הערן:

79) דער בוים איז אויסגעריסן געוואָרן (פון דער ערד).

מען זאָגט: דעם בוים האָט מען אויסגעריסן. דאָסזעלבע איז מיט „אויסגע־טריקנט ווערן":

80) מע ווארט א שאָ, ניטאָ; מע ווארט נאָך א שאָ, ער קומט ניט, ער איז ווי אויסגעטרוקנט געוואָרן (ממ"ס).

„אויסגעטריקנט וו." הייסט דאָ: פאַרשווינדן, נעלעם ווערן. מע קען נאָך הערן „אויסגעטריקנט וו." אין אייגנטלעכן זינען, אין געציילטע קאָמבינאַציִעס, אשטייגער:

81) ערשט העט-שפּעטער... אז די בלאָטע איז אביסל אויסגעטרוקנט געוואָרן, האָט מען זיי געפונען אלע דרײַ (ש"א).

אָבער דאָס איז געמיינט: פון זיך אליין (פון דער זון, לופט), ניט עמעצער האָט די בלאָטע אויסגעטרוקנט.

דאָסזעלבע איז:

82) גאָר א מעשוגענער טאקע: אָט איז ער גוט, פּלוצים קומט אים אָן דער שיגאָען און ווערט אָנגעצונדן (ממ"ס).

83) ווען צוויי ייִדן זאָלן, אשטייגער, פאַרוואָרפן ווערן ערגעץ אין א העק אַפּ א וויספּע (ממ"ס)

84) בעסער וואָלט איך פאַרלאָרן געוואָרן איידער איך האָב דיך דערקענט (גינזבורג-מאַרעק).

85) נאָט האָט געשווירן, אין דער וועלט זאָל גאָרניט ווערן פאַרלוירן (בערנשטיין, № 659).

86) דעמלט וועט ער זיך קענען זען מיט זײַן כאַוועיר, וואָס איז צו אים נאָך מער צוגעבונדן געוואָרן זינט דער ראָוו איז געשטאָרבן (ש"א).

א. אז. וו.

דאָ קען מען ניט זאָגן: „מע צינדט אים אָן", „מע זאָל פאַרוואַרפן", „וואָלט מען מיך פאַרלאָרן", „מע האָט אים צוגעבונדן" א. אז. וו. די אלע אויסדריקן פון דער גרופּע נוצט מען אין ייִדיש אין איבערגעטראָגענעם זינען: „אויס־געריסן ווערן", „פאַרשוואַרצט ווערן" „באַגראָבן וו.", — איז אזוי גוט ווי: אָנלײַדן זיך מיט פּײַן, מיט לייד; „אויסגעטריקנט וו.", צומטייל „פאַרלאָרן ווערן"—ניט בלײַבן, נעלעם ווערן; „צוגעבונדן וו.", „צוגעקלעפּט ווערן" איז דאָסזעלבע, וואָס פאַרליבט זײַן; „אָנגעצונדן וו."—הייסט זיך צעקאָסן, זיך צעהיצן. אין אייגנטלעכן, מאַמאָ־שעסדיקן זינען, וואָלט מען געזאָגט, אין אן אומפּערזענלעכן זאַץ:

87) מע האָט אָנגעצונדן (א ליכט).

88) מע האָט פאַרוואָרפן (א זאַך).

89) מע האָט פאַרלאָרן (א זאַך, די האָפענונג).

90) מע האָט צוגעבונדן (א פערד צום בוים).

א. אז. וו.

ניט:

91) א ליכט איז אָנגעצונדן געוואָרן.

92) א פערד איז צוגעבונדן געוואָרן.

א. אז. וו.[26].

און אוואדע ניט:

93) א ליכט איז אָנגעצונדן געוואָרן פון (דורך) איינעם.

94) א פערד איז צוגעבונדן געוואָרן פון (דורך) דעם שמידער.

א. אז. וו.

דאָסזעלבע איז מיט גרופּע 3ב. כאָטש דאָרט נוצט מען שוין די באטײַטיקע טיילן פון די צונויפזעצונגען מיט „ווערן" אין זייער אייגנטלעכן זינען:

95) אף דער עלטער איז ער אויסגעמאטערט געוואָרן (ש״א).

96) גוט איז דעם מיילעך, וואָס ווערט באגליקט אף דער עלטער (בערנשטיין, № 2296).

97) געהארגעט זאָלן ווערן מײַנע סאָנים (פ״וו).

98) מע זאָל באהיט ווערן פאר הונגער, פאר נויט (גינזבורג־מארעק).

99) אז מע בעט גוטס אף יענעם, ווערט מען אליין געהאָלפן (בערנשטיין, № 448).

100) אף אים איז געזאָגט געוואָרן דאָס אייגענע, וואָס דער מעדרעש זאָגט אף אונדז יידן (ש״א).

101) אף מיר געזאָגט געוואָרן! (פ״וו: ווינטשעניש).

102) מע זאָל ניט געפרווט ווערן מיט דעם, וואָס דער מענטש קען אלץ פארטראָגן (בערנשטיין, № 2358).

103) דורך זיי לײַדן געבעך יידן אין גענעם, און טויזנטער, טויזנטער נעשאָמעס קענען ניט געלײַטערט ווערן (ש״א).

104 דער „כתבא רבה" האָט זיך שוין גוט געפּלײַסט, אז דער טאטע זײַנער זאָל כאָלילע ניט פארשעמט ווערן (ש״א).

105) אז עס קומט אזייגער צוועלף, און די זייגערס הייבן אָן שלאָגן, קען מען פארטויבט ווערן (ש״א).

106) די סימכע איז פארשטערט געוואָרן (ש״א).

א. אז. וו.

דאָס איז ניט קיין איבערגעקערטע אקטיוו. דאָ איז ניט געמיינט, אז עמעצער האָט אויסגעמאטערט, באגליקט, באהיטן, העלפן, וועט באהיטן, העלפן, זאָגן, פּרווון, לײַטערן, פארשעמען, פארטויבן, פארשטערן, א. אז. וו., און ס'איז ניט שײַעך דאָ צו זאָגן: האָט מען אים אויסגעמאטערט, מע זאָל הארגענען א. אז. וו. דאָס איז ניט קיין פּאסיווע פאָרמע פאר דעם טועכץ, וואָס שטעקט אין דעמזעלבן צײַטוואָרט אין אן אקטיווער פאָרמע; — דאָ איז באשריבן א צושטאנד, א סימען, וואָס איז אבסטראהירט פון דעם טועכץ, פון דעם טוער. אלציינס, ווער אָדער וואָס האָט איינעם אויסגעמאטערט, באגליקט דעם מיילעך א. אז. וו.; — וויכטיק איז דאָ, וואָס ער איז אויסגעמאטערט, וואָס דער מיילעך איז באגליקט א. אז. וו.

---

26) די פאָרמע „באגראָבן ווערן" אין דעם שפּריכוואָרט:

ערד איז אומעטום ערד, — מע קען אומעטום „באגראָבן ווערן" (בערנשטיין, № 2731).

איז מעגלעך דערפאר, וואָס דאָ איז פאראן א וואָרטשפּיל: באגראָבן ווערן אין אייגנטלעכן זינען און אין זינען פון פארשוואַרצט ווערן אויך. א. בערנשטיין טײַטשט דאָס אויס: „אזוי זאָגט איינער, וואָס לאָזט זיך אוועק פון דער היים פארנאָסע צו זוכן און ווייסט ניט, וואָס אויס אים וועט ווערן".

אף „באגראָבן" אין אייגנטלעכן זינען זאָגט מען:

אז מע באגראָבט לעבעדיקערהייט, קען מען קיין נביעס-האמייסים ניט אופּשטיין (דאָרט № 437).

ניט: „אז מע ווערט באגראָבן" א. אז. וו.

דאָס איז געמיינט אזוי גוט, ווי: ער איז אן אויסגעמאטערטער, דער מיילעכ איז א באגליקטער, די סימכע איז געווען א פארשטערטע א. אז. וו. דאָס הייסט, מיר האָבן דאָ פאקטיש אין די גרופעס 3א און 3ב דיזעלבע געבונדענע צונויפּזעצונגען ווי אין 1 און 2; „אויסגעמאטערט ווערן", „געהארגעט ווערן", „פארשעמט ווערן" א. אז. וו.,—אויב מיר זאָלן נעמען נאָענטע באגריפן,— איז דאָ דאָסזעלבע, וואָס: „כאָרעוו ווערן", „נערעג ווערן", „מעוווייעש ווערן" א. אז. וו. ניט קיין אייגנטלעכע פאסיווע פאָרמעס פון „אויסמאטערן". „הארגענען", „פארשעמען" א. אז. וו. דאָרט, ווו מע וועט וועלן אויסדריקן מיט דידאָזיקע צייט־ווערטער א טועכץ, ניט קיין צושטאנד, ניט קיין סימען, וועט מען דאָס זאָגן אין אן אקטיווער פאָרמע, ניט אין קיין פאסיווער:

95a) מע האָט אים אויסגעמאטערט.

96a) מע האָט אים באגליקט.

106a) מע האָט (מיר) פארשטערט די סימכע.

א. אז. וו. איך נעם דאָ אומעטום אומבאשטימט־פערזענלעכע זאצן, ד. ה. אָן א קאָנקרעטן סוביעקט. מיט א סוביעקט וועט מען אוודאי ניט זאָגן קיין פאסיוו:

95b) ער איז אויסגעמאטערט געוואָרן פון די טאלמידים א. אז. וו.

די צונויפּזעצונגען פון דידאָזיקע דריי גרופעס רופ איך: קעמוי־פאסיוון. קאָמבינאציעס מיט צייטווערטער פון דער גרופע 4 קענען זיין צווייערליי.

1) דיזעלבע, וואָס אין די ערשטע דריי גרופעס;

2) אייגנטלעכע פאסיוון, אשטייגער:

107) . . . א קליינע אויסגעטריקנט הענטל, וואָס איז באשאפן געוואָרן לעכאטכילע באר א סגולע אפ בעטן געדאָווענס (ש"א).

108) א טינט און פען זאָל מיר באשאפן ווערן! (ש"א).

אין ערשטן פאל איז באשריבן א צושטאנד, א סימען, דאָ לאָזט זיך ניט זאָגן: „וואָס מע האָט באשאפן". אין צווייטן פאל שאפט זיך איינער מיט אנדערע, הייסט זיי עפעס טון, און דאָ לאָזט זיך שוין גיכער ווי אין ערשטן פאל זאָגן: „זאָלט איר מיר באשאפן". „זאָל מען מיר באשאפן".

דאָסזעלבע מיט „מאכן":

109) דאָס זילבערנע כאנעקע־לעמפל מיטן אלטן זילבערנעם האָדעס־בעכער, וואָס איז געמאכט געוואָרן ווי אן עפל אפ א גרויסן צווייג (ש"א).

110) דאָס איז ניט פון דיינעטוועגן געמאכט געוואָרן.

אין צווייטן פאל קען מען זאָגן דאָס אייגענע אין אן אקטיווער פאָרמע: „דאָס האָט מען ניט געמאכט" א. אז. וו., אין ערשטן פאל—ניט: דאָ באשרייבט מען א סימען, ניט קיין טועכץ א. אז. וו.

אזוינע קאָמבינאציעס ווי:

111) אזוינס איז ניט געהערט, ניט געזען געוואָרן (פ"וו).

קען מען באטראכטן ווי שטייענדיקע פאָרמולעס פון דעמזעלבן טיפ, וואָס אונדזערע ערשטע דריי גרופעס. א סימען האָבן מיר, וואָס מע זאָגט ניט:

112) אזוינס ווערט ניט געהערט, ניט געזען.

ש״א שרײַבט:

113) (זיי) האָבן מיך באטראכט, ווי עפּעס א זעלטענעם פארשוין, וואָס מע זעט דאָס גאָרניט.

מע קען דאָס אָבער האלטן פאר א פאסיוו אויך, וואָרעם סע וועט ניט קלינגען פאלש, ווען מע זאָל זאָגן:

114) אזוינס האָט מען ניט געהערט, ניט געזעען.

ש״א שרײַבט:

115) מע האָט אזעלכעס דאָרטן נאָך קיינמאָל ניט געזעען.

די גרופּע 4 איז א מין איבערגאנג־גרופּע פון קעמוי־פאסיוון (די ערשטע דרײַ גרופּעס) צו אייגנטלעכע פּאסיוון. די פאסיוון פון דעם מין, וואָס מע קען דאָ הערן,—זײַנען אָקאזיאָנעלע (געלעגנהײַטלעכע), ניט קיין געוויינטלעכע. אָבער די גרופּע עפנט שוין א טיר פאר דער פאסיוועד (האלב־פאסיווער) קאָנסטרוקציע, און דערפון נעמט זיך אגעוו, וואָס די באקאנטע האלב־פאסיווע קאָנסטרוקציע אין דער צײַטונגשפּראך קלינגט ניט אזוי שלעכט, ווי די פולע.

ווי גרויס איז דאָס פעלד פון די אייגנטלעכע פאסיווע קאָנסטרוקציעס אין דער פאָלקשפּראך? צווישן א. בערנשטיינס 3993 שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן געפינט מען ניט קיין איין פולע פאסיווע קאָנסטרוקציע, קיין איין פאר־שטעלטע.

האלבע פאסיווע קאָנסטרוקציעס האָב איך באמערקט:

116) וואָס גאָט גיט, מוז צוגענומען ווערן (698).

117) דער גראָשן גילט דאָרט, ווו ער ווערט געשלאָגן (962; ד. ה. ווו מע מינצט אים).

118) אין א טויטן מוז פארגעסן ווערן (1721).

119) מישפּאָכע ווערט נאָר גערעכנט אין דער לענג, אָבער ניט אין דער ברייט (2408).

120) אז א נאר שווײַגט, ווערט ער אויך גערעכנט צווישן די קלוגע (2438, „גם אויל מחריש חכם יחשב״. משלי, י״ז, 28).

וועגן 119 און 120 איז אפילע שווער צו זאָגן זיכער, צי דאָס איז אייגנטלעכע פאסיוון. גיכער געהערן זיי צו דער איבערגאנגס־גרופּע.

דאָס איבעריקע איז קעמוי־פאסיוו, פון דעם טיפּ, וואָס מיר קענען זיי פון די פריִער באשריבענע דרײַ גרופּעס:

121) אז עס דונערט, ווערן אויסגעהארגעט די שיידים (995).

122) צווישן דער קימפּעטאָרן און דער ווארטערן ווערט דאָס קינד דערשטיקט (3264).

און נאָך געציילטע עטלעכע אזוינע פאלן.

מיר האָבן שוין פריִער געזעען, אז דער פאסיוו איז אין אונדזער צײַטונגשפּראך זייער באליבט, דערהויפּט אין אומפּערזענלעכע, אָדער אומבאשטימט־פּערזענלעכע זאצן, דאָרטן, ווו אין דער אקטיווער קאָנסטרוקציע וואָלט דער גראמאטישער סוביעקט געווען: „מע״, „מען״. בא א. בערנשטיינען האָב איך אָנגעציילט ווייניקסטנס 150 אזוינע שפּריכווערטער, וואָס פאָרמעל גראמאטיש וואָלט מען זיי געקענט זאָגן מיט א פאסיווער קאָנסטרוקציע (ניט גערעכנט קיין צווייפלדיקע פאלן), מע זאָגט זיי אָבער אקטיוו. מע זאָגט, אשטייגער:

123) א קארגן רופט מען כאזער אין א שלעכטן — קעלעוו (3166).

ניט ווי אונדזער אוועטער פון № 31 שרײַבט: „וואָס ווערן אָנגערופן כאזיירים״. לאָמיר זיך צוקוקן צו אזוינע שפּריכווערטער:

124) אז מע באגראָבט לעבעריקערהייט קען מען קיין טכיִעס־האמייסים ניט אופשטיין (437).
125) אז מע כאפט בא דער האנט, איז מען טאקע א גאנעוו (1041).
126) אז מע צעטרעט א וואָרעם, קרימט ער זיך אויך (1273).
127) ווי מע זייט אים ניט, דאָרט וואקסט ער (1463).

אין №№ 124, 125 איז דער „מע“ „מען“ אין דעם בייַזאצ ניט דערזעלבער סוביעקט, וואָס אין הויפטזאצ: די באגראָבענע קענען קיין טכיִעס־האמייסים ניט אופשטיין, ניט די באגרעבער; דער געכאפטער איז א גאנעוו, ניט דער כאפער. פאר גראמאטישער סימעטריע וואָלט דאָ אויסגעוויזן גלייַכער צו זאָגן:

a124) אז מע (דער, וואָס) ווערט באגראָבן...
a125) אז מע (דער, וואָס) ווערט געכאפט...

אין 126, 127 וואָלט אויך אויסגעוויזן גלייַכער, פון סימעטריע וועגן, צו מאכן פון דעם „וואָרעם“ און „אים“ א גראמאטישן סוביעקט אין בייַזאצ, אזוי ווי מע מיינט דאָס אין הויפטזאצ, ד. ה. זאָגן דאָסזעלבע אין א פאסיווער פאָרמע:

a126) אז א וואָרעם ווערט צעטראָטן...
a127) ווי ער ווערט ניט געזייט...

מע זאָגט אָבער ניט אזוי: די גערעדטע שפראך איז זייער געהיט מיט פאסיווע קאָנסטרוקציִעס.

בעערעך דאָסזעלבע זעען מיר אין די פאָלקסלידער. אין גינזבורג און מארעקס זאמלונג (375 נומערן) האָב איך געפונען 1 פולע פאסיווע קאָנסטרוקציע:

128) פון אייגענער פאמיליע בין איך געוואָרן פארשעמט.
פון אייגענעם ברודער בין איך געוואָרן פארפרעמדט (№ 307).

און 2 האלבע פאסיווע קאָנסטרוקציִעס:

129) כאָנעקע בענטשט מען ליכטלעך אכט,
דערפאר ווערן גוטע לאטקעס געמאכט (№ 39).
130) ערעוו יאָמקיפער מאכט מען וואקסענע ליכט,
אין דעם טאָג פון יאָמקיפער ווערן אלע גערייכט (№ 40).

עפשער געהער נאָך אהער:

131) אין א פרעמדער מעדינע בין איך פארטריבן געוואָרן,
פון גאָט אליין איז געקומען דער צאָרן (№ 310).

דאָ איז נאָך ניט קלאָר, צי מאָלט מען א צושטאנד פון פארטריבן זייַן, אָדער מע וואָלט דאָ געקענט זאָגן: „האָט מען מיך פארטריבן“, וואָרעם אין אן אנדער אָרט, ווו מע דארף דאָס ניט צום גראם, ווו דער פערז איז ביכלאל אָן א גראם, זאָגט מען:

132) „פון די דערפער האָט מען אונדז פארטריבן“ (№ 309).

אפ אזוינע קאָנסטרוקציעס ווי 128—131 האָט, מעגלעך, געהאט צו זאָגן דער גראם. מאכט דאָך דער פאָלקסזינגער, אשטייגער, אזא נעבעך־קאָנסטרוקציע;

133) און פון די אליִעס ווערט יעדער ייִד א קויפער.

וויַיל ער דארף דאָס גראמענען מיט א פערז פריִער:

134) ראָשהאשאָנע בלאָזט מען שויפער (№ 40).

(אגעוו, געוויינטלעך זאָגט מען: זייַן א קויפער אפ עפעס, ניט: פון עפעס).

אקעגנ וואָלט מענ געקענט וויַיזנ צענדליקער פאלנ פונ דעם אומבאשטימט־פּער־זענלעכנ זאצ, ווו די קאָנסטרוקציע בלייַבט אקטיוו, אזויווי מיר זעענ דאָס אינ די ערשטע פערזנ אינ 129, 130 („ב ע נ ט ש ט מ ע נ ליכט"; מ א כ ט מ ע נ... ליכט").
לאָמיר, אגעוו, פארגעדענקענ, אז די פולע פאסיווע קאָנסטרוקציע א י ז דאָ גע־בויט מיט „פונ".

———

ווי האלט דאָס מיט פאסיווע קאָנסטרוקציִעס אינ דער ש יי נ ע ר לי־ ט ע ר א ט ו ר?

אינ מ ע נ ד ע ל ע מ ו י כ ע ר ־ ס פ אָ ר י מ ס „קליאטשע" (7 דרוק־בויגנ) [27] האָב איכ געפונענ: 2 צווייפלדיקע פולע פאסיווע קאָנסטרוקציִעס. ריכטיקער, 1 קאָנ־סטרוקציע אינ 2 זאצנ:

135) ניט איינ פרינצ, ניט איינ מיילעכ א י ז ד ו ר כ ז יי א י ב ע ר ג ע ק ע ר ט ג ע וו אָ ר נ אינ א צאפ, אינ א פערד (23).

136) גאנצע דערפער, גאנצע שטעט ז ײַ נ ע נ נ ע ב ע כ ד ו ר כ ז יי א י ב ע ר ג ע ק ע ר ט ג ע־וו אָ ר נ אינ טשערעדעס שאָפ [28]) (דאָרט).

צווייפלדיק זיַינענ די קאָנסטרוקציִעס איבער דעם „דורכ". איכ האָב שוינ פריִער א פּאָר מאָל דערמאָנט, אז „דורכ" גילט אינ דער פאָלקס־שפּראכ אפ צו וויַיזנ א געצייַג, א סיבע פונ עפּעס; מענדעלע נוצט אויכ אזוי שטענדיק דעם „דורכ". אינ דערזעלבער שטיק, ווו ער רעדט פונ די שווארצע קונצנמאכער, וואָס פונ דאָרט ברענג איכ דאָ די זאצנ 135, 136, געפינענ מיר צווישנ זיי אזא פראזע וועגנ דער־זעלבער זאכ:

137) ניט איינ פרינצעסנ, ניט איינ באסמאלקע איז ד ו ר כ ז יי ג ע וו אָ ר נ א קו, א קעלבל, א ציג נעבעכ; ניט איינ פּאָרעצ, נישט איינ גראפ איז ד ו ר כ ז יי ג ע וו אָ ר נ א הונט, א וואָלף, א בער (דאָרט 29).

דאָ איז קלאָר, אז מיט „דורכ" איז געמיינט: א י ב ע ר זיי, (איבער (מיט) זייערע קינצנ). בעכיינ איז מעגלעכ, אז אינ די פאסיווע קאָנסטרוקציִעס מיינט דאָס מענ־דעלע אויכ אזוי: „איבער זיי איז מענ איבערגעקערט געוואָרנ אינ א צאפ, אינ טשע־רעדעס שאָפ", ניט דאָס איז איבערגעקערטע אקטיווע זאצנ, לויט דער סכעמע:

136a) גאנצע דערפער, גאנצע שטעט האָבנ זיי איבערגעקערט אינ טשע־רעדעס שאָפ.

בעכיינ קענ אויסקומענ, אז דאָס איז קעמוי־פאסיווע קאָנסטרוקציִעס. מייַנ הא־שאָרע איז נאָכ בארעכטיקט, וואָס, ווי מיר האָבנ געזעענ אינ פאָלקסליד (זאצ 128) אונ וועלנ באלד זענ בא מענדעלענ גופע (№ 138), בויט מענ די פאסיווע קאָנ־סטרוקציע מיט „פונ", ניט מיט „דורכ".

27) אויסגאבע פונ קולטור- אונ בילדונגס-אָפּטיילונג באם קאָמיסאריִאט פאר יִדישע איניאָנים, פּעטער־בורג 1918. א דרוקבויגנ רעכנ איכ דאָ אונ וויַיטער—40 טויזנט אויסיִעס.

28) דידאָזיקע צוויי זאצנ קומענ פּאָר בא מענדעלענ אינ ד ע ר ז ע ל ב ע ר ק אָ נ ס ט ר ו ק צ י ע שוינ אינ דער ע ר ש ט ע ר אויסגאבע פונ דער „קליאטשע", (ווילנע, 1873, ז. 18).

29) אזוי שטייט אויכ אינ דער ערשטער אויסגאבע ז. 18.

138) דיר פאסט עס טאקע זײַנ א „אינו נראה״, פונ קײנעמ ניט באמערקט צו ווערג,

ד. ה. קײנער זאָל (דיך) ניט באמערקנ.

אינ דער „קליאטשע״ געפינענ מיר נאָכ 4 האלבע פאסיווע קאָנסטרוקציִעס, אשטײגער:

139) אלע זײַנע גוטע פרײַנט גלוסט זיכ זײער, אז זײַנע מײַסעס זאָלנ קעסײדער אָפגעדרוקט אונ פארקויפט ווערנ (5).

140) פונ הײַנט אָנ זאָל געמאכט ווערנ גוטע טאקאָנעס (114).

א. ד. גל. די איבעריקע צונויפזעצונגענ מיט „ווערנ״ זײַנענ קעמוי־פאסיוונ („דערטרינקענ ווערנ״, „געבוירנ ווערנ״, „אנטפלעקט ווערנ״, „ניט געדאכט ווערנ״ א. ד. גל.).

אינ א צווייט ווערק מענדעלעס, אינ „פישקע דער קרומער״ [30]) ($7\frac{1}{2}$ דרוק־בויגנ), געפינענ מיר 1 פארשטעלטע אדיעקטיווישע קאָנסטרוקציע:

141) לעבנ אנ אלטער אויסגעקרימטער אונ האלב-פארדארטער יוערבע, איבערגעשפאָלטנ אינ דער העלפט אמאָל פונ א דונער, שטײענ פערד״ (ז. 17).

ד. ה.: וואָס איז אמאָל איבערגעשפאָלטנ געוואָרנ, אָדער: וואָס א דונער האָט זי אמאָל איבערגעשפאָלטנ אפ דער העלפט.

אונ 2 האלבע פאסיווע קאָנסטרוקציִעס:

142) דאָרט ווערט אָפגעמאכט זײער פיל געשעפטנ אונ עס רודערט זיכ מער נאָכ ווי אפ א יאריד (ז. 35).

143) דאָרט ווערט אויכ זײער אָפט געשלאָסנ אזעלכע מינע שידוכימ, וואָס ניט געשטויגנ (41).

מע וואָלט געקענט זאָגנ: דאָרט מאכט מענ אָפ... געשעפטנ; דאָרט שליסט מענ... שידוכימ.

די איבעריקע צונויפזעצונגענ מיט „ווערנ״ זײַנענ קעמוי־פאסיוונ אָדער צווײפלדיק. אינ שאָלעמ־אלײכעמס „פונעמ יאריד״ (ב. ו, 9 דרוק־בויגנ) [31]) געפינענ מיר 1 פולנ פאסיוו:

144) מע האָט זיכ גענומענ קוידעמקאָל צומ פארזיכערונגס-מיטל אפ צו פארהיטנ קלײנע קינדער, טאָמער איז עמעצער, כאָלילע, צעביסנ געוואָרנ פונ א מעשוגענעמ הונט״ (ז. 61).

דאָ וואָלט מענ געקאָנט זאָגנ:

144א) טאָמער האָט, כאָלילע, עמעצנ צעביסנ א מעשוגענער הונט [32]).

---

30) די לעצטע אויסגאבע, „אלע ווערק״, ב. וא, פארלאג „מענדעלע״, אויסגאבע פונ „צענטראל״. ווארשע, 1924.

31) פארלאג „קולטור-ליגע״. ווארשע, 1924.

32) איכ האלט ניט פאר קײנ פאסיווער קאָנסטרוקציע אזא זאצ, ווי:

145) טענצער (א פערד) איז געווענ אמאָל גאָר פונ די געהויבענע סוסימ, נאָר ווײַל ער איז פונ א גוט אויג געכאפט געוואָרנ אפ די ראגלאיִמ... איז ער ארײַנגעפאלנ צו אימ אינ די הענט ארײַנ.

וואָרעמ דאָ קענ מענ ניט זאָגנ:

a145) א גוט אויג האָט אימ געכאפט אפ די ראגלאיִמ.

b145) א גוט אויג האָט אימ געכאפט זײַנע ראגלאיִמ.

וועגנ א „גוט אויג״ זאָגט מענ: ער האָט געכאפט א „גוט-אויג״, ניט: „א גוט-אויג האָט אימ געכאפט״. די גרופע „אפ די ראגלאיִמ״ ציט צו „געכאפט געוואָרנ״, ריכטיקער: ס'איז אײנ גרופע: „גע-

מיר געפינענ דאָ 3 זאצנ מיט א פארשטעלטער, אדיעקטיווישער פאסיווער קאָנסטרוקציע:

146) דאָס איז געווענ א מינ לאָמבארד, געפירט פונ דער באבע גיטל שוינ פונ יאָרנלאנג (239).

מע קענ זאָגנ:

a146) וואָס די באבע גיטל האָט (אימ) געפירט א. אז. וו..

147) האָט דער באלעגאָלע... ארויסבאקומענ ערגעצ פונ א ווײַטער קעשענע א בריוול, געשריבנ פונ נאָכעמ וועוויקס צו זײַנ ברודער ניסל ראבינאָוויטש (ז. 123).

(מע קענ דאָס טײַטשנ: וואָס נאָכעמ וועוויקס האָט געשריבנ צו זײַנ ברודער; דער „פונ“ (איבער דעמ „צו“, וואָס גייט דערנאָכ) קעג אָבער דאָ אויכ באטײַטנ די פרעפּאָזיציע от).

148) בעסער צו פארשפּילנ דעמ רעבענ דאָס כאנעקע-געלט, איידער זײַנ פונעמ רעבענ א געשמיסענער (ז. 71).

מע וואָלט געקאָנט זאָגנ פאסיוו:

a148) איידער געשמיסנ צו ווערנ פונעמ רעבענ,

אונ אקטיוו:

b148) איידער דער רעבע זאָל (מיכ) שמײַסנ.

מיר געפינענ נאָכ דאָ אקעגנ 20 האלבע פאסיוונ, אָבער ניט מיט אלע קענ מענ זיכער זײַנ, אז זיי זײַנענ אייגנטלעכע פאסיוונ:

149) די באבע מינדי, וואָס פארדינט דערמאָנט צו ווערנ מיט א פּאָר ווערטער (66)

150) אונ אז ס'איז ניט געווענ קיינ געלט אונ שפּילנ האָט זיכ געוואָלט, האָט מענ געזוכט קאָלערליי וועגנ... ווער ס'האָט זיכ דערגריבלט צו ו' מייער באלנעס פושקע... ווער עס האָט זיכ פּאָשעט דאָביועס צומ טאטנס בײַטעלע... אונ דאָס אלצדינג איז געטונ געוואָרנ מיט די גרעסטע פכאָדימ (71).

151) אונ די פערדלעכ — זיי פארדינענ באשריבנ צו ווערנ (125).

א. אז. וו. דאָס איבעריקע (בא 80) איז קעמוי־פאסיוונ. מע דארפ נאָר דערבײַ זאָגנ: דידאָזיקע צאָל פאסיוונ טרעפנ זיכ אפ איבער 2600 אקטיווע קאָנסטרוקציעס.

אינ שאָלעמ־אלייכעמס א צווייט בוכ (ב. III פונ „אלע ווערק“, בא 8 דרוק־בויגנ[33]) האָב איכ געפונענ 1 פולנ פאסיוו:

152) ס'איז קעדײַ דידאָזיקע געשיכטע זאָל דערציילט ווערנ גאנצ באזונדער אונ באשריבנ ווערנ דורכ אײַער פענדל“ (ז. 175 [34]).

מע וואָלט געקענט זאָגנ:

a152) אונ אײַער פענדל זאָל זי באשרײַבנ (דידאָזיקע געשיכטע).

מע געפינט נאָכ די פארשטעלטע, אדיעקטיווישע קאָנסטרוקציע.

153) די וועגט זײַנענ הויל, נאקעט, ארומגעגריזעט פונ די ציגנ (86).

---

כאפּט געוואָרנ אפ די ראגלאיִמ“. בעכיינ דארפ מענ פארשטיינ דעמ זאצ אזוי: ער מאָלט א צושטאנד (ניט קיינ פאסיוו פונ קיינ טועכצ) ; „פונ“ איז דאָ די פרעפּאָזיציע от ; „פונ א גוט אויג“ от дурного глаза האָט זיכ גענומענ בא טענצערנ דער צושטאנד, וואָס „ער איז געכאפּט געוואָרנ אפ די ראגלאיִמ“, ס'איז דאָסזעלבע, בעערעכ, וואָס: פונ א גוט אויג איז ער שוואכ געוואָרנ אפ די ראגלאיִמ.

33) אויסגאבע „ווילנער פארלאג פונ ב. א. קלעצקינ“; ווילנע, 1925. דאָרט גייט ארײַנ: „די רויטע יידלעכ“, „מעשוגאָיִמ“, „מײַסעס פונ טויזנט איינ נאכט“.

34) אינ די „מײַסעס פונ טויזנט איינ נאכט“, געשריבנ דאָס יאָר 1915.

ד. ה. די ציגן האָבן זיי ארומגעגריזעט.

מע געפינט נאָך דאָרט 6 האלבע פאסיווע קאָנסטרוקציִעס, אָבער ניט אלע זייַנען זיכער אייגנטלעכע פאסיוון:

154) ס'איז געווג, איך זאָל איבערגעבן נאָר דעם טאמציס אין קורצן... דער טאמציס אין קורצן קען איבערגעגעבן ווערן, ווי זאָגט איר, בישלוישע דוואָרים,—אין צוויי ווערטער (226—227).

155) וואָס טוט מען? זאָל איך אים איבערלאָזן אליין? ווערט ער צעטראָטן (223).

156) פאר א באוואָרעניש (אפ דער קאָנטריבוציע) האָט ער גענומען בא אונדז א מאשקן — דעם ראָוו און דעם קאזיאָנע ראָוו... קוים וועט אויסגיין די פינף שאָ און מיר וועלן אים ניט צושטעלן אלצדינג, וואָס ער פאָדערט, איז פארפאלן — ווערן זיי געשאָסן (ז. 158).

די קאָמבינאציע מיט „געשאָסן ווערן" כאזוערט זיך איבער 4 מאָל. דאָס איבע-ריקע איז קעמוי־פאסיוון.

אין בערגעלסאָנס „אָפגאנג" (8 דרוקבויגן)[35] האָב איך געפונען פון האלבע פאסיווע קאָנסטרוקציִעס:

157) דאָרט אין דער טיפער נידעריק, אפן פלאצ... גרייט מען זיך צום גרויסן יאָר-יאריד... ביידלעך ווערן אופגעשטעלט שורעסווייַז... האמערס קלאפן, שלאַשן ווערן פארטיק (ז. 43).

דאָ טרעפט מען אויך די קאָנסטרוקציע, וואָס איז אונדז שוין באקאנט פון ש"א'ן (№ 153), נאָר אין א צעוויקלטער פאָרמע:

158) א לופטל... שאָקלט דאן פאמעלעך אין עק גאס מיט די יונגע ביימלעך, וואָס זייַנען ארומגעגריזעט פון בעהיימעס און פון ציגן, און הייַזער דרימלען (ז. 54).

בא ש. גאָדינערן אין „דער מענטש מיט דער ביקס" ($7^{1}/_{2}$ דרוקבויגן) האָב איך באמערקט 2 פולע פאסיוון (מיטן הילפוואָרט „דורך"), 15 האלבע און 1 א פארשטעלטן, אדיעקטיווישן. ס'איז אינטערעסאנט דערבייַ, וואָס 1 פולער פאסיוו (זע פריִער ז. 57, B.) און 10 האלבע קומען דאָ פאָר אין פּאָליטישע רעדעס, אין רעזאָליוציִעס אָדער באם באשרייַבן דירעקט פּאָליטישע אקציִעס (סטיליזאציע?).

בא מ. דאניִעלן אין „אפן שוועל" ($6^{1}/_{2}$ דרוקבויגן) האָב איך באמערקט 1 האלבן פאסיוו,—אויך באם באשרייַבן דירעקט א פּאָליטישע אקציִע:

159) אפ דער הייַנטיקער זיצונג איז באשלאָסן געוואָרן.

בא ה. אָרלאנד אין „הרעבליעס" האָב איך קיין פאסיווע קאָנסטרוקציִעס נישט באמערקט.

בלויז בא איין מאָדערנעם יידישן שייַנשרייַבער טרעפן מיר די פאסיווע קאָנ־סטרוקציע שטארקער פארטראָטן, — דאָס איז בא ניסטערן. אין זייַן „געדאכט", ב. II (9 דרוקבויגן)[36] האָב איך געפונען אזוינע פאסיווע קאָנסטרוקציִעס.

160) א גרייטער—און דאָך ניט אנידערגעלייגט געוואָרן פון גיבער (ז. 265).

מע וואָלט דאָס געקאָנט האלטן פאר א פולער פאסיווער קאָנסטרוקציע, איז אָבער אין זאצ ניט קלאָר דער גראמאטישער סוביעקט.

161) האָבן באלד דער מיילעך און באָווע... דאָס אָרט, וואָס איז פון דער כייַע געשע-דיקט געוואָרן, געזוכט (162):

דער טיפּ פארשטעלטע, אדיעקטיווישע פאסיווע קאָנסטרוקציע,

162) איז... אויך די באבע די אלטע, פון דער דינערן געפירט, אהין און אין זעלבן צימער געבראכט געוואָרן (219).

---

35) אין זאמלבוך „אייגנס", ב. II, אויסגאבע פון דער „קולטור־ליגע", קיִעוו, 1920.

36) פארלאג „וואָסטאָק", בערלין, 1923.

163) האָבן זיי זי שווייַגנדיק געטראָגן... און, באַלייט פון אַלע, ...צום אָרט אהין זי געבראַכט (163).

164) האָט ער זייערע פאַרשלאָגן און אָפּ אַן איידל אויפן דערווייַטערט, ניט באַליידיקט קיינעם און קעגן זייערע קינדער ניט גערעדט, ניט קעגן זייערע אייגענע און ניט קעגן די אַרויסגעשטעלטע פון יעדערן (148).

דאָ האָב איך געפונען 37 האַלבע פּאַסיווע קאָנסטרוקציִעס:

165) און דעם פּרינץ האָט מען פון בעט אַראָפּגענומען, און ער איז אַף די פיס געשטעלט געוואָרן (198).

166) דו ווערסט געפאָדערט, מענטש, דו ווערסט געזוכט... אַף וואָס געזוכט ווער איך, אַף וואָס געפאָדערט ווער (118).

א. אז. וו.

לאָמיר דאָ אַגעוו באַמערקן: אין די געבראַכטע בייַשפּילן פון דער שיינער ליטעראַטור טרעפן מיר אויך אין דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציִע די פּרעפּאָזיציִע „פון" (ניט: „דורך", „מיט", „מיצאַד"), כוץ אין 1 זאַץ באַ ש"א־ן (152). אויך באַ גאָדינערן.

וועגן ניסטערס פּאַסיווע קאָנסטרוקציִעס דאַרף מען זאָגן: ס'איז ניט די איינציקע אייגנטימלעכקייט פון זייַן זאַצבוי: ניט ווייניקער אייגנאַרטיק איז, אַשטייגער, באַ ניסטערן די קאָאָרדינירונג (ניסטערס „און"), ניסטערס זאַצבוי ביכלאַל, אַזויווי אָריגינעל איז זייַן גאַנצע שפּראַך. די פּאַסיווע קאָנסטרוקציִעס באַ ניסטערן, זייער פונקציִע, דאַרף מען נאָך שטודירן. אָבער דערווייַל וויל איך זאָגן בלויז ווי אַ האַשערע: דידאָזיקע פּאַסיווע פאָרמע מוז זייַן געבונדן מיט דער פּאַסיווקייט אין אינהאַלט פון ניסטערס ווערק.

און נאָך די לעצטע פּאָר ציפער פון אונדזער צייַטונג־שפּראַך, צום פאַרגלייַך מיט דער פאָלקשפּראַך און מיט דער שפּראַך פון דער שיינער ליטעראַטור. אין איינער אַ סאָוועטישער צייַטונג האָב איך אָנגעציילט אין 1 נומער (בערעך 3 דרוקבויגן) 22 פולע פּאַסיווע קאָנסטרוקציִעס, 1 פאַרשטעלטע און 138 האַלבע. אין אַ קאָמוניסטישער צייַטונג פון אַן אַנדער לאַנד (אַקעגן $3^{3}/_{4}$ דרוקבויגן)—22 פולע און 83 האַלבע פּאַסיווע אין איין נומער (ביידע נומערן האָב איך גענומען די ערשטע, וואָס זייַנען מיר געקומען צו דער האַנט).

פאַרשטייט זיך, דעם פאַרגלייַך דאַרף מען נעמען פאָרזיכטיק: אין דער צייַטונג־שפּראַך האָבן מיר אַן אַנדער מאַטעריע (אַ געזעלשאַפטלעכע, אידעאָלאָגישע), ניט די, וואָס אין די שפּריכווערטער, פאָלקסלידער, אין דער שיינער ליטעראַטור. איך האָב שוין פריִער דערמאָנט וועגן דער טענדענץ צו ניצן דעם פּאַסיוו אין דער צייַטונגשפּראַך אין ספּעציִעלע קאָמבינאַציִעס, ניט אומעטום. אַף די אַלע געבראַכטע ציפערן ווידער, דאַרף מען קוקן ניט ווי אַף סטאַטיסטיק. ס'איז בלויז אַ אילוסטראַציִע. אָבער אַ געוויסע אָריִענטאַציִע קריגן מיר דאָך.

איך וויל אונטערפירן דעם סאַכאַקל:

---

1. די פולע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע איז אַ איבערגעקערטע אַקטיווע קאָנסטרוקציע, אַ גראַמאַטיש געקינצלט געבייַ, וואָס שטימט ניט מיט אונדזער לאָגישן געדאַנקענגאַנג, מיט רעאַלע פאָרשטעלונגען. ס'איז אַ זיכער מיטל צו פאַרשווערן אָן שום נוץ דעם ניט־געבילדעטן מענטשן צו פאַרשטיין עפּעס.

2. אין ייִדיש איז די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע נאָך שוועכער, ווײַל ייִדיש האָט ניט די לאַנגאָניקע גראַמאַטישע קולטור, וואָס אַנדערע קולטורשפּראַכן. די ייִדישע ליטעראַרישע און קולטורשפּראַך בויט זיך נאָך שטאַרק אַף דער גראַמאַטישער פּראַק־טיק פון אונדזער פאָלקשפּראַך.

3. די ספּעציִעלע פאָרמע פאַר דער פולער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע אין ייִדיש,— די הילפוּווערטער „פון", „דורך",— האָט ניט קיין פעסטע טראַדיציע אין דער פאָלק־שפּראַך. אין אַ גרויסן טייל פאַלן בּרענגען דידאָזיקע הילפוּווערטער צו צוויי טײַטשן. אין אַנדערע פאַלן בּלײַבּן אין דערדאָזיקער קאָנסטרוקציע אומקלאָר די באַציִונגען צווישן זאַצגלידער, בעת אין דער אַקטיווער קאָנסטרוקציע זײַנען זיי קלאָר (אַשטייגער: צו וואָס ציט „אירע" אין זאַץ 3).

4. די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע איז אַ פאַרגליווערטע פאָרמע. ס'איז אַ שטאַמפּ, אַן ענגע ראַם, וואָס נעמט אַרײַן אַ קליינע צאָל זאַצגלידער אין זאַץ, לויט אַ פעסטער סכעמע, מיט אַ באַגרענעצטן וואָרטשטאָף. די קאָמבּינירמעגלעכקייט מיט וואָרט-מאַטעריִאַל, מיט וואָרטשטעלונג, זײַנען דאָ זייער קליין, די אויסדרוק־מעגלעכקייטן— זייער אָרעם. די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע פאַראָרעמט די שפּראַך, מאַכט פון איר שפּראַכלעך־טעכנישע שאַבּלאָנען.

5. די פולע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע שוואַכט אָפּ די ראָליע פונעם רעאַלן סובּיעקט, די קראַפט פון דעם טועכץ; זי פאַרמינערט די ענערגיע אוןווירקונגס־קראַפט פונעם וואָרט. די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע איז די גרעסטע סטירע אַנטקעגן דער רעוואָליוציאָ־נערער ענערגיע פון אונדזער צײַט, אַנטקעגן דער אַקטיווקייט פון דעם סאָוועטישן לעבּן און פּרעסע־מאַטעריאַל.

6. די פולע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע איז לאַכלוטן פרעמד דער ייִדישער פאָלק־שפּראַך; אין דער שיינער ליטעראַטור איז זי אַ זעלטענער אויסנעם.

7. די האַלבּע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע איז לײַכטער, דערטרעגלעכער. אין אייניקע פאַלן (צו באַטאָנען דעם אָביעקט) האָט זי אַ געוויסע באַרעכטיקונג. זי טרעפט זיך וואו־ניט־וואו אין דער פאָלקשפּראַך, אָבער זייער באַגרענעצט סײַ אין שעטעך (מעג־לעכע קאָמבּינאַציִעס), סײַ אין דער צאָל. ווי אַ קלאַל גילט דאָ די אומבאַשטימט־פערזענלעכע קאָנסטרוקציע מיט „מע", "מען". די צונויפזעצונגען מיט „ווערן" געהערן דאָ צומייסטנס צום טיפּ געבּונדענע צונויפזעצונגען, קעמוי־פּאַסיוון. זיי גיבּן איבּער אַ צושטאַנד, אַ סימען, ניט קיין טועכץ אין אַ פּאַסיווער פאָרמע.

אָנגעקניפּט אין דעמדאָזיקן טיפּ, פּרווּט די שיינע ליטעראַטור צו פאַרבּרייטערן דעם שעטעך פון דער האַלבּער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע, אָבער ניט צו ווײַט פאַר־גאַנגען פונעם קוואַל. דערדאָזיקער שעטעך איז אין דער שיינער ליטעראַטור נאָך איצט אויך זייער קליין. עטוואָס גרעסער איז ער בּאַ ניסטערן. דאָרט האָט די האַלבּע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע אירע ספּעציִעלע טײַמים; זי קומט אָבער ניט אין פאַרגלײַך, אין דער צאָל גענומען, מיט דעם פאַרנעם פון דערדאָזיקער קאָנסטרוקציע אין דער צײַטונגשפּראַך.

8. די פאַרשטעלטע סובּסטאַנטיווישע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע איז דורכויס אַ נײַ־שאַפונג פון אונדזער צײַטונגשפּראַך. דערדאָזיקער טיפּ האָט, כּוץ די דעפעקטן פון דער פולער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע בּיכלאַל, נאָך אייגענע שווערע חסרונים.

אָנשטאָט דעם צײַטװאָרט האָבנ מיר דאָ א זאכװאָרט, װאָס דארפ איבערגעבנ א טועכצ; דערמיט איז נאָכמער אָפּגעטויט די דינאמישקייט פונ דער האנדלונג. אָפּסמאָל איז נישט קלאָר די צײַט פונ דער האנדלונג. דידאָזיקע קאָנסטרוקציע איז פרעמד סײַ דער פאָלקשפראכ, סײַ דער שײנער ליטעראטור. אונדזער צײַטונג האָט דאָס איבערגענומענ בא דער רוסישער צײַטונג־שפראכ (אונ דאָרט איז דאָס לאכלוטנ ניט בעסער).

9. די פארשטעלטע אדיעקטיװישע פאסיװע קאָנסטרוקציע איז ניט פרעמד אונדזער שײנער ליטעראטור; אָבער דאָ טרעפט מענ זי װײניק. מע נוצט דאָ שטענדיק די קורצע פאָרמע („איבערגעשפּאָלטנ”, „געפירט”) אונ די פרעפּאָזיציע „פונ”.

10) די פאסיװע קאָנסטרוקציע אינ דער צײַטונגשפראכ איז, ניקער, אינטערנאַציאָנאל (װעגנ דער רוסישער פרעסע קענ מענ דאָס זאָגנ פעסט); ספּעציעל אינ גװול פונ ייִדיש איז זי אינטערטעריטאָריאל: מע טרעפט זי אינ דער בירגערלעכער פרעסע אינ װילנע, װארשע, ניו־יאָרק אזוי גוט װי אינ דער סאָװעטישער[37].

קיִעװ, 1927.

---

37) מע דארפ אָבער זאָגנ, אז א גרויסער טײל צײַטונג־מענטשנ אינ דער ייִדישער פרעסע אינ גאָר דער װעלט שטאמט פונ רוסלאנד אונ האָט אפּ זיכ די השפּעה פונ דער רוסישער שפראכ אונ פרעסע.

# ווערבאלע זאכווערטער אונ צײַטווערטער

די קאָנסטרוקציע זאכווערטער אָנשטאָט צײַטווערטער אינ זאצ האָבנ מיר שוינ געטראָפנ צוויי מאָל: אינ דעמ קאפיטל „פונ״ (ז. 16, 17) אונ אינ דער „פּאסיווער זאצקאָנסטרוקציע״ (ז. 64), — בײדע מאָל אינ א שעדלעכער פּאָזיציע.

די קאָנסטרוקציע איז נאָכ בא אונדז זייער יונג אינ דער שפּראכ (עטלעכע יאָר), אונ דאָכ האָט זי זיכ באוויזנ שוינ היפּש אײַנצופלאנצנ, דערהויפּט אינ דער צײַטונג־שפּראכ, אונ זי טוט אָנ גענוג שאָדנ אונדזער זאצבוי, וואָס האלט זיכ נאָכ אינ פאָרמירנ. ס׳איז דעריבער קעדײַ זיכ גרינטלעכער צו פארנעמענ מיט דערדאָזיקער קאָנסטרוקציע, אופקלערנ איר מעהוס, איר אָפּשטאמ, וואָס ברענגט זי מיט אינ אונדזער שפּראכ־פארמאָג, ווי ווײַט זי איז געניײטיק ביכלאל. דאָס זאָל אונדז ווײַזנ דער אנאליז פונ די 26 פראזעס, וואָס איכ ברענג דאָ ווײַטער אינ צוויי רעדאקציעס: (1—26 אונ a1—a26). די פראזעס 1—26 זײַנענ גענומענ דורכויס פונ אונדזער פּרעסע, פונעמ בוכ; די פראזעס a1—a26 זײַנענ בלויז אינ א קלענערנ טייל גענומענ פונ דער פּרעסע; אינעמ גרעסטנ טייל האָב איכ דאָ אליינ איבערקאָנסטרויִרט די אקעגנדיקע פראזעס פונ דער ערשטער (זאכוואָרטישער) גרופּע.

1) ... איז די אומבארירלעכקייט פונ דידאָזיקע פאקטנ זעלבסטפארשטענדלעכ קלאָר ווי דער טאָג (צ.).

2) פראגעס אונ ענטפערנ (צ., זש).

3) פיל ערנסטער איז די פראגע וועגנ קאמפּ קעגנ באניצנ זיכ מיט געדונגענע ארבעטער (צ.).

a1) ... איז דאָכ קלאָר, אז דידאָזיקע פאקטנ טאָר קיינער ניט אָנרירנ (צ.).

a2) פרעגט, מיר וועלנ ענטפערנ (א שטענדיק קעפל אינ כארקאָווער „שטערנ״).

a3) פיל ערנסטער איז די פראגע, צי זאָל (דארפ) מענ קעמפנ (צי האָט מענ באדארפט קעמפנ) קעגנ באניצנ זיכ מיט געדונגענע ארבעטער (קעגנ דעמ, וואָס מע ניצט געדונגענע ארבעטער; קעגנ ניצנ לוינארבעטער).

b3) פיל ערנסטער איז די פראגע, ווי אזוי צו קעמפנ קעגנ באניצנ זיכ מיט געדונגענע ארבעטער א. אז. וו.

4) די פארורטיילונג פון דער אָפּאָזיציע רופט קימאט ניט ארויס קיין דעבאטן (צ.).

5) די אויספאָרשונגען פון די גרעסטע ארבעטער-קעמערלעך, וואָס זײַנען דורכגעמאכט געוואָרן לויטן אויפטראָג פון דער צ. ק. ק. באוויזן, אז פון דער פארטיי גייען דעריקער ארויס ארבעטער. . וועלכע... (צ.).

6) דער וואקס פונעם יידישן פויערטום אין דעמדראָזיקן קרײַז קומט פאָר מיט א גיכן טעמפּ (צ.).

7) עס זאָל ניט ארויסגעטראָגן ווערן קיין אורטייל פריער, איידער עס וועט ניט דורכגעפירט ווערן אן אָנפניעסדיקע און פולשטענדיקע אויספאָרשונג פון די באשולדיקונגען (צ.).

8) די פרייזן-אראָפּזעצונג איז דורכגעפירט געוואָרן ניט גלײַכמעסיק (צ.).

9) פאר דעם איז געגאנגען א לעבהאפטע דיסקוסיע אין אונדזער פרעסע וועגן ענדערן די פאָרמען פון אונדזער ברויט-פארגרייטערישן אפאראט (צ.).

10) דער לימער פון רוסיש דארף גיין אין דער ענגסטער פארבינדונג מיט דער אלגעמיינער שול-ארבעט (זש.).

11) די פײַערונג פונעם קאָאָפּעראציע-טאָג איז בא אונדז דורכגעגאנגען בא א געהויבענער שטימונג (צ.).

12) בלויז בא דעם באדינג קענען זייערע אָנשטרענגונגען ברענגען צו אן ערנסטער פארבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער לאגע פונעם לאנד (צ.).

a4) דאָס, וואָס מע האָט פארורטיילט די אָפּאָזיציע, רופט קימאט ניט ארויס קיין דעבאטן.

b4) מע פארורטיילט די אָפּאָזיציע קימאט אָן דעבאטן.

c4) דאָס, וואָס די אָפּאָזיציע (האָט) פארורטיילט, דעבאטירט מען קימאט ניט.

a5) מע האָט אויסגעפאָרשט די גרעסטע ארבעטער־קעמערלעך לויטן אופטראָג פון דער צ.ק.ק., האָט זיך ארויסגעוויזן, אז...

b5) די גרעסטע ארבעטער־קעמערלעך האָבן אויסגעפאָרשט (די לאגע) לויטן אופטראָג פון דער צ.ק.ק., האָט זיך ארויסגעוויזן, אז...

a6) דאָס יידישע פויערטום אין דעמדאָזיקן קרײַז וואקסט מיט א גיכן טעמפּ (האלט אין איין וואקסן).

a7) עס זאָל ניט ארויסגעטראָגן ווערן קיין אורטייל (מע זאָל ניט אורטיילן, אָפּאסקענען) פריער, איידער מע וועט ניט אָנפניעסדיק און פולשטענדיק אויספאָרשן די באשולדיקונגען.

a8) די פרייזן האָט מען אראָפּגעזעצט ניט גלײַכמעסיק.

a9) פאר דעם האָט מען לעבהאפטיק (לעבעדיק) דיסקוטירט אין אונדזער פרעסע, ווי אזוי צו ענדערן (צי דארף מען ענדערן) די פאָרמעס פון אונדזער ברויט־פארגרייטערישן אפאראט.

a10) דעם לימעד רוסיש דארף מען ענג פארבינדן מיט דער אלגעמיינער שול־ארבעט.

a11) דעם קאָאָפּעראציע־טאָג האָט מען בא אונדז געפײַערט בא א געהויבענער שטימונג.

a12) בלויז בא דעם באדינג קענען זייערע אָנשטרענגונגען (באמיונגען) ערנסט פארבעסערן די עקאָנאָמישע לאגע אין לאנד.

13) אָט די האנדלונגען געפינען זיך אין א קלאָרן ווידערשפרוך מיט די אָפטע מעלדונגען פון דער גרויס-בריטישער רעגירונג וועגן אירע שטרעבונגען איינצוהיטן דעם אלגעמיינעם שאָלעם (צ.).

14) אין 1920 האָט כ׳ מאק מאנוס גענומען ניט קיין קלענערן אָנטייל אין דער באוועגונג (צ.).

15) די דערציילונג וועגן „געהיימען צימער מיטן פאָטאָסטאט" איז אין העסקעם מיטן קינאָמאטאָגראפישן כאראקטער פונעם אָנפאל (צ.).

16) דאָס, וואָס די קעמערלעך שטודירן שוואך דאָס פרײַוויליקע און מעכאנישע ארויסגיין פון דער פארטיי, גיט ניט די מעגלעכקייט צו באזײַטיקן דידאָזיקע אלע סיבעס (צ.).

17) דער מאָמענט דארף אויסגענוצט ווערן און ס׳דארף אוועקגעשטעלט ווערן א ברייטע איבונגס־ארבעט אָפ צו באהערשן מינדלעך אָט די אלע רייד-פאלן, וואָס קענען האָבן אָן אָרט בא דער פאָרשטייענדיקער אויספאָרשונג (צ.).

18) די פויערשע באפעלקערונג. . האָט באוויזן א באלערנדן בײַשפיל, ווי צו פארשטיין די אופגאבן פון די ארבעטנדיקע און פון עמעסער באציִונג פונעם פויערטום צו די סאָנים פון דער ראטנמאכט (צ.).

19) די שול-אָרגאניזאציע פארנעמט זיך מיט הילף די פארוואָרלאָזטע (זש.).

20) ווי ס׳איז באוווּסט, האָט דער „דזשאָינט" גערעכנט אופצוהערן אין 1929 יאָר זײַן שטיצע די ייִדן־איבערוואנדערער (צ.).

21) די מענשעוויקעס, קומט אויס פון אנדזשאפארידזעס ענטפערס די פארטיידיקער, הויבן גאָר ניט אָן צו טראכטן צו טון עפעס שלעכטס דעם ראטנפארבאנד (צ.).

a13) דידאָזיקע מעַסים זײַנען אינגאנצן סויסער (ווידערשפרעכן קלאָר) די אָפטע מעלדונגען פון דער בריטישער רעגירונג, אז זי שטרעבט צו שאָלעם(צ.), (אײַנצוהיטן דעם אלגעמיינעם שאָלעם).

a14) נאָך אפן 2־טן קאָנגרעס פונעם קאָמינטערן האָט כ׳ מאק מאנוס זיך באטייליקט אין דער קאָמיסיע (צ.).

a15) די דערציילונג וועגן געהיימען צימער מיטן פאָטאָסטאט שטימט מיטן קינאָמאטאָגראפישן כאראקטער פונעם אָנפאל.

a16) דאָס, וואָס די קעמערלעך שטודירן שוואך, פארוואָס מע גייט ארויס פרײַוויליק און מעכאניש פון דער פארטיי, דערלאָזט ניט (שטערט צו) באזײַטיקן דידאָזיקע אלע סיבעס.

(איבער דעם, וואָס די קעמערלעך א.אז.וו. איז ניט מעגלעך צו באזײַטיקן א.אז.וו.).

a17) דעם מאָמענט דארף מען אויסנוצן און מע דארף אוועקשטעלן א ברייטע געניטונג־ארבעט אָפ צו באהערשן מינדלעך אָט די אלע ריידפאלן, וואָס קענען זיך טרעפן בא דער פאָרשטייענדיקער אויספאָרשונג.

a18) די פויערשע באפעלקערונג... האָט געוויזן א באלערנדיקן בײַשפיל, ווי צו פארשטיין (ווי אזוי מע דארף פארשטיין) די אופגאבעס פון די ארבעטנדיקע און ווי אזוי דאָס פויערטום באציט זיך בעעמעס צו דער ראטנמאכטס סאָנים.

a19) די שול־אָרגאניזאציע פארנעמט זיך מיט העלפן די פארוואָרלאָזטע.

a20) ווי ס׳איז באוווּסט, האָט דער דזשאָינט גערעכנט אופצוהערן אין יאָר 1929 צו שטיצן די ייִדן־איבערוואנדערער.

a21) די מענשעוויקעס, — (אזוי) קומט אויס פון דעם, וואָס (ווי אזוי) אנדזשאפאריזע ענטפערט די פארטיידיקער, — הויבן גאָרניט אָן צו טראכטן... א. אז. וו. (פון דעם, וואָס א. ענטפערט די פארטיידיקער,

קומט אויס, אז די מענשעוויקעס הויבן גאָר־ניט אָן א. אז. וו.)

a22) ...א רעזאָליוציע, אז זיי האלטן דעם אווטאָנאָמיסטישן פּראָעקט פונעם הויפּט־ראט פאר א פּריצײַטיקן און אז דורכפירן אים (דעם פּראָעקט) וואָלט געווען זייער ניט געוואונטשן.

22) ...די פ. פ. ס.־צעס, וועלכע האָבן... אָנגענומען א רעזאָליוציע... אין וועלכער עס זאָגט זיך, אז זיי האלטן דעם אווטאָנאָמיסטישן פּראָעקט פונעם הויפּטראט פאר א פּריצײַטיקן און אז די דורכפירונג פון אים וואָלט געווען זייער ניט געוואונטשן (זש.).

a23) אָבער אלס אלגעמיינע פאָרמולירונג, וואָס נעמט ארום (ארײַן) יעדע פאָרם, ווי אזוי דאָס אונטערגעוואָרפענע פאָלק הענגט אָפּ פונעם הערשנדיקן, זײַנען א. אז. וו.

23) אָבער אלס אלגעמיינע פאָרמולירונג, וואָס נעמט ארום יעדע פאָרם פון אָפּהענגיקייט פונעם אונטערגעוואָרפענעם פאָלק פונעם הערשנדיקן, זײַנען אין דעם־דאָזיקן געדאנק פאראן געוויסע פעלערן (הייליקמאַן).

a24) דורכפירן די אונטערזוכונג מיט די עלעמענטארסטע געזעצלעכע גאראנטיעס איז געווען אין דעם פאל נייטיק (צ.).

24) דאָס ארומשטעלן די אונ־טערזוכונג, זאָל זײַן אפילו מיט די עלעמענ־טארסטע געזעצלעכע גאראנטיעס, איז אין דעם געגעבענעם פאל נאָך מער געווען אָבּלי־גאטאָריש (צ.).

a25) די מיליטערישע מאכט קלאָגט זיך, אז ס'איז שווער (ס'איז געווען שווער, ס'וועט זײַן שווער) צו קעמפן מיט די רעוואָליוציאָנערן.

25) די מיליטערישע מאכט קלאָגט זיך אפ דער שוועריקייט צו קעמפן מיט די רעוואָלוציאָנערן (צ).

a26) דאָס שטערט, אז ס'זאָל זיך פארפעסטיקן (מע זאָל פארפעסטיקן) און פארשפרייטן די פארטייִשע ווירקונג צווישן זיי.

26) דאָס שטערט דער פארפעסטי־קונג און פארשפרייטונג פון דער פארטייִשער ווירקונג צווישן זיי (צ.).

אין אלע 26 פראזעס, וואָס איך ברענג דאָ אין דער רעדאקציע רעכטס, איז פאראן איינע אייגנטימלעכקייט: מיר האָבן דאָ זאכווערטער אָנשטאָט צײַטווערטער. לאָמיר נעמען, אשטייגער, זאץ 1, און אנקוקן a1. דאָ איז אין צוויי צײַטונגען איבערגעזעצט אפ יידיש דערזעלבער רוסישער זאץ (לינקס אביסל פרײַער):

то неприкосновенность содержания этих пакетов для кого бы то ни было само по себе очевидна („Правда", Москва, № 101, 1927 г.)[1].

דעם מאטעריִעלן אינהאלט פון דעמדאָזיקן זאץ איז צומבעסטן צו זען פון דער רעדאקציע a1: „ס'איז קלאָר, אז די פּאקעטן טאָר קיינער ניט אָנרירן". אָנשטאָט „טאָר קיינער ניט אָנרירן", האָבן מיר אין זאץ 1 „די אומבארירלעכקייט". דאָס הייסט: דעם מאטעריִעלן אינהאלט פון דעם ווערב, פון דעם צײַטוואָרט האָט מען ארײַנגעשפּארט אין א זאכוואָרט. אָבער אין „אומבארירלעכקייט" שטעקט לאכלוטן ניט דער עפּעקט, דער פּראָטעסטירנדיקער, מאָנענדיקער, קימאַט באפעלערישער טאָן, וואָס אין די ווערטער: „טאָר קיינער ניט אָנרירן". מער איז

1) ס'איז גענומען פון כ' ראָזענהאָלצס פּראָטעסט אנקעגן דעם אָנפאלן אפ „ארקאָס", קעגן דעם עפּע־נען די סאָוועטישע האנדלסקאָרעספּאָנדענץ.

דאָס עפעס ווי א סימענ, א מינ אייגנשאפט פונ געוויסע פאקטנ, עפעס בעערעכ ווי מע וואָלט געזאָגט: „די וויכטיקייט“, „גענייטיקייט“ פונ די פאקטנ אונ דעס־גליַיכנ. אינ פאָרטראפ (פרעפיקס) „אומ“ שטעקט דאָ ניט די עלעמענטארע, פאר זיכ אויסגעטיילטע קראפט, וואָס אינ „ניט“;—ביפראט, אז ס'איז ניט קלאָר, צי פאלט דאָ דער גאנצער טראָפ אינ וואָרט אפ דעמ טראפ „אומ“. דער באגריפ „קיינער“ איז אינ 1 גאָר ארויסגעפאלנ, אונ ס'איז קלאָר, פארוואָס: דער איבערזעצער האָט זיכ ניט געקענט אויסדרייענ: „די אומבארירלעכקייט... פאר וועמענ ס'ניט איז“ קלעפט זיכ שלעכט (אינ רוסיש — אויכ ניט בעסער). דעמ אונטערשייד אינ דעמ עפעקט, אינ דער אויסדרוק־קראפט צווישנ די צוויי רעדאקציעס קענ מענ צומבעסטנ דערפילנ, ווענ די צוויי זאצנ זאָל מענ זאָגנ (אונ הערנ), ניט שריַיבנ (אונ לייענענ מיט די אויגנ). שוינ דאָס גופע, וואָס מע פארהאלט די אופמערקזאמקייט בא פיר עלעמענטארע, פעסטע אונ קלאָר־באטיַיטיקע ווערטער („טאָר קיינער ניט אָנרירנ“) אָנשטאָט איינ וואָרט, דערצו נאָכ א ניַי־געשאפנ, שווער־צונויפגעזעצט וואָרט („אומבארירלעכקייט“),—שוינ דאָס גופע וועקט מער דעמ געדאנק, ווירקט מער אפ דעמ געמיט פונ דער צוהערער (צומטייל,—אפילע פונ דעמ לייענער אויכ). אָבער די ווירקונג פונ די פיר ווערטער קענ מענ נאָכ פארשטארקנ מיט א ספעציעלער אינטאָנאציע, מע זאָל דערפילנ דעמ פארדראָס בא דעמ זאָגער, זיַינ אופגעבראכטקייט, זיַינ שטארקייט בא זיכ. מע קענ דאָ וואריִירנ די אינטאָנאציע, מיט שטעלנ דעמ טראָפ אפ „קיינער“ אָדער אפ „אָנרירנ“, אָדער אפ ביידע ווערטער. מיט דער רעדאקציע 1 („אומבארירלעכקייט“) לאָזט זיכ אזוינס לאכלוטנ ניט מאכנ; ס'איז א זאצ פאר דעמ אויג, ניט פאר דעמ אויער [2]).

דאָסזעלבע איז מיט 2 אונ a2: פונ א קעפל „פראגעס אונ ענטפערנ“ ווערט א מאסנמענטש, וואָס איז ניט געניט אינ ציַיטונג־איַינפירנ, שווערלעכ פארשטיינ, אז דאָס מיינט מענ אימ אויכ, אז ער, ד. ה. יעדער איינער, מעג פרעגנ אונ מע וועט אימ ענטפערנ. „פרעגט, מיר וועלנ ענטפערנ“—וועט דאָס שוינ קלאָר מאכנ אפילע דעמ אָנהויב־לייענער.

אָדער, אשטייגער, זאצ 6:

דער ווּקס פונעמ ייִדישנ פויערטומ אינ דעמדאָזיקנ קרַייז קומט פאָר מיט א שנעלנ טעמפּ.

לאָמיר דאָס פארגלַייכנ, אשטייגער, מיט אזוינע פראזעס:

27) אונדזער באפעלקערונג, ספעציעל די פויערשע, וואקסט איצט שנעלער ווי אינ די פארמילכאָמעדיקע ציַיטנ (צ.).

28) דער קאפיטאליזמ איז א זאָקנ, וואָס שטייט שוינ מיט איינ פוס אינ קייווער, אונ מיר זיַינענ ערשט צענ יאָר אלט, מיר האלטנ ערשט אינ וואקסנ (צ.).

29) די ארבעטער-באוועגונג איז איבערגעוואקסנ אירע פירער (צ.).

אינ דעמ וואָרט „ווּקס“ אינ זאצ 6 האָבנ מיר דעמ באקאנטנ דעפעקט פונ א זאכוואָרט אָנשטאָט א ציַיטוואָרט ביכלאל; אָבער דאָ שטעקט נאָכ א ספעציעלער דעפעקט. זאָגנ: „ווּקס“ (אָנשטאָט „וואקסנ“) איז ניט דאָסזעלבע, וואָס, אשטייגער, „אומבארירלעכקייט“ (אָנשטאָט „מע טאָר ניט אָנרירנ“), וואָס „קאמפּ“ (אָנשטאָט

---

[2]) אונדזער פובליציסטישע שפראכ וואָלט ביכלאל אויסגעזעהנ אנדערש, ווענ דער שריַיבער זאָל זיכ צוהערנ צו דעמ, וואָס ער שריַיבט, ניט בלויז זיכ צוקוקנ.

„קעמפן”), „פארורטיילונג” (אָנשטאָט „פארורטיילן”) א. ד. גל. דידאָזיקע ווערטער זײַנען נײַ, זיי זײַנען געקומען צו אונדז צוזאמען מיט נײַע געזעלשאפטלעכע, אידעאָלאָגישע באַגריפן,—מעמיילע זײַנען זיי אויך פרײַער פון אנדערע אסאָציִאציִעס, וואָס אין אייגנטלעכער זאכוואָרטישקייט. פארקערט, „וווקס” איז אַן אלט אײַנגעוואָרצלט וואָרט אין דער פאָלקסשפראך. און דאָ ניצט מען דאָס רײַן־סובסטאנטיוויש; ס'איז אַ סטאטישער באַגריף, וואָס הייסט: די הייך, די גרייס פון א לעבעדיקער פערזאָן. דידאָזיקע פארוואָרצלטע אסאָציִאציע פון סטאטישקייט לאָזט זיך שווער ענדערן אפּ א נײַער פאָרשטעלונג פון רירעוודיקייט, פון א פּראָצעס („וואקסן”), ווי מע וויל דאָס האָבן אין זאצ 6 און דעסגלײַכן אזוינע.

№ 27, אויך גענומען פון דער פרעסע, ווײַזט, ווי אזוי מע קען זאָגן קימאט דעמזעלבן געדאנק פּאָשעטער, קלאָרער, לעבעדיקער.

נאָך איבערצײַגנדיקער איז № 28. דער זאצ: „מיר האלטן ערשט אין וואקסן” איז נאָך נעענטער צום אינהאלט פון זאצ 6, ווי זאצ 27, דאָ האָבן מיר אַן אָריגינעל־ייִדישן אויסדרוק, זייער שפּאָרעוודיק אין וואָרט־מאטעריאל, קערנדיק און געשפּאנט, א פּאָפּולערע פאָרמול, וואָס מע נוצט זי אין קאָמבינאציִעס מיט פארשידענע צײַטווערטער, ניט בלויז מיט „וואקסן” (מע קען זאָגן: מיר האלטן אין איינ פאלן, אין איינ ארבעטן, אין איינ בויען א. אז. וו.), און וואָס דער זינ אירער איז: א געוויס טועכץ, א צושטאנד איו אין פּראָצעס פון אָנוואקסן, פון שטײַגן דורכאנאנד. לויט דעם מוסטער 28 וואָלט מען געקענט זאָגן זאצ 6:

6b) דאָס ייִדישע פויערטום אין דעמדאָזיקן קרײַז האלט אין איינ וואקסן.

און ווען מיר זאָלן שוין וועלן זײַן שטרענג געהיט:

6c) דאָס ייִדישע פויערטום אין דעמדאָזיקן קרײַז האלט אין שנעלן וואקסן.

זאצ 29 ווײַזט, ווי אומבאהאָלפן איז דאָס זאכוואָרט, ווען סע פארמעסט זיך אפּ דער פונקציע פון א צײַטוואָרט. ווען מיר זאָלן וועלן זאָגן דעמזעלבן אינהאלט מיטן וואָרט „וווקס”, וואָלט אויסגעקומען (לויט דעם מוסטער פון זאצ 6):

29a) דער וווקס פון דער ארבעטער־באוועגונג איז פאָרגעקומען מיט א שנעלערן טעמפּ איידער דער וווקס פון אירע פירער.

בעסער אזוי ווי מע שרײַבט:

30) די פּראָצענטן פונעם אָנגעצייכנטן וווקס זײַנען קלענערע, ווי דער וווקס, וואָס מיר האָבן די לעצטע דרײַ יאָר געקענט פארצייכענען אין פארגלײַך מיט צושטאנד באלד נאָכן בירגערקריג (צ.) [3].

ד. ה. פּרימיטיוו, וואָס פּרימיטיווער קען מען זיך קאם פאָרשטעלן, און נאָך אלעם דעם גיט דער זאצ 29a לאכלוטן ניט איבער דאָס, וואָס 29. „איבערגעוואקסן” הייסט אין 29: געוואָרן פּאָליטיש, סאָציִאל רײַפער, באוווסטיקער, אקטיווער, רעוואָליוציאָנערער. אין 29a איז דערפון אפילע קיין סימען ניטאָ.

און זאָל שוין דאָ, אגעוו, געזאָגט זײַן וועגן פראזע 30: ס'איז ניט בלויז א שפּראך־פּרימיטיוו, — ס'איז פאלש לאָגיש און גראמאטיש אויך. מע קען ניט גלײַכן

---

3) ס'האנדלט זיך וועגן די קאָנטראָל־ציפער פון דער סאָוועטישער ווירטשאפט פאר דאָס נאָענטסטע יאָר, ווי אזוי פארשיידענע אינדוסטריע־צווײַגן וועלן זיך פארגרעסערן (אין פּראָצ.) אנקעגן הײַנטיקס יאָר.

„פּראָצענטן״ מיט „וווקס״ ביכלאל; ס׳דאַרף זײַן: „קלענער״, ניט „קלענערע״, און ס׳איז נאָך ניט קלאָר, צי קען מען שטענדיק געבן אַ פאַרגלײַך צווישן צוויי זאַכן, וואָס איינס פון זיי איז אין מערצאָל, דאָס אַנדערע — אין איינצאָל. אויב מע זאָל וועלן זאָגן דאָסזעלבע מיט אַ זאַכוואָרט, אָבער קלאָר און גראַמאַטיש קאָרעקט, וואָלט מען באַדאַרפט שרײַבן בערעך אַזוי:

a30) די פּראָצענטן פונעם אָנגעצייכנטן וווקס ווײַזן, אַז דער דאָזיקער וווקס איז (וועט זײַן) קלענער, ווי דער וווקס, וואָס מיר האָבן אַ. אַז. וו.

ד. ה. סטיליסטיש נאָך שוואַכער ווי פּראַזע 30 (דרײַ מאָל „וווקס״). פאַרשטייט זיך, אַז אין 30 שטעקט אַ היפּש ביסל שפּראַך־אומבאַהאָלפנקייט, אָדער אומבאַזאָרגט־קייט פאַר שפּראַך און סטיל ביכלאל, אָבער ניט ווייניק האָט דאָ צו זאָגן דאָס שטעלן אַ זאַכוואָרט („וווקס״) אָנשטאָט אַ צײַטוואָרט („וואַקסן״). דער אוטער מיינט דאָ אַזוי: דאָס נאָענטסטע יאָר וועט די ווירטשאַפט וואַקסן לאַנגזאַמער איידער זי איז געוואַקסן די לעצטע דרײַ יאָר אַקעגן דעם צושטאַנד באַלד נאָכן בירגערקריג. ער איליוסטרירט דעם געדאַנק מיט ציפער („פּראָצענטן״). וואָלט ער דאָס באַדאַרפט אַזוי זאָגן:

b30) פון די געבראַכטע ציפער איז צו זען, אַז דאָס נאָענטסטע יאָר וועט די ווירטשאַפט וואַקסן לאַנגזאַמער, איידער אַ. אַז. וו. (אַז די ווירטשאַפט וועט איצט וואַקסן לאַנגזאַמער אַ. אַז. וו.)

ניט אַלע 26 פּראַזעס, וואָס איך ברענג דאָ צום אָנהויב, זײַנען אַזוי שלעכט, אָבער אין אַלע שטעקט דער דעפעקט פון אַ זאַכוואָרט אָנשטאָט אַ צײַטוואָרט. אָנ־שטאָט דער דינאַמישקייט פון אַ טועכץ, אָנשטאָט דער לעבעדיקייט פון אַ צושטאַנד האָבן מיר דאָ אַ ס י מ ע ן, וואָס דאַרף בײַ אונדז ערשט וועקן די פאָרשטעלונג פון אַ טועכץ, פון אַ צושטאַנד. אָנשטאָט דער אַקטיווקייט, דער לעבעדיקייט פון דעם זאַץ מיט אַ צײַטוואָרט, אַזוי ווי מיר הערן דאָס שטענדיק אין דער גערעדטער שפּראַך, אין דער מאַסנשפּראַך, האָבן מיר דאָ אַ צוגעקלערטע גראַמאַטישע, פּאַפּי־רענע קאָנסטרוקציע.

דאָס זאַכוואָרט אָנשטאָט אַ צײַטוואָרט איז געוואָרן אַ שוואַכקייט, אַ סטיליסטי־שער דעפעקט אין דער רוסישער צײַטונג־שפּראַך,—אַ דעפעקט, וואָס ציט נאָך זיך אַנדערע דעפעקטן אויך (זינד קעגן דער גראַמאַטיק, קעגן דער לעקסיק אַ. אַז. וו.), און קעגן דעם הערן זיך דורכאַנאַנד פּראָטעסטן די לעצטע צײַט[4]. דער ייִכעס איז דאָ ניט זייער גרויס: דאָס שטאַמט פון דער קאַנצעליאַריע־שפּראַך. מיר האָבן דאָס איבערגענומען בײַ דער רוסישער פּובליציסטיק. אומזיסט וועלן מיר זוכן עפּעס אַזוינס אין דער גערעדטער שפּראַך, אין דער שיינער ליטעראַטור.

אין דעם זאַכוואָרט אָנשטאָט דעם צײַטוואָרט שטעקט אָבער ניט בלויז דער סטיליסטישער כיסאָרן פון בלאַסקייט, פון וואַסערדיק בלוט;—דאָ שטעקן נאָך אַנדערע

---

4) זע: Пешковский „Сборник статей", 1925 г. стр. 141—152 אויך M. Гус, Ю. Загорянский и И. Каганович „Язык газеты", Москва, 1926 г. וועגן דעם זאַכוואָרט אין דער ייִדישער צײַטונג־שפּראַך האָט געשריבן א. זאַרעצקי „גרײַזן און ספייקעס״, קיִעוו, 1927, ז. 126—130.

כעסרוינעס אויך. אָפטמאָל מאכט דאָס זאכוואָרט אומקלאָר דעם אינהאלט. א צײַטוואָרט ווײַזט די צײַט, א זאכוואָרט — ניט; מעמיילע איז אין די קאָנסטרוקציִעס מיט א זאכוואָרט אָפטמאָל ניט קלאָר די צײַט פון דער האנדלונג. אין זאצ 3, אשטייגער, איז ניט קלאָר, וואָס איז געמיינט מיט „קאמפ״: צי האנדלט זיך דאָ פון א קאמפ, וואָס „מע פירט אים שוין״, אָדער וואָס „מע דארף אים ערשט פירן״. דאָסזעלבע איז אין זאצ 4. ס׳קען הייסן: דאָס, וואָס מע (עמעצער, לאָמיר זאָגן: דער צ. ק.) האָט „פארורטיילט״ די אָפּאָזיציע (רופט (דאָ) ניט ארויס קיין דע־באטן); ס׳קען אויך הייסן: מע פארורטיילט (איצט, דאָ) די אָפּאָזיציע (קימאט אָן דעבאטן). דאָסזעלבע איז אין זאצ 25: די מיליטערישע מאכט קען זיך קלאָגן, אז א) ס׳איז איר שווער געווען, ב) ס׳איז איר (איצט) שווער, ג) ס׳וועט איר שווער זײַן צו קעמפן מיט די רעוואָליוציִאָנערן.

בא א צײַטוואָרט אין אקטיוו זאצ ווײַזט אונדז די וואָרטשטעלונג, וואָס איז דער סוביעקט און וואָס איז דער אָביעקט. אין דער קאָנסטרוקציע מיט זאכווערטער מוז מען אָנקומען צום „פון״, און דאָ קומט דאָס אָפטמאָל צו אומקלאָרקייטן וועגן סוביעקט — אָביעקט. אין דער פראזע 5, אשטייגער, איז ניט קלאָר, ווער וואָס ס׳האָט אויסגעפּאָרשט. „די אויספּאָרשונגען פון די גרעסטע ארבעטער־קעמערלעך״ קען הייסן: מע (עמעצער) האָט אויסגעפּאָרשט די ארבעטער־קעמערלעך. די ארבעטער־קעמערלעך זײַנען דאָ דער אָביעקט; דער סוביעקט איז דאָ אומבא־קאנט. ס׳קען אָבער הייסן אזוי אויך: די ארבעטער־קעמערלעך האָבן אויסגעפּאָרשט (עפּעס, די לאגע) [5]. די קעמערלעך איז דאָ דער סוביעקט; דער לאָגישער אָביעקט איז דאָ קלאָר פון דעם קאָנטעקסט: מע האָט אויסגעפּאָרשט, ווער גייט ארויס פון דער פארטיי און פארוואָס.

דאָסזעלבע איז אין זאצ 4. דער אינהאלט איז דאָ אזוי: אן אָרטיקע קאָנפע־רענץ האָט באהאנדלט פארשידענע פראגעס, אגעוו,—די פראגע וועגן דער אָפּאָזיציע אויך. „די פארורטיילונג פון דער אָפּאָזיציע״ קען הייסן: מע פארורטיילט (מע האָט פארורטיילט) די אָפּאָזיציע. די „אָפּאָזיציע״ איז דאָ אן אָביעקט. ס׳קען אויך הייסן: דאָס, וואָס די אָפּאָזיציע פארורטיילט (האָט פארורטיילט). די „אָפּאָזיציע״ איז דאָ א סוביעקט.

ספּעציִעל אין זאצ 3 איז ניט קלאָר דער אינהאלט פון דער „פראגע״: „די פראגע וועגן קאמפ״ קען דאָ הייסן: צי זאָל מען (דארף מען) קעמפן ביכלאל. ס׳קען אויך הייסן: ווי אזוי צו קעמפן.

אין דער רעדאקציע a3, b3 איז אָנגעגעבן די מעגלעכע וואריִאנטן.

אָדער לאָמיר נעמען אזא זאצ:

---

5) אשטייגער אזוי:

די רעווידירונג פון דער ארבעטער-פויערשער אינספעקציע קאָנסטאטירט די ניט ריכטיקע אײַנטיילונג פון די פונקציִעס (צ.; אין איינעם א נארקאָמאט. נ. ש.).

דאָ איז זיכער געמיינט, אז די ארבעטער־פויערשע אינספּעקציע (שוין לויט אירע עצעמ־פונקציִעס) איז דער רעוויזאָר, ד. ה. דער לאָגישער סוביעקט פון דער האנדלונג, ניט דער רעווי־דירטער. אין פראזע 5, ווען מע נעמט זי פאר זיך, קען מען טאקע ניט וויסן, וואָס זײַנען די קעמערלעך דער סוביעקט אָדער דער אָביעקט פון דער אויספּאָרשונג. לאָגיש איז דאָ מעגלעך סײַ דאָס, סײַ יענץ.

31) אין דער אָפּעראַטיווער ארבעט ווערט אָנגעמערקט די קאָנצענטרירונג פון דער אָנ־פירנדיקער ארבעט אפּ צונויפשטעלן די פּלענער אין דער אָרגאַניזאַציאָנעל־פּלאַנאָווער פּאַרוואַלטונג (צ.).

דער אווטער איז דאָ זיכער אויסן צו זאָגן, אז א געוויסע ארבעט („די אָנפירנ־דיקע ארבעט אפּ צונויפשטעלן די פּלענער") מערקט מען איצט אָן צו קאָנצענטרירן אין א געוויסן אמט („אין דער אָרגאַניזאַציאָנעל־פּלאַנאָווער פּאַרוואַלטונג"); ער שטעלט דאָ דעם טראָפּ אפּ דעם אמט, אָדער אפּ דעם אמט אויך (ניט בלויז קאָנצענטרירן די ארבעט, נאָר קאָנצענטרירן זי אין א געוויסן אמט). פון דעם זאַץ 31 זעט מען דאָס אָבער ניט קלאָר, וואָרעם די גרופּע „אין דער אָרגאַניזאַציאָנעל־פּלאַנאָווער פּאַרוואַלטונג" ציט ניט דאַפּקע צו „קאָנצענטרירונג"; גיכער ציט זי צו דער גרופּע „צונויפשטעלן די פּלענער"; בעכיינ קען מען דאָס טײַטשן אנדערש אויך: א געוויסע ארבעט („די אָנפירנדיקע ארבעט אפּ צונויפשטעלן די פּלענער אין דער אָרגאַניזאַציאָנעל־פּלאַנאָווער פּאַרוואַלטונג") דאַרף מען איצט קאָנצענטרירן; ווו צו קאָנצענטרירן זי,—דאָס זאָגט אונדז דער אווטער ניט אין דעם זאַץ.

קעדיי קלאָר צו זאָגן דעם געדאַנק, וואָלט דער אווטער באַדאַרפט איבערגרופּירן די זאַצגרופּעס (אויב ער וויל דאַפּקע מיט א זאַכוואָרט):

31a) אין דער אָפּעראַטיווער ארבעט ווערט אָנגעמערקט די קאָנצענטרי־רונג אין דער אָרגאַניזאַציאָנעל־פּלאַנאָווער פּאַרוואַלטונג פון דער אָנפירנדיקער ארבעט אפּ צונויפשטעלן די פּלענער.

אָבער אזוי זאָגן קען מען ניט: מע קען ניט צערײַסן די גרופּע „די קאָנצענט־רירונג פון" א. אז. וו. אין דער איצטיקער רעדאַקציע ציט די גרופּע „פון דער אָנפירנדיקער ארבעט" א. אז. וו. צו „פּאַרוואַלטונג", ניט צו „קאָנצענטרירונג".

דער אווטער האָט געהאַט אַן אייצע: זאָגן דאָסזעלבע פּאָשעט, מיט א צײַט־וואָרט, ניט מיט קיין זאַכוואָרט:

31b) אין דער אָפּעראַטיווער ארבעט ווערט אָנגעמערקט (מערקט מען אָן) צו קאָנצענטרירן אין דער אָרגאַניזאַציאָנעל־פּלאַנאָווער פּאַרוואַלטונג די אָנפירנדיקע ארבעט אפּ צונויפשטעלן די פּלענער.

דאָ איז שוין קלאָר ביידע זאַכן: 1) אז די ארבעט וויל מען קאָנצענטרירן, און 2) ווו מע וויל זי קאָנצענטרירן. דאָ איז אָבער פאַראַן א כיסאָרן: אין זאַץ 31b איז שוין ניט אזוי באַטאָנט דאָס אָרט, די גרופּע: „אין דער אָרגאַניזאַציאָנעל־פּלאַנאָווער פּאַרוואַלטונג", אזויווי אין זאַץ 31 (דאָרט שטייט די גרופּע צום סאָף). איז קען מען זאָגן אזוי:

31c) אין דער אָפּעראַטיווער ארבעט ווערט אָנגעמערקט (מערקט מען אָן), אז די אָנפירנדיקע ארבעט אפּ צונויפשטעלן די פּלענער זאָל קאָנצענטרירט זײַן (זאָל מען קאָנצענטרירן) אין דער אָרגאַניזאַציאָנעל־פּלאַנאָווער פּאַרוואַלטונג.

אָבער אפּ אזא פּראָסטער זאַך איז אונדזער אווטער ניט געפאַלן, ווײַל געקלערט האָט ער אפּ רוסיש:

В оперативной работе намечается концентрация руководящей работы по составлению планов в организационно-плановом управлении.

און אזוי, ווי ס'שטייט און גייט, וואָרט־באַ־וואָרט, האָט ער דאָס „איבערגע־פירט" אפּ יידיש.

דאָ האָבן מיר, אגעוו, א מוסטער, ווי אזוי דאָס זאכוואָרט מאכט דעם זאץ פאר־גליווערט, אומבויגעוודיק. דערפונ וועל איך נאָך רעדן ספּעציעל.

אינ № 5 איז דאָס זאכוואָרט „די אויספאָרשונגענ" צונויפגעשפּאנט מיט א צײַטוואָרט „דורכגעמאכט געוואָרנ". דאָ גראָד קענ מענ זיך באגיינ אָנ דעם. אָבער אינ די ווײַטערדיקע זאצנ מוז מענ שוינ אָנקומענ צו א צײַטוואָרט, אונ דאָ גיי איך איבער צו א צווייטנ טיפּ קאָנסטרוקציעס מיט זאכווערטער אָנשטאָט צײַט־ווערטער.

אינ די ערשטע פיר זאצנ, אויך אונ די נומערנ 19—26, איז אינ די זאכווער־טער: „אומבארירלעכקייט", „פּראגעס — ענטפערנ", „קאמפ", „די פארורטיילונג", „הילפ", „שטיצע" א. א. וו. ארײַנגעשפּארט דער גאנצער מאטעריעלער אינהאלט פונ דעם טועכצ. אנדערש איז שוינ, אשטייגער, אינ זאצ 6. אָנשטאָט וואָס מיר זאָגנ געוויינטלעכ (דאָס יידישע פויערטום) וואקסט (6a), האָבן מיר דאָ אינ זאצ 6: דער וווּקס קומט פאָר". דאָס הייסט אזוי: מיט דעם זאכוואָרט אליינ פאר זיך קענ מענ דאָ ניט אויסקומענ, מע מוז צו דעם צוזעצנ א צײַטוואָרט.

מע מוז דאָס, ווײַל דאָס צוגעזעצטע צײַטוואָרט איז דער גראמאטישער פּרע־דיקאט אינ זאצ; אָנ דעם וואָלט דער זאצ געבליבנ אָנ א פּרעדיקאט. דאָס, וואָס אינ דעמדאָזיקנ טיפּ זאצנ וואָלט אייגנטלעכ באדארפט זײַנ דער פּרעדיקאט, איז דאָ אינ אייניקע זאצנ (6—9, 11) געוואָרנ א סוביעקט („דער וווּקס"—אָנשטאָט „וואקסנ"; „אויספאָרשונג"—אָנשטאָט „אויספאָרשנ" א. אז. וו.) אינ אנדערע (12—13) אנ אָביעקט („פארבעסערונג"—אָנשטאָט „פארבעסערנ"; „שטרעבונגענ" — אָנשטאָט „שטרעבנ"). בעכיינ, האָט דאָ דאָס צוגעזעצטע צײַטוואָרט א וויכטיקע גראמאטישע פונקציע. אָבער מיט צוזעצנ א צײַטוואָרט צום זאכוואָרט שאפט זיך שוינ א נײַע לאגע אקעגנ דער ערשטער גרופּע זאצנ. וועגנ זאצ 3, אשטייגער, האָט מענ געקענט זאָגנ, אז מיט „קאמפּ", (אָנשטאָט: „צי זאָל מענ קעמפנ", („ווי אזוי צו קעמפנ") פאר־שפּאָרט מענ עפּעס (1 זאצ אָנשטאָט 2, ווייניקער וואָרטמאטעריאל); וועגנ זאצ 6 לאָזט זיך שוינ אזוינס נישט זאָגנ. אינ 6a איז ניט צוגעקומענ קיינ נײַער זאצ, אונ „וואקסט" איז יעדנפאל שפּאָרעוודיקער פאר דער גרופּע „דער וווּקס קומט פאָר"; — פונ אויסדריקלעכער, לעבעדיקער, קלאָרער שוינ ניט צו רעדנ. דאָסזעלבע לאָזט זיך זאָגנ וועגנ די זאצנ 7—17.

| ס'שטייט | אָנשטאָט |
| --- | --- |
| A. דורכפירנ אנ אויספאָרשונג | אויספאָרשנ |
| דורכפירנ די פּרײַזנ־אראָפּזעצונג | אראָפּזעצנ די פּרײַזנ |
| ס'גייט א דיסקוסיע | מע דיסקוסירט |
| גיינ אינ פארבינדונג | פארבינדנ |
| די פּײַערונג איז דורכגעגאנגענ | מע האָט געפּײַערט |
| ברענגענ צו א פארבעסערונג | פארבעסערנ |
| געפינענ זיך אינ א ווידערשפּרוך | ווידערשפּרעכנ<br>סויסער זײַנ |

| אָנשטאָט | ס'שטייט |
|---|---|
| זיך באטייליקן | B. נעמען אן אָנטייל |
| שטימט | איז אין העסקעם |
| דערלאָזן, לאָזן | געבן די מעגלעכקייט |
| זיך טרעפן | האָבן אן אָרט |

וואָס הייסט דאָס? דאָס הייסט קוידעמקאָל, אז מע שאבלאָניזירט די שפראך. אין די צוניפּזעצונגען פון זאכווערטער מיט צײַטווערטער שאפט מען א געוויסע גרופּע שאבלאָנען, אזא וואָרט, אשטייגער, ווי „דורכפירן", אָדער „פירן" איז געוואָרן א מין אוניווערסאלער קליי צו פארקלעפן דערמיט אלע לעכער, וואָס דאָס זאכוואָרט מאכט אָן אין זאצ.

מיר האָבן זיך שוין איינמאָל געטראָפן מיט דעמדאָזיקג וואָרט אין אן אנדער טיפּ שאבלאָן,—אין דער פאסיווער זאצקאָנסטרוקציע,—און האָבן שוין געזען, וואָס פאר א גרויס אָרט עס פארנעמט אין דער צײַטונגשפּראך [6]. דאָ אינטערעסירט עס אונדז פון אן אנדער קוק, וואָס פאר א ראָליע עס שפּילט באַם שטעלן זאכווערטער אָנ־שטאָט צײַטווערטער. אין דער פּובליציסטישער שפּראך „פירט מען דורך" „פירט מען", אָדער, נאָך אָפטער, „עס ווערט דורכגעפירט" (פאסיוו): די אויספאָרשונג, די אונטערזוכונג, די אינדוסטריִאליזאציע, די פרײַזן־אראָפּזעצונג, די דעמאָקראטיזאציע, די סאָוועטיזירונג, די סטאביליזאציע, די פארלענגערונג, די פארקירצונג, די פײַערונג, די פינאנסירונג א. אז. וו. וואָס פאר א ראָליע שפּילט דאָ דאָס וואָרט „דורכפירן?" אין דער שפּראך האָט דאָס, געווייגטלעך, פעסטע באטײַטן, געבונדן מיט באַוועגונג־באגריפן:

1) דורכפירן עפּעס פארבײַ (провозить, провести мимо), אשטייגער, אין אזא זאצ בא ש"א'ן:

...איז דער דאָקטער לעוויִוס אופגעשטאנען מיט זײַנע אײַנגעלאדענע געסט, דורכגעפירט זיי דורך א גאנצע ריי פון גרויסע, ברייטע, הויכע כאדאָרים.

2) באלייטן עמעצן [7].

אין די צוניפּזעצונגען מיט זאכווערטער (פון צײַטווערטער) אָנשטאָט צײַטווער־טער פארלירט דאָס וואָרט „דורכפירן" דעם אייגנטלעכן באטײַט, יעדן מאטעריעלן באטײַט ביכלאל. „דורכפירן אן אויספאָרשונג", „די סטאביליזאציע" א. אז. וו. איז ניט מער ווי: „אויספאָרשן", „סטאביליזירן" א. אז. וו. „דורכפירן" דארף מען דאָ ניט האָבן צוליב דעם מאטעריִעלן באטײַט; מע דארף דאָס האָבן בלויז צוליב דעמ־אז פון דעם זאכוואָרט: „אויספאָרשונג", „סטאביליזאציע" א. אז. וו. זאָלן מיר אין זאצ ארויסקריגן דעמזעלבן עפעקט, וואָס פון דעם צײַטוואָרט „אויספאָרשן" „סטא־ביליזירן" א. אז. וו. „דורכפירן" איז דאָ ניט מער ווי א הילפמיטל אונטער־צושפּארן דאָס זאכוואָרט, וואָס קען זיך אין זאצ ניט האלטן אף די אייגענע פיס. ס'איז גאָרניט קיין מוז, אז די „אויספאָרשונג" זאָל דאפקע „דורכגעפירט ווערן"; זי קען אויך „געמאכט ווערן" (צ.), „דורכגעמאכט ווערן" (№ 5) א. אז. וו., וואָרעם די אלע צײַטווערטער זײַנען ניט מער ווי אונטערשפּארער.

6) זע פריִער ז. 65.

7) זע, י. מ. ליפשיצ. „יִדיש-רוסישער ווערטערבוך", זשיטאָמיר 1876, אונטערן וואָרט „דערכפיהרן".

לויט דער „אוניווערסאַלישקייט", ווי אזוי מע ניצט איצט דאָס וואָרט „דורכפירן" אין דער פּובליציסטישער שפּראַך, דערמאָנט עס דאָס וואָרט „מאכן" אין דער פאָלק־שפּראַך, אָבער נאָר אויסערלעך. אין „מאכן" בלייַבט דאָך עפּעס פון דעם מאַטע־ריעלן באַטייַט; אין „דורכפירן" — שוין ניט. אפילע אין די געציילטע פאַלן, ווען „מאכן" איז א הילפוואָרט באַ זאכווערטער, וואָס שטייען אָנשטאָט צייַטווערטער, אשטייגער „מאכן א שווייַג", „מאכן א שטארב" א. ד. גל., האָט „מאכן", ערשטנס, א געוויסע פונקציע, — אויסדריקן די איינמאָליקייט, די אָפּגעקאַפּטקייט. צווייטנס, קומט דאָס דאָ אין אַן אָריגינעלער צונויפזעצונג: „א שווייַג" (אנקעגן שווייַגן), „א שטארב" (אנקעגן „שטארבן"), — דאָס איז, סיי לויט דער פאָרמע נאָך, סיי לויט דעם געברויך נאָך, ניט דאָסזעלבע, „וואָס „אויספאָרשונג" (אנקעגן „אויספאָרשן"), וואָס „סטאַבי־ליזאציע" (אנקעגן „סטאַביליזירן"); „א שווייַג" „א שטארב" זייַנען זאכווערטער אָפּ דער מינוט, ספּעציִעל אין דער קאָמבינאציע מיט „מאכן" (אָדער „טון", פאר „א שטארב"), ניט אנדערש.

„דורכפירן", — אזוי ווי מע ניצט דאָס אוניווערסאַליש אין דער פּובליציסטישער שפּראַך, — ד. ה. אויסגעהוילט פון יעדן מאַטעריעלן אינהאַלט, — איז גענומען פון דער פרעמד; ס'איז נאָכגעמאַכט דאָס רוסישע צייַטוואָרט проводить, провести, ווען סע קומט אָן דעם מאַטעריעלן באַטייַט, ווי א הילפוואָרט צו א זאכוואָרט. דיזעלבע סטי־ליסטישע קאָמבינאציע מאַכט מען מיט דיזעלבע מיטלען.

דאָסזעלבע קימאַט קען מען זאָגן, אשטייגער, וועגן „גיין". אין דער צייַטונג־שפּראַך „גייט" שטענדיק: א דיסקוסיִע, א קאַמף, א פּייַערונג, דער וווקס, די פּראָ־לעטאַריזאציע, א לימעד א. אז. וו., אפילע „דאָס פעלן" (זאַץ 34). אָבער מיט „גיין" „גייט דאָס צו" סטיליסטיש נאָך ערגער, ווי מיט „דורכפירן": צו לעבעדיק איז נאָך דאָס וואָרט „גיין" אין דעם מאַטעריעלן באַטייַט (באַוועגונג) אין דער צייַטונגשפּראַך אויך, און דער קאָנטראַסט פון פולבלוטיקייט (באַטייַטקייט) און וואַסערדיקייט איז דאָ נאָך שאַרפער. ס'איז גענוג צו פאַרגלייַכן, אשטייגער, אזא געוויינטלעכע פראַזע מיט „גיין":

32) א באַזונדער אויפמערקזאַמקייט דאַרף מען ווענדן אָפּ לערנען די פּרויען און אָפּ שאַפן פאר זיי אזוינע באַדינגונגען, באַ וועלכע זיי זאָלן... קענען גיין צו די לימודים" (צ.).

דאָ רעדט זיך פון ליקווידירן די אמעראַצעס; מע דאַרף זען, אַז די שטוב־אַרבעט, דאָס זאָרגן פאר די קינדער, זאָל ניט שטערן דער פרוי גיין (פּאַשעט גיין מיט די פיס) צו די לימודים (אין ליקפּונקט אַרייַן).

לאָמיר דאָס פאַרגלייַכן מיט אונדזער זאַץ 10:

דער לימעד פון רוסיש דאַרף גיין אין דער ענגסטער פאַרבינדונג מיט דער אַלגעמיינער שול־אַרבעט.

דער קאָנטראַסט פון נאַטירלעכקייט („גיין צו די לימודים") און געקינצלטקייט („דער לימעד דאַרף גיין") איז דאָ גענוג קלאָר. ניט בעסער איז אזא קאָמבינאציע מיט „גיין":

33) די קרעדיטן זאָלן פאָרט גיין אין דער ערשטער ריי אָפּ די אָרעמע און מיטלפּויערשע ווירטשאַפטן (צ.).

דאָס הייסט:

33a) קרעדיטירן (געבן קרעדיט) זאָל מען פאָרט אין דער ערשטער ריי (צום אַלעם ערשטן) די אָרעמע און מיטלפּויערשע ווירטשאַפטן.

א. אז. וו. ס'טרעפט זיך אָבער נאָך ערגער, אשטייגער: דער שרײַבער רעכנט אויס די סיבעס, וואָס שטערן צו ליקווידירן די אמעראצעס. ער ווײַזט איין סיבע; ווענן דער צווייטער סיבע זאָגט ער אזוי:

34) ווײַטער גייט דאָס פעלן פון א גענוגער צאָל שולן (צ.).

דאָס הייסט:

a34) ווײַטער פעלט א גענוגע צאָל שולן (גענוג שולן, פעלט שולן).

דאָסזעלבע, וואָס ווענן „דורכפירן" און „גיין" לאָזט זיך זאָגן ווענן אנדערע צײַטווערטער אין דערזעלבער ראָליע (ברענגען, א. אז. וו.); דער כילעק איז נאָר, וואָס זיי טרעפן זיך זעלטענער.

אין די אלע געבראכטע שאבלאָנע צונויפזעצונגען פון א צײַטוואָרט מיט א זאכוואָרט פארלירן די צײַטווערטער יעדן מאטעריעלן באטײַט; זיי זײַנען ניט מער ווי הילפצײַטווערטער, בעערעך אזויווי די צײַטווערטער „האָבן", „זײַן", „ווערן" בא דעם אינפיניטיוו און פארטיציפּ פון א באטײַטיק צײַטוואָרט צו בילדן דערמיט די פארגאנגענהײַט (איך האָב געזעען, דו ביסט געגאנגען, ס'איז ניט געהערט געוואָרן, א. ד. גל.) און די צוקונפט (ער וועט גיין, א. ד. גל.). די פונקציע פון די צײַטווערטער אין די צונויפזעצונגען („דורכפירן די פרײַזן־אראָפּזעצונג" א. אז. וו.) איז איצט א ריין־פאָרמעלע, א גראמאטישע.

אין דער גרופּע A (ז. 102) איז דאָס קלאָר, ווײַל די זאכווערטער רעכטס האָבן דאָ דעמזעלבן באטײַטיקן טייל (דעם וואָרצל), וואָס די צײַטווערטער לינקס (אויס־פאָרשונג—אויספאָרשן א. אז וו.). אנדערש זעט דאָס אויס אויבנוף אין דער גרופּע B. כוץ „אָנטייל—באטייליקן", וואָס האָבן נאָך בעשוטפעס דעם „טייל", האָבן דאָ די זאכווערטער רעכטס ניט דיזעלבע באטײַטיקע טיילן, וואָס די צײַטווערטער לינקס („העסקעם"—„שטימט" א. אז. וו.), ווײַל פון דעמזעלבן וואָרצל האָבן מיר קיין צײַטווערטער ניט (מע זאָגט ניט „העסקעמן" „מעגלעכן" א. אז. וו.). דעריבער ווארפט זיך דאָ ניט אזוי שארף אין אויג, אז דאָס צײַטוואָרט איז דאָ איבעריק, „פוסט". בעעצעם איז דאָס אָבער דאָך אזוי. אז מיר לייענען, אשטייגער, פראזע 16, מיינען מיר ניט, אז ס'איז פאראן אזא זאך, וואָס הייסט „מעגלעכקייט", און דידאָ־זיקע זאך קען עמעצער יאָ „געבן" אָדער ניט „געבן". ביפראט קענען מיר אזוינס ניט מיינען, וואָס דער געבער איז דאָ אזא „רעאלער" סוביעקט, ווי „דאָס, וואָס די קעמערלעך שטודירן שוואך דאָס פרײַוויליקע און מעכאנישע ארויסגיין פון דער פּארטיי". אין דער גרופּע „גיט ניט די מעגלעכקייט" האָבן פאר אונדזער באוווסט א באטײַטיקן ווערט—בלויז די ווערטער „ניט" און „מעגלעכקייט". מיר קריגן די פּאָר־שטעלונג, אז עפּעס „איז ניט מעגלעך" איבער א געוויסער סיבע. „געבן" אין א באטײַטיקער פאָרמע האָט דאָ ניט וואָס צו טון. דאָס צײַטוואָרט דארף בלויז ארויס־העלפן דעם זאכוואָרט „מעגלעכקייט", וואָס אליין פאר זיך קען דאָס קיין פּרעדיקאט ניט זײַן, קען זיך דאָס אין זאץ ניט האלטן. פאקטיש איז „געבן" דאָ א הילפּ־וואָרט, כאָטש אויסערלעך זעט דאָס ניט אויס אזוי איבעריק, ווי דאָס וואָרט „געגאנגען" אין דער סטיליסטישער קאָמבינאציע „איז געגאנגען א דיסקוסיע" (זאץ 9).

קורץ,—די צונויפזעצונג פון זאכווערטער מיט צײַטווערטער דריקט שטענדיק אראָפּ דעם באטײַטיקן מעהוס פון צײַטווערטער, מאכט פון זיי הילפּווערטער,

פאָרמעלע גראמאטישע סימאָנים, הוילע, „פוסטע" ווערטער; דערביַי האָבן דידאַקטיק צײַטווערטער די פונקציע פון פרעדיקאט אין זאַץ.

אין אן אנדער אָרט האָב איך שוין דערמאָנט, אז דאָס זאכוואָרט, ווען עס פארבײַט א צײַטוואָרט, מאכט שוין פסיכאָלאָגיש דעם זאַץ פאסיוו[8]. פארגלײַכן מיר די זאצן 6a און 6, איז זעען מיר אזוי: דער לאָגישער סוביעקט „דאָס ייִדישע פויערטום" (אין 6a—דער גראמאטישער סוביעקט אויך) איז אין 6 געוואָרן א ן אָ ב־ י ע ק ט, א זאך, וואָס איז אונדז שוין באקאנט פון דער פולער פאסיווער קאָנסטרוקציע. דער כילעק איז, וואָס די פּאָזיציע פונעם אָביעקט אין זאַץ איז דאָ אנדערש (ווייניקער זעלבשטענדיק) ווי אין דער פאסיווער קאָנסטרוקציע, און וואָס דעם סוביעקטס אָרט האָט דאָ פארנומען דער פרעדיקאט, ניט דער אָביעקט. קיין אָפענע פאסיווע קאָנסטרוקציע האָבן מיר דאָ ניט, ווײַל מיט אזוינע שטייענדיקע צײַטווערטער ווי „וואקסן" און „פאַרקומען" לאָזט זיך קיין פאסיוו ניט מאכן. אָבער ווי נאָר ס'עפנט זיך א שפּעלטל פאר א פאסיוו, אזוי שפּרינגט ער ארויס. מיר זעען דאָס אין די זאצן 7, 8: „עס וועט ניט דורכגעפירט ווערן", „איז דורכגעפירט געוואָרן", ד. ה. דאָ האָבן מיר א קאָמבינאציע פון 2 שאבלאָנען: 1) פאסיוו און 2) זאכוואָרט אָנשטאָט צײַטוואָרט. פארשטייט זיך, דאָ איז דער פאסיוו ניט קיין מוז; די שרײַבער וואָלטן געקענט זאָגן: „מע וועט דורכפירן", „האָט מען דורכגעפירט", אָבער ס'איז שוין נאטירלעך, וואָס איינס שאבלאָן ציט נאָך זיך דעם צווייטן: ביידע שאבלאָנען זײַנען פסיכאָלאָגיש געבונדן. אָבער אין אנדערע פאלן פון א זאכוואָרט אָנשטאָט א צײַטוואָרט מוז שוין דער זאַץ זײַן פאסיוו. דאָס איז די פארשטעלטע (סובסטאנטיווישע) פאסיווע קאָנסטרוקציע, ווי איך רוף זי. מוסטערן פון אזא קאָנסטרוקציע האָב איך שוין געוויזן מיט די זאצן 59—64 אין דעם קאַפּיטל וועגן פאסיוו (זע פריִער ז. 68—74). נעמען מיר, אשטייגער, פון דאָרט זאַץ 59:

...עס קימערט אים ווייניק די אויסשלאכטונג פון א האלב־ווילדן שייוועט דורך א ציווי־ליזירטער רעגירונג.

איך האָב שוין דאָרט געוויזן, אז אין א צעוויקלטער פאָרם הייסט דאָס (59א):

עס קימערט אים ווייניק, וואָס א האלבווילדער שייוועט ווערט אויסגע־שלאכט ווערן (איז אויסגעשלאכט געוואָרן, ווערט אויסגעשלאכט) דורך ציוויליזירטער רעגירונג.

ד. ה. אן אָפענע פולע פאסיווע קאָנסטרוקציע. ס'איז קלאָר, אז דער גוירעם פון דער פאסיווקייט אין 59 איז דאָס זאכוואָרט („אויסשלאכטונג") אָנשטאָט דעם צײַט־וואָרט („אויסשלאכטן"). אנדערש, ד. ה. אקטיוו בויען אזא זאַץ קען מען ניט, אויב מע וויל דאפקע דערהאלטן דאָס זאכוואָרט. דאָסזעלבע איז דאָרט מיט די פראַזעס 60—64. קורץ,— אין א געוויסן טיפּ זאצן מיט א זאכוואָרט אָנ־שטאָט א צײַטוואָרט ציט דאָס זאכוואָרט נאָך זיך אווטאָמאטיש די פולע פאסיווקייט פון דער קאָנסטרוקציע. מע קען אפילו פאָר־מולירן, וואָס איז דאָס פאר א טיפּ זאצן:—דאָס איז דער טיפּ, וווּ דאָס זאכוואָרט שטייט אליין, אָן א הילפוואָרט („די אויסשלאכטונג"), דאָס צײַטוואָרט (פון דעם זאכוואָרט) איז שטארק אקטיוו (ציט נאָך זיך אן אקוזאטיוו), און ס'איז פאראן דער

8) זע פריִער, ז. 70.

לאָגישער סוביעקט פון דער האנדלונג (אינ דעמ זאצ איז דאָס פאָרמעל אנ אָביעקט: „דורכ א ציוויליזירטער רעגירונג״).

ווענ מע זאָל, אשטייגער, אינ אונדזער זאצ 4 אָנווײַזנ קאָנקרעט א טוער, אשטייגער, דער צ. ק. פונ דער פארטיי, וואָלטנ מיר געהאט אזא זאצ:

4א) די פארורטיילונג פונ דער אָפּאָזיציע דורכ דעמ צ. ק. רופט קימאט ניט ארויס קיינ דעבאטנ.

ד. ה. א זאצ, וואָס אינ א צעוויקלטער פאָרמע ווײַזט ער א פולע פאסיווע קאָנסטרוקציע, בעערעכ אזוי ווי אינ זאצ 63 אינעמ קאפיטל וועגנ פאסיוו, דאָ פריִער:

דאָס פארעטערישע אונטערגעבנ דורכ די פּאָליאקנ טולטשינ... ענדערט ניט אינ גרונט דעמ אלגעמיינעמ כאראקטער פונ דער גרופירונג.

(פונ פולער געניקייט וועגנ וואָלט מענ באדארפט זאָגנ אינ 4א: „דאָס פארורטיילנ די אָפּאָזיציע״ א. אז. וו.).

דאָסזעלבע וואָלט געווענ מיט אונדזער איצטיקער פראזע 5, ווענ מע זאָל דאָרט זאָגנ. ווער קאָנקרעט האָט אויסגעפּאָרשט די קעמערלעכ; מיט № 22, ווענ מע זאָל זאָגנ, ווער סע דארפ דורכפירנ דעמ פּראָעקט, א. ד. גל.

אָבער דער פארגלײַכ פונ 4א אונ 4 ווײַזט, אז דער קערנ פונ דער פאסיווקייט, די מעגלעכקייט פונ פאסיווקייט מוז שוינ שטעקנ אינ זאצ 4, אינ דעמ זאכוואָרט אָנשטאָט א צײַטוואָרט: די צוגאָב־גרופּע „דורכ דעמ צ. ק״. מאכט די פאסיווקייט בלויז פאָרמעל בוילעטער אונ לויט דעמ אינהאלט—פולער.

---

דאָס זאכוואָרט אָנשטאָט א צײַטוואָרט—מוז ציִען נאָך זיך די באקאנטע פּלאָג, די אומגעזונטע „פונענ״.

לאָמיר פארגלײַכנ אינ אונדזערע זאצנ:

| | |
|---|---|
| די אומבארירלעכקייט פונעמ אינהאלט פונ די פּאקעטנ. | טאָר קיינער ניט אָנרירן די פּאקעטנ. |
| די פארורטיילונג פונ דער אָפּאָזיציע. | מע פארורטיילט די אָפּאָזיציע. |
| די אויספאָרשונגענ פונ די קעמערלעכ. | מע האָט אויסגעפּאָרשט די קעמערלעכ. |
| דער ווּוקס פונעמ פויערטומ. | דאָס פויערטומ וואקסט. |
| אנ אויספאָרשונג פונ באשולדיקונגענ. | מע וועט אויספאָרשנ די באשולדיקונגענ. |
| די פײַערונג פונעמ קאָאָפּעראציע־טאָג. | דעמ קאָאָפּעראציע־טאָג האָט מענ געפײַערט. |
| א בײַשפּיל... פונ עמעסער באציִונג פונעמ פויערטומ. | א בײַשפּיל ווי אזוי דאָס פויערטומ באציט זיכ בעעמעס. |
| די דורכפירונג פונ אימ. | דורכפירנ אימ. |
| יעדע פאָרמע פונ אָפּהענגיקייט פונעמ אונטערגעוואָרפענעמ פאָלק פונעמ הערשנדיקנ. | יעדע פאָרמע, ווי אזוי דאָס אונטערגעוואָרפענע פאָלק הענגט אָפּ פונעמ הערשנדיקנ. |

אינ דער רעדאקציע רעכטס האָבנ מיר אומעטומ דעמ „פונ״; אינ דער רעדאקציע לינקס האָבנ מיר אימ ניט, אונ מיר דארפנ אימ ניט. ס׳איז פאראנ אפילע צווייגאָרנדיקע אונ דרײַגאָרנדיקע „פונ״ענ. דער פאראלעלער טעקסט לינקס ווײַזט אויכ

קלאָר, אז אינ דער רעדאקציע רעכטס מוז זײַנ דער „פונ", מע קענ אים ניט אויס־מײַדנ. איכ האָב שוינ פריִער געוויזנ, אז דאָס, וואָס אינ דער רעדאקציע לינקס איז דאָס א פרעדיקאט, איז רעכטס (אינ אנ אנדער פאָרמע) א סוביעקט, אָדער אנ אָביעקט. דער פרעדיקאט, ווענ דאָס איז אנ אקטיוו צײַטוואָרט, ציט נאָכ זיכ אנ אָביעקט אינ אקוזאטיוו („אָנרירנ די „פאקטנ" א. אז. וו.). אויב פונ דעם פרעדיקאט ווערט א סוביעקט, אָדער אנ אָביעקט, איז קענ מענ די סינטאקסישע באַציִונג, אשטייגער, צווישנ „אָנרירנ" („אומבארירלעכקייט") אונ „די פאקטנ", צווישנ „אויס־פאָרשנ" (אויספאָרשונג) אונ „די קעמערלעכ" א. אז. וו. איבערגעבנ ניט אנדערש ווי אינ דער פאָרמע פונ א געניטיוו, ד. ה. מיט דעם „פונ". דאָרט, ווו דאָס זאכ־וואָרט איז א סוביעקט, קענ מענ אינ א פאַשטנ, ניט קאָמפליצירטנ זאצ אויסקומענ מיט איינמאָל „פונ". ווערט דאָס זאכוואָרט אנ אָביעקט, איז קענ שוינ זײַנ 2 מאָל „פונ" (זאצ 18) אונ אפילע 3 מאָל „פונ" (№ 23), אונ ס'קענ זיכ מאכנ מער אויכ.

וועג אַשטייגער, מיר זאָלנ „געטרײַ" איבערזעצנ אזא רוסישנ צײַטונג־זאצ:

Совещания указали также на необходимость улучшения некоторых организационных форм ведения лесного хозяйства.

איז וואָלט דאָס אויסגעזעענ אזוי:

35) די בּאראטונגענ האָבנ אָנגעוויזנ אויכ אפ דער נייטיקײַט פונ דער פארבעסערונג פונ אייניקע אָרגאניזיר־פאָרמעס פונ דער פיִרונג פונ דער וואלד־ווירטשאפט.

ווענ מיר זאָלנ נאָכ אהער, אשטייגער, צוגעבנ:

(хозяйства) нашего союза

וואָלט צוגעקומענ נאָכ א „פונ".

ווי אזוי דער „פונ" איז אונדז אָפטמאָל שווער, אָדער גאָר שלעכט, ביפראט דער צוויי־דרײַ־גאָרנדיקער „פונ",—וועגנ דעם האָב איכ שוינ גערעדט[9]. דאָ האָב איכ שוינ פריִער געוויזנ, אז די קאָמבינאציע פונ א זאכוואָרט מיט „פונ" לאָזט אָפט־מאָל אומקלאָר, וואָס איז דער סוביעקט אונ וואָס איז דער אָביעקט אינ זאצ (בא № 4, 5). אָבער אפילע אָנ אזא אומקלאָרקייט איז זיכ שווער צוגעווינענ, אשטיי־גער, צו אזא קאָמבינאציע, ווי אינ זאצ 22:

... די דורכפירונג פונ אים (פונעם פראָעקט) וואָלט געווענ ניט געוונטשנ

(דאָס דארפ איבערגעבנ דאָס רוסישע проведение его). דאָס איז אנ עקס־צעס אפילע בא אונדזער „פונ"־כאזאָקע. דאָס גרילצט אפילע דעם פארנומענעם צײַ־טונג־מענטשנ; א רײַע האָבנ מיר, ווו מע פרווּוט זיכ בּעריענ אנדערש, אשטייגער, אזוי:

36) דיראָזיקע פארקלענערונג (פונ די אדמיניסטראטיווע הויצאָעס—נ. ש.)... איז אויסערגעוויינלעכ וויכטיק, ווײַל איר דורכפירונג וועט געבנ אנ עקאָנאָמיע פונ 3 ביז 4 הונדערט מיליאָנ רובל (צ.).

פארשטייט זיכ, דאָס איז נאָכ אויכ א היפש ביסל אומבאהאָלפנ. דער שרײַבער קענ זיך ניט אָפּגעווינענ פונ דעם זאכוואָרט אפילע ווענ דאָס איז לאכלוטנ איבעריק, ווענ מע פארשפאָרט אפילע א צײַטוואָרט אָנשטאָט דעם, מע קענ פאַשעט זאָגנ:

36a)... ווײַל דאָס (ד. ה. די פארקלענערונג.— נ. ש.) וועט געבנ אנ עקאָנאָמיע א. אז. וו.

9) זע דאָס קאפיטל „פונ" פריִער.

אָבער דאָס קלינגט שוין ניט אזוי וויסט ווי: „די דורכפירונג פ ו נ אים".

קעגן דידאָזיקע „פונ"ען אין אונדזערע זאצן איז דאָ אן אייצע. איך האָב שוין אין קאפיטל „פונ" געוויזן, אז אין אזוינע פאלן קען מען ניצן א זאכוואָרט אין אן אנדער פאָרמע, אין א פאָרמע פון א ס ו ב ס ט א נ ט י ו ו י ר ט נ א י נ פ י נ י ט י ו ו, און אז אין אונדזערע צײַטונגען ניצט מען דאָס אויך[10]). דער סובסטאנטיווירטער אינפיניטיוו האָט אין ייִדיש די גליקלעכע אייגנשאפט, וואָס ער פארלירט ניט די פריוויִלעגיע פון דעם אינפיניטיוו צו פירן נאָך זיך אן אָביעקט אין א ק ו ז א ט י ו ו; מיט אים, הייסט דאָס, קען מען אויסמײַדן דעם געניטיוו — „פונ"[11]), ער איז אויך נעענטער צום צײַטוואָרט; מעמיילע פארמאָגט ער מער אויסדרוקפעיִקייט, ווי דאָס געוויינטלעכע זאכוואָרט. איז ראטעוועט מען זיך אין אונדזער צײַטונג־שפּראך מיט דעם סובסטאנטיווירטן אינפיניטיוו. מיר זעען דאָס, אשטייגער, אין אונדזער זאץ 24:

דאָס ארומשטעלן די אונטערזוכונג... מיט די עלעמענטארסטע געזעצלעכע גאראנטיִעס א. אז. וו.

אזוי זעצט מען איבער דאָס רוסישע обставление обыска, און, פארשטייט זיך, דאָס איז א פראָגרעס אנקעגן:

24b) די ארומשטעלונג פון דער אונטערזוכונג א. אז. וו.

ווי מע וואָלט געקענט שרײַבן; אָבער דאָס איז אויך אומבאהאָלפן: דער איבערזעצער האָט ניט באמערקט, אז ער וואָלט געקענט זאָגן פּאָשעט: „ארומשטעלן די אונטערזוכונג" (אָן „דאָס"), וואָלטן מיר געהאט א אינפיניטיוו, פונקט ווי דאָס טוט דער איבערזעצער אין 24a: („דורכפירן די אונטערזוכונג").

אָפטמאָל מוז מען אָנקומען צום סובסטאנטיווירטן אינפיניטיוו אָדער צום אינפיניטיוו, ווײַל מיר האָבן ניט קיין זאכוואָרט פון דעמזעלבן וואָרצל, וואָס דאָס צײַטוואָרט, און ס'איז דאָס שווער צו מאכן, אשטייגער:

37) האָט הארי פּאָליט ארײַנגעטראָגן א פאָרשלאג אָפּצוּווארפן דעמדאָזיקן פאראגראף (צ.).

אין רוסישן שטייט דאָ א זאכוואָרט:

внес предложение об отклонении... אין ייִדישן וואָלט „אָפּווארפונג" אָדער „אָפּווארף" געקלונגען שלעכט.

38) דאָס לייזן די פראגע איז אָפּגעלייגט געוואָרן ביז בריִאן וועט קומען צו פאָרן (צ.).

אין רוסישן: до приезда Бриана; פון „קומען צו פאָרן" לאָזט זיך קיין זאכוואָרט ניט מאכן; מע וואָלט דאָ געקענט זאָגן „ביז בריִאנס קומען, צוריק־קומען".

דערהויפּט קלינגען אין ייִדיש שווער די זאכווערטער מיט א פארניינענדיקן פרעפיקס (די רוסישע непонимание, невмешательство א. אז. וו.)

39) דאָס ניט־פארשטיין די גרונטפראגן... (צ.).

40) די ניט־באפרידיקטקייט פון די פּראָגראמעס (צ.).

(דאָס לעצטע געשטריכלטע וואָרט דארף איבערגעבן דאָס רוסישע неудовлетворительность און גיכער הייסט דאָס: неудовлетворенность).

---

10) דאָרט, ז. 16, 17.

11) דידאָזיקע מערקווערדיקע אייגנטימלעכקייט פון דעם סובסטאנטיווירטן אינפיניטיוו דארף מען נאָכפאָרשן. מעגלעך, אז ווען מיר זאָגן, אשטייגער: „דאָס אָרגאניזירן די פּראָדוקציע", געהער „דאָס" צו דער גאנצער גרופּע „אָרגאניזירן די פּראָדוקציע", ניט ספּעציִעל צו „אָרגאניזירן". דעמלט איז שוין קלאָרער, פארוואָס „אָרגאניזירן" קען דאָ ציִען נאָך זיך אן אקוזאטיוו.

41) אויסער דעם ווייסט די פראבצויזישע רעגירונג וועגן אונדזער גרייטקייט אונטערצושרײַבן... א פאקט וועגן קעגנזײַטיקן ניט אריינמישן זיך אין די אינערלעכע איניאַנים (צ.).

אין רוסיש: „ניט אריינמישונג" .о взаимном невмешательстве וואָלט גע־קלונגען נאָך ערגער, און „זיך" וואָלט שוין דאָ גאָר געגאנגען פארלאָרן.

אין אנדערע פאלן מוז מען אָנקומען צום אינפיניטיוו איבער אנדערע מאָטיוון (סינטאקסישע א. ד. גל.), אשטייגער:

42) דער גענראט האָט זיך אינגאנצן געשטעלט צו פארטיידיקן די אינטערעסן פון דער בורזשואזיע (צ.).

אין רוסיש הייסט דאָס: стал на защиту интересов. אף יִדיש וואָלט „גע־שטעלט זיך אף דער פארטיידיקונג" געקלונגען שלעכט, אפילע שווער־פארשטענדלעך.

מע דארף אָבער זאָגן: די טענדענץ צו ניצן אין אונדזער פרעסע דעם סובסטאנ־טיווירטן אינפיניטיוו אָדער דעם אינפיניטיוו איז אסאך ברייטער, איידער אין די נויט־פאלן; דידאָזיקע פאָרמע ווערט פאָפולער ביכלאל. לאָמיך דאָ ברענגען עטלעכע בײַשפילן:

43) ער האָט דערקלערט, אז עס איז בעסער אופהויבן דידאָזיקע פראגע באם באהאנדלען דעם אנטשפרעכנדיקן טייל באריכט (צ.).

אין רוסישן טעקסט שטייט דאָ א זאכוואָרט: при обсуждении.

44) פאָליט האָט געפאָדערט אויסצושליסן דעם פאריין (צ.).

אין רוסישן: требовал исключения

45) די רעזאָליוציע פאָדערט צו אָנערקענען דעם פרינציפ, אז... (צ.).

אין רוסישן требует признания принципа א. אז. וו. אזוינע און ענלעכע פאלן זײַנען נאָך אינטערעסאנט דערמיט, וואָס דאָ זײַנען די איבערזעצער געשטאנען פאר א ניסאָיען: אין רוסישן טעקסט שטייען דאָ דורכאנאנד זאכווערטער.

מע באווײַזט אמאָל א קונץ צו פאָרן דעם סובסטאנטיווירטן אינפיניטיוו מיטן „פון", אשטייגער:

46) דאָס עפענען פונעם צוזאמענפאָר... איז באשטימט אפן 26 סענטיאבער (צ.).

אָבער אזוינע קאָמבינאציִעס זײַנען, ניקער, צופעליקע: יעדנפאל איז דאָס ניט דער קלאל. דער קלאל איז דאָ אָן דעם „פון".

איז פאראן אזא טענדענץ, וואָס העלפט אונדז ארויס פון דעם יאם „פון"ען; קיין נאָרמע איז דאָס נאָך אָבער ניט, און זאכווערטער (מיט דעם „פון") אָנשטאָט צײַטווערטער (אָדער אינפיניטיוון), — דערהויפט אין איבערזעצונגען, אָדער בא פוב־ליציסטן, וואָס דענקען אף רוסיש, — טרעפט מען אף טריט און שריט. דערבײַ טרעפט מען דעם געמיש פון בעסערע און ערגערע פאָרמעס, וואָס איז אונדז שוין באקאנט פונעם פאסיוו [12]). דערזעלבער אוטער שרײַבט איינס נאָכן אנדערן אין איין נאָטיץ:

47) דאָס אָרגאניזירן נאצגעריכטן האָט זיך אָנגעהויבן אין י. 1924 (צ.).

48) די אָרגאניזירונג פון נאציִאָנאלע געריכטן האָט זיך פולקום בארעכטיקט (צ.).

אן אנדערער שרײַבט:

49) די ראציִאָנאליזאציע... ברענגט צום ארויסשטויסן אלץ נײַע און נײַע גרופעס (צ.).

---

[12]) זע דאָס קאפיטל „די פאסיווע זאצקאָנסטרוקציע", ז. 63—64.

50) די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזאַציע פירט צו א פאַרלענגערונג פונעמ אַרבעט-טאָג און צו אַראָפּזעצונג פונעמ אַרבעטלוינ (צ.).

דאָס זאַכוואָרט אָנשטאָט א צייַטוואָרט ברענגט אונדז א שווערע קאָמבינאַציע נאָכ מיט אַנ אַנדער בויגפאַל, מיט דעמ דאַטיוו.

מיט דעמ דאַטיוו גייט דאָס צו באַ אונדז אָפּטמאָל ניט גלאַט אפילע באַ צייַטווערטער, כאָטש געוויסע צייַטווערטער קענענ ציִענ נאָכ זיך א דאַטיוו. דאָ זייַנענ פאַראַנ געוויסע גראַדאַציִעס. מיר האָבנ זיך צוגעוווינט צו אַזאַ דאַטיוו:

51) ... ער איז מעכויעוו צו האַלטנ אינ קאַסע זייַנ פרייַע קאָפּיקע און אַזוי אַרומ מיטהעלפנ דער אַנטוויקלונג פונ אונדזער ראַטנפאַרבאַנד (צ.).

אַזאַ קאָמבינאַציע ווי „מיטהעלפנ דער אַנטוויקלונג" וועט מיסטאָמע אויסזעענ דעמ מאַסנמענטשנ שווערלעכ, ווייַל „העלפנ", אָנ א פּרעפּאָזיציע, בינדט זיך באַ אימ שלעכט מיט אַבסטראַקציִעס, מיט ניט קיינ באַלעבטע זאַכנ ביכלאַל (ער איז געוווינט צו זאָגנ: העלפנ עמעצנ, א מענטשנ, דיר, א. אז. וו.). עפּשער וואָלט דאָ בעסער (פּאָשעטער) געווענ צו זאָגנ מיט „צו": „מיטהעלפנ צו דער אַנטוויקלונג". מיר האָבנ דאָס גענומענ, פאַרשטייט זיך, פונ רוסישנ: помочь развитию. אָבער, ווי געזאָגט, האָבנ מיר זיך דערצו צוגעוווינט, און מיר האָבנ דאָ אַנ אָנהאַלט: „העלפנ" ציט ביכלאַל נאָכ זיך א דאַטיוו; די פאָרמע „דער" איז גראַמאַטיש קאָרעקט. שווערער איז שוינ אַזאַ פאַל:

52) איז שווער איצט אונטערצופירנ א סאַכאַקל דער בילדונגס-אַרבעט, די ביודזשעט-הויצאָעס און דעסגלייַכנ (צ.).

„אונטערצופירנ א סאַכאַקל דער בילדונגסאַרבעט", — דאָס איז א רוסיזמ (подвести итог работе). אפּ ייִדיש וואָלט שוינ אַסאַך בעסער געווענ: ...א סאַכאַקל פונ (דער בילדונגסאַרבעט), אָבער די פאָרמע „דער" טייַט אונדז אָנ אפּ א דאַטיוו און גיט דעריבער א געוויסנ רעמעז, וואָס איז די אינעווייניקסטע באַציִונג צווישנ ווערטער. „אונטערצופירנ א סאַכאַקל די ביודזשעט-הויצאָעס",— דאָס איז שוינ אַסאַך ערגער, וואָרעמ אינ דער פאָרמע „די" זעט מענ קיינ דאַטיוו אויכ ניט אַרויס; ס'איז רעכט, אַז ס'איז א נאָמינאַטיוו, אַנ אַקוזאַטיוו. ס'וואָלט געווענ לאַכלוטנ אומעגלעכ, ווענ ניט די פאָרמע „דער", וואָס קומט פריִער פאַר „די": אויב מע וועט פאַרשטיינ דעמ ערשטנ טייל זאַץ (מיט „דער"), וועט מענ שוינ זיך אָנשטויסנ, וואָס מיט דעמ צווייטנ טייל איז געמיינט (מיט „די").

נאָכ שווערער איז אַזאַ פאַל, ווי:

53) אַנ אָוונט, געווידמעט די רעזולטאַטנ פונ קאָנקורס (צ.).

סטיליסטיש איז דאָס א רוסיזמ; די פאָרמע „די" ווייַזט גראַמאַטיש גאָרניט, וואָס איז די באַציִונג צווישנ „געווידמעט" און „רעזולטאַטנ". דער גאַנצער זאַץ לעבט,— באַ „ווילקענער", פאַרשטייט זיך,— מיט דעמ זכוס פונ вечер, посвященный результатам... דערדאָזיקער טיפּ דאַטיוו מאַכט אָפּטמאָל אומקלאָר דעמ זאַץ, אפילע פאַר דעמ געניטנ לייענער, אַשטייגער:

54) ער שאַצט איינגאַנצנ ניט דעמ בונד מיט עסטלאַנד און איז... גרייט אימ ברענגענ פאַר א קאָרבנ די מאָסקווער אינטערעסנ (צ.).

וואָס, וועמענ איז מענ דאָ גרייט צו ברענגענ פאַר א קאָרבנ? די פאָרמעס „אימ" (קלאָר א דאַטיוו) און „די" (ניט קלאָר: — א דאַטיוו אָדער אַנ אַקוזאַטיוו) קענענ דאָ אינ

פלוג ארופּבּרענגענ אפּנ געדאנק, אז דער קאָרבּנ דארפ דאָ זײַנ „די מאָסקווער אינ־טערעסנ", אונ טונ טוט מענ דאָס צוליב „אימ" (צוליב „דעמ בונד מיט עסטלאנד"). די לאָגיק פונ דעמ זאצ, ווענ מע טראכט זיכ ארײַנ אינ אימ („ער שאצט ניט דעמ בונד מיט עסטלאנד"), דערלאָזט אָבער ניט אזא אויסטײַטש: אז מע שאצט ניט דעמ בונד, איז צו וואָס זאָל מענ אימ נאָכ מאקריוו זײַנ קאָרבּאָנעס? איז עפּ־שער מיינט דאָס דער שרײַבער פארקערט: פאר א קאָרבּנ דארפ מענ דאָ ברענגענ „אימ" („דעמ בונד מיט עסטלאנד"), אונ מע טוט דאָס צוליב „מאָסקווער אינטע־רעסנ"? אזוי איז דאָס טאקע, וואָרעמ אזוי שטייט דאָס קלאָר אינ רוסישנ זאצ:

и... готов пожертвовать им в интересах Москвы.

55) ס'איז איבעריק צו דערווײַזנ, ווי ווייניק אזעלכע איבערזעצונגענ קענענ געבּנ די קינדער פאר דער פארמערונג פונ זייער לעקסיקאָנ (זש.).

ווער וואָס גיט? מע קענ מיינענ, אז די קינדער גיבּנ (מאכנ) איבּערזעצונגענ. „די קינדער" איז דאָ דער סוביעקט (דער געבער); „איבערזעצונגענ" איז דאָ דער אָביעקט (אנ אקוזאטיוו); קיינ נעמער איז דאָ ביכלאל ניטאָ. דער אווטער אָבער מיינט פאַרקערט אונ אנדערש: דער געבער (סוביעקט) איז דאָ „די איבערזעצונגענ", אונ ס'איז פאראנ א נעמער אויכ, — דאָס איז „די קינדער" (א דאטיוו); וואָס מע גיט די קינדער איז דאָ ניט געזאָגט. ס'איז אָבער גאָר ניט קיינ מוז צו פארשטיינ אזויווי דער אווטער וויל דאָס[13]).

דער גאנצער אויסדרוק: — געבּנ עמעצנ פאר עפּעס, — אָנשטאָט געבּנ עמעצנ עפּעס, — דאָס איז א רוסיזמ:

как мало такие переводы дают детям для увеличения (развития) их лексикона.

גלײַכער וואָלט שוינ געווענ צו זאָגנ:

55a) ...ווי ווייניק פארמערונג פונ דעמ לעקסיקאָנ אזעלכע איבערזעצונגענ קענענ געבּנ די קינדער.

דאָס זאכוואָרט (פארמערונג) מאכט דאָ ווי אלעמאָל שווערער דעמ זאצ; דער דאטיוו איז נאָכ אלצ ניט קלאָר. קלאָרער קענ מענ דאָסזעלבּע זאָגנ מיט א צײַט־וואָרט:

---

13) דער אווטער (אויב ער האָט זיכ ארײַנגעטראכט אינ זאצ) קענ דאָ אונדז אָפּענטפערנ מיט דער וואָרטשטעלונג: „די איבערזעצינגענ" שטייט דאָ פריִער פאר „די קינדער", מעמיילע איז דאָס ערשטע דער סוביעקט, דאָס צווייטע — דער אָביעקט, לויט דער נאָרמאלער יִידישער וואָרטשטעלונג. א ניט וואָלט באַ־דארפט שטיינ: „ווי ווייניק די קינדער קענענ געבּנ אזעלכע איבערזעצונגענ", אָדער כאָטש: „ווי ווייניק אזעלכע איבערזעצונגענ קענענ די קינדער געבּנ". איז, ערשטנס: די איצטיקע וואָרטשטעלונג (זאצ 55) איז אויכ ניט אָפּגעפרעגט בּא דעמ אויסטײַטש, אז דער געבּער איז „די קינדער", בּיפראט, אז אפּנ ערשטנ קוק זעט אונדז אויס נאטירלעכער, אז דער געבּער איז א בּאלעבּטע זאכ (קינדער), ניט קיינ אומבּאלעבּטע (אי־בּערזעצונגענ). צווייטנס: די נאָרמאלע וואָרטשטעלונג וואָלט געווענ איבּערצײַגנדיק, ווענ „די קינדער" זאָל דאָ געמיינט זײַנ אנ אָביעקט אינ אקוזאטיוו, אפּ דעמ שטייגער: „די איבּערזעצונג גיבּנ יעדיִעס, קענטעניִשנ". וויבּאלד אָבער „די קינדער" איז דאָ געמיינט א דאטיוו, אונ קיינ זאכוואָרט אינ אקוזאטיוו איז דערבּײַ ניט פאראנ (סע שטייט ניט: די איבּערזעצונגענ קענענ געבּנ די קינדער יעדיִעס), איז שוינ די נאָרמאלע וואָרטשטעלונג אינ דעמ פאל ניט גענוג איבּערצײַגנדיק: די פאָרמע „די" איז ניט גענוג קלאָר פאר א דאטיוו, אונ דער זאצ איז צו אבּסטראקט, אז מע זאָל מיטאמאָל כאפּנ דעמ אווטערס מיינ.

55b) ...ווי ווייניק אזעלכע איבערזעצונגען קענען פארמערן דעם לעקסיקאָן בא די קינדער.

אזויווי דאָ שטעקט דער באַגריף: „געניסן", איז קען מען זאָגן דאָסזעלבע:

55c) ...ווי ווייניק די קינדער קענען געניסן פון אזוינע איבערזעצונגען פאר דער פארמערונג פון זייער לעקסיקאָן.

אזוי האלט דאָס מיט א דאטיוו נאָכ ציַיטווערטער, איז וואָס־זשע איז שוין צו רעדן פון אזוינע דאטיוון, ווי:

...פארנעמט זיכ מיט הילפ די פארוואָרלאָזטע (זאצ 19).

...אופהערן זיַין שטיצע די יידן-איבערוואנדערער (זאצ 20).

...אנדזשאפארידזעס ענטפערס די פארטיידיקער (זאצ 21).

„די פארוואָרלאָזטע" הענגט דאָ גאָר און גאָר אפ דעם זאכוואָרט „הילפ"; „די יידן"—אפ „שטיצע"; „די פארטיידיקער" — אפ „ענטפערס", אָבער ס'איז שלעכטע הענגערס: זיי קענען קיינ דאטיוו ניט אויסהאלטן. א זאכוואָרט ציט נאָכ זיכ ביכלאל קיינ דאטיוו ניט; ס'איז נאָכגעמאַכט: помощь беспризорным, помощь евреям, ответ защитникам. איז דאָס אינ רוסיש דער דאטיוו קלאָר; אָבער די פאָרמע „די" בא אונדז פארמאָגט גאָר ניט אזא קלאָרקייט. פארוואָס־זשע זאָל דאָס פארשטייג א פאָשעטער באָסער־וועדאָם, וואָס קען ניט אונטערשטעלן די רוסישע ווערטער אונטער די יידישע?

אז דערדאָזיקער טיפ דאטיוו זעט אויס ניט גלאט בא אונדזערע פובליציסטן אינ די אויגן, דאָס איז צומבעסטן צו זען פון די פאלן, ווען מע וויל אים אויסמיַידן, אשטייגער:

56) די מעדיצינישע הילפ פאר די פארסטראכירטע איז אינ פיל ערטער וויַיט ניט קיינ פויגלדיקע (צ.).

57) די פאָרשלאָגן איַינשליסן אינ די אופגאבן פון פארבאנד הילפ פאר דער באפעלקערונג.. איז אָפגעוואָרפן געוואָרן (צ.).

פונעם פאלשן דאטיוו ווערט מען מיטאמאָל פאָטער, ווען מע שריַיבט מיט ציַיטווערטער, ניט מיט קיינ זאכטווערטער, ווען מע זאָגט פאָשעט: „העלפן די פארוואָרלאָזטע", „שטיצן די יידן" ענטפערן די פארטיידיקער". דערביַי שטעלט זיכ ארויס, אז דער דאטיוו מיט „שטיצע" איז דאָפלט פאלש: 1) ווי יעדער אנדער זאכוואָרט קען „שטיצע" נאָכ זיכ קיינ דאטיוו ניט ציִען; דאָס ציַיטוואָרט "שטיצנ" ציט נאָכ זיכ אנ אקוזאטיוו, ניט קיינ דאטיוו[14].

---

[14] כ. זארעצקי („פראקטישע גראמאטיק", § 344) וויל עפּעס יאָ וויַיזנ „א דאטיוו בא א סובסטאנטיוו". ער וויַיזט דריַי גרופּעס: א) א סובסטאנטיוו פונ א ציַיטוואָרט: „אדאנק דיר", „הילפ דעמ ארבעטער"; ב) באמ פארשפּאָרטנ ווערב: „האנאָכעס דעמ פויער" (מאכנ האנאָכעס דעמ פויער); ג) „א גוט-יאָנטעוו דיר". פונ דידאָזיקע ביַישפּילנ איז זיכער בלויז „א גוט-יאָנטעוו דיר" („אדאנק דיר" איז ניט קלאָר, וואָס ער מיינט: благодаря тебе אָדער, спасибо тебе. אז „הילפ דעמ פויער" איז גלאט אונ גוט, — דאָס דארפ מענ ערשט באוויַיזנ. כ׳ זארעצקי וועט זיכ דאָכ זיכער ניט פארופנ פאָשעט אפ דעמ פאקט, וואָס אזוי שריַיבט מענ אינ די ציַיטונגענ, וואָרעמ אניט איז דאָכ רעכט די אלע „גריַיזנ אונ ספּייקעס", וואָס ער מיט זיכ אזוי צו פאריכטנ אונ אופצוקלערנ זיי אינ זיַינ ביכל:—דאָס איז דאָכ אויכ פאקטנ! אונ אז דאָס („הילפ דעמ פויער") איז גאָרניט אזוי פאָשעט, דאָס קענ מענ ארויסזענ, ווענ מע זאָל זאָגנ דאָסזעלבע אינ מערצאָל: „הילפ די פויערימ";— דאָס איז שוינ ניט אזוי גלאט, ווי „הילפ דעמ פויער"; מעמיילע איז שוינ אונטערגעריסנ די איינצאָל אויכ. דאָסזעלבע לאָזט זיכ זאָגנ וועגנ „האנאָכעס דעמ פויער" א. ד. גל.

צי דארף מען האָבן דאָט זאכוואָרט אָנשטאָט דעם צײַטוואָרט, צי האָט דאָס עפּעס א ספּעציִעלע פונקציע, ברענגט עפּעס א ספּעציִעלן נוצן? די וויכטיקסטע טײַנע איז דאָ דער קיצער: דאָס זאכוואָרט מאכט דעם זאַץ שפּאָרעוודיקער. איז דארף מען דאָ זאָגן דאָסזעלבע, וואָס וועגן פּאסיוו: מע האָט ניט געציילט, אָדער מע האָט ניט גענוג געציילט! דאָ דארף מען באטראכטן באזונדער פארשידענע גרופּעס:

1. דאָס זאכוואָרט קומט צונויפגעזעצט מיט א „פּוסט״ צײַטוואָרט (אונדזערע נומערן 6—17). דאָ איז די רעדאקציע מיטן צײַטוואָרט פּעסט קירצער. ס׳איז גענוג צו פארגלײַכן:

| | |
|---|---|
| דער וווקס פונעם ייִדישן פויערטום קומט פאָר. | דאָס ייִדישע פויערטום וואקסט. |
| עס וועט ניט דורכגעפירט ווערן אן אויספאָרשונג פון | מע וועט ניט אויספאָרשן |
| איז געגאנגען א דיסקוסיע | האָט מען דיסקוסירט |
| ברענגען צו אן ערנסטער פארבעסערונג. | ערנסט פארבעסערן |

א. אז. וו. ס׳מוז זײַן קירצער, ווײַל אומעטום האָבן מיר דאָ לינקס בלויז א צײַטוואָרט, בעייס רעכטס האָבן מיר א זאכוואָרט מיט א צוגאָב א „פּוסט״ צײַטוואָרט, אָפּטמאָל נאָך מיט א צוגאָב „פון״. דערמאָנען מיר זיך, וואָס פאר א „אוניווערסאלע״ ראָליע ס׳שפּילן די צונויפזעצונגען פון זאכווערטער מיט „פירן״, „דורכפירן״, „דורכגעפירט ווערן״, „גיין״, דורכגיין״, אזוי מוז קלאָר זײַן, אז אין די קאָנסטרוקציִעס פון זאצן מיט זאכווערטער אָנשטאָט צײַטווערטער פארנעמט אונדזער גרופּע 1 א גרויס אָרט. (ציילן האָב איך ניט געציילט: איך צווייפל אין דער צוועקמעסיקייט פון אזא מין „סטאטיסטיק״).

2. דאָס זאכוואָרט שטייט אליין פאר זיך. דאָ איז מעגלעך צוויי סובגרופּעס:

א) אָנשטאָט דעם זאכוואָרט שטעלט מען א אינפיניטיוו, אָדער א סובסטאנטיווירטן אינפיניטיוו:

| | |
|---|---|
| A. די פארורטיילונג פון דער אָפּאָזיציע (זאצ 4). | דאָס פארורטיילן די אָפּאָזיציע. |
| די אויספאָרשונגען פון די ארבעטער־קעמערלעך ( 5). | דאָס אויספאָרשן די ארבעטער־קעמערלעך. |
| די דורכפירונג פון אים (22). | דורכפירן אים. |
| דאָס שטערט דער פארפעסטיקונג און פארשפרייטונג פון דער פארטייִשער ווירקונג (26). | דאָס שטערט צו פארפעסטיקן און פארשפרייטן די פארטייִשע ווירקונג. |
| אופצוהערן זײַן שטיצע די (20). | אופצוהערן צו שטיצן די. |
| B. אנדזשאפארידזעס ענטפערס די פארטיידיקער (21). | אנדזשאפארידזעס ענטפערן די... |
| C. פארנעמט זיך מיט הילפס די (19). | פארנעמט זיך מיט העלפן די. |

פון די געשטריכלטע ווערטער איז צו זען, אז א טייל זאצן (A) מיטן אינפיניטיוו זײַנען דאָ קירצער פאר די זאצן מיט א זאכוואָרט (דאָס איז דער קלאל). א טייל (B) איז גלײַך אפ גלײַך, א טייל עטוואָס לענגער (C).

ב) אָנשטאָט דעם זאכוואָרט קומט א נײַער זאצ:

A. פיל ערנסטער איז די פראגע וועגן קאמפ קעגן... (זאצ 3).

די פארורטיילונג פון דער אָפּאָזיציע (4).

B. ...קלאָגט זיך אפ דער שווערקייט צו קעמפן (26).

איז די אובארירלעכקייט פונעם אינהאלט פון דידאָזיקע פאקעטן זעלבסטפארשטענדלעך קלאָר ווי דער טאָג (1).

פיל ערנסטער איז די פראגע, ווי אזוי צו קעמפן (צי דארפ מען קעמפן) קעגן...

דאָס, וואָס מע האָט פארורטיילט די אָפּאָזיציע...

קלאָגט זיך, אז ס'איז שווער צו קעמפן.

איז זעלבסטפארשטענדלעך קלאָר ווי דער טאָג, אז דעם אינהאלט פון דידאָזיקע פאקעטן טאָר מען ניט אָנרירן.

פון די געשטריכלטע ווערטער איז קלאָר, אז א טייל זאצן לינקס זײַנען לענגער (דאָס מוז זײַן דער קלאל), א טייל — קירצער.

דער לעצטער סאכאקל איז אזוי: די מיינונג, אז די קאָנסטרוקציע מיט דעם זאכוואָרט איז שטענדיק קירצער, ווי מיט דעם צײַטוואָרט, איז זיכער פאלש; דאָס איז פאַשעט אנ אײַנרעדעניש. אינ געוויסע גרופעס פאלן איז אזא קאָנסטרוקציע קירצער, אינ אנדערע גרופעס — לענגער. לויט דעם אנאליז פון די גרופעס, וואָס איך האָב דאָ נאָר־וואָס געבראכט, איז מענ מער בארעכטיקט צו זאָגנ, אז אינ דעם גרעסערנ טייל פאלנ איז די קאָנסטרוקציע מיט דעם זאכוואָרט לענגער, איידער פארקערט.

וואָס פאר א דעפעקטנ ווידער די קורצקייט ברענגט מיט זיך (שטענדיק די אָפּגעבלאסטקייט פון דעם טועכצ, פון דעם צושטאנד; אָפטמאָל אומקלאָרקייט, איבעריקע אונ אומקלאָרע „פונ״ענ, דעם פאלשנ דאטיוו), — דאָס האָבנ מיר שוינ געזעענ.

נאָר עפשער געהערט עפעס דידאָזיקע קאָנסטרוקציע ספּעציעל צו צײַטונגסטיל (מעגנ מיר נישט וויסנ דערוויַיל קלאָר, פארוואָס)? איז דאָס אויך ניט אזוי. פאראלעל מיט דערדאָזיקער קאָנסטרוקציע געפינענ מיר אינ דער סאָוועטישער פרעסע די קאָנסטרוקציע מיטנ צײַטוואָרט, אונ מיט א בײַזאצ אויך.

מיר זעענ דאָס צווישנ אונדזערע זאצנ; די רעדאקציע a1, a14, a24 איז אויך גענומענ פונ דער פרעסע. מיר זעענ אויך:

דאָס, וואָס די קעמערלעך שטודירנ שוואכ... (זאצ 16).

די פויערשע באפעלקערונג האָט באוויזנ א באלערנדנ בײַשפיל, ווי צו פארשטיינ די אופגאבנ... (18).

נישט:

b16) דאָס שוואכע שטודירנ פונ (מיצאד) די קעמערלעכ...

b18) די פויערשע באפעלקערונג האָט באוויזנ א באלערנדנ בײַשפיל פונ פארשטיינ די אופגאבנ...

אין דער פרעסע קען מען אָפטמאָל טרעפֿן פאַראַלעל.

58) באַ דער גריכיש-טאָטערישער באַפעלקערונג האָט זיך אפילו באַגעגנט אזא מעניִע, ווי די אָפּ־וועזנהייט פון שריפט (צ.).

אזוי זעצט דאָ איבער דער שרײַבער אין געדאַנק דאָס רוסישע отсутствие (ס'איז אן אָריגינעל אַרטיקל), שלעפט אַרײַן פון דײַטש א נײַ וואָרט. אין דעמזעלבן נומער, אפּ אן אנדער זײַט, טרעפט מען דאָסזעלבע געשריבן אזוי:

59) פּאָליט האָט דערבײַ אונטערגעשטראָכן דעם פאַקט, וואָס עס איז ניטאָ קיין איינהײַט אין דער טאַקטיק פון באַזונדערע פאַרייִנען (צ.).

דאָ שטייט שוין פּאַשעט „וואָס עס איז ניטאָ" אָנשטאָט „אָפּוועזנהייט". מע וואָלט געקענט מיינען, אז דער אווטער האָט זיך דאָ ניט געקענט „אויסדרייען" איבער די ווערטער „דעם פאַקט"; סע וואָלט אים אויסגעקומען צו זאָגן:

59a)... אונטערגעשטראָכן דעם פאַקט פון אָפּוועזנהייט פון איינהײַט אין דער טאַקטיק...

ד. ה. מאַכן א שווערן זאַץ (צוויי מאָל „פון"). אזוי וואָלט מען געקענט מיינען;— איז דאָס אָבער ניט אזוי. פּונקט פאַרקערט: די ווערטער „דער פאַקט" האָט דער שרײַבער (איבערזעצער) ניט באַדאַרפט האָבן, זיי זײַנען ניט פאַראַן אין דעם רוסישן טעקסט: подчеркивал отсутствие единства. ער האָט זיי מיט א קיוון אַרײַנגעשטעלט, קעדיי צו קענען זאָגן דערנאָך: „וואָס עס איז ניטאָ". פאַרשטייט זיך, ער וואָלט זיך געקענט באַגיין אָן „דעם פאַקט", מע קען זייער גוט זאָגן:

59a) פּאָליט האָט דערבײַ אונטערגעשטראָכן, אז עס איז ניטאָ קיין איינהײַט...

אָבער דאָ איז ער שוין ניט שולדיק: די איבעריקע ווערטער („דעם פאַקט" א. ד. גל.) זײַנען שוין געוואָרן באַ אונדז אין דער פּובליציסטישער שפּראַך א פעסטער אײַנפיר. וויבאַלד „אונטערגעשטראָכן" איז מוז מען דאָ אפּ דער שטעל געבן א גראַמאַטישן אָביעקט, א זאַכוואָרט אין אַקוזאַטיוו („דעם פאַקט")[15]. „מע פאַרלאָזט זיך ניט", וואָס דער זאַצלעכער אָביעקט איז פאַראַן שפּעטער: א גאַנצער זאַץ („עס איז ניטאָ קיין איינהײַט" א. א. וו.). גענומען האָבן מיר דאָס אויך פון ליטעראַרישן (גראַמאַטישן) רוסיש; אָבער דאָס (איבעריקע ווערטער) איז שוין א טעמע פאַר זיך.

עטלעכע שורעס איינס נאָכן אנדערן קען מען טרעפֿן אזוינע צוויי זאַצן:

60) דער באַשלוס פונעם צוזאַמענפאָר (אין עדינבורג. — נ. ש.) באַטײַט ניט קיין איבערײַס מיטן רוסישן אַרבעטער-קלאַס (צ.).

61) דער אָנגענומענער באַשלוס הייסט ניט, אז מע רײַסט איבער די באַציִונגען מיט די רוסישע אַרבעטער (צ.).

אין רוסישן טעקסט (ס'איז איבערגעזעצט) שטייט ביידע מאָל גלײַך:
не означает разрыва.

15) דאָ איז דאָס איבעריקע וואָרט מאַסקירט: „פאַקט" קען מאַכן דעם אײַנדרוק פון עפּעס זאַכעכס. אָפטמאָל מאַסקירט מען דאָס ניט אויך, מע שרײַבט:

ער האָט אונטערגעשטראָכן דאָס, וואָס עס איז ניטאָ קיין איינהײַט...

подчеркнул то, что..; „דאָס"—קלאָר א „פּוסט" וואָרט.

אקעגנ דעמ זאצ 50 („פירט צו א פארלענגערונג פונעמ ארבעט־טאָג”...) קענ מענ ווײַזנ:

62) די פאריינישע אָרגאַניזאציִעס דארפנ אויכ פאָדערנ, אז דער לערנפעריִאָד אינ די ליקשולנ זאָל פארלענגערט ווערנ (צ.).

ניט לויט דעמ מוסטער פונ 50:

a62)... פאָדערנ די פארלענגערונג פונ דעמ לערנפעריִאָד...

איינער אונ דערזעלבער אווטער שרײַבט אינ איינ נאָטיצ:

63) דאָס אויסטיילנ אדמיניסטראטיוו-טעריטאָריאלע איינסנ צווישנ דער נאצמינדערשער באַפעלקערונג איז טאקע דורכגעפירט געוואָרנ... מיטנ צוועק ווי וויַיט מעגלעכ בעסער צו באדינענ דידאָזיקע נאצמינדערהײַטנ (צ.).

64) נאציִאָנאלע ראטנ זײַנענ אינ דער ערשטער ריי אויסגעטיילט געוואָרנ פאר די נאציִאָנאליטעטנ, וואָס וווינענ אינ מער קאָמפאקטע מאסנ (צ. דאָרט).

ניט לויט דעמ מוסטער פונ 63:

a64) דאָס אויסטיילנ נאציִאָנאלע ראטנ איז דורכגעפירט געוואָרנ אינ דער ערשטער ריי פאר די נאציִאָנאליטעטנ, וואָס...

אנקעגנ „פירנ א קאמפ” קענ מענ ווײַזנ אינ דיזעלבע צײַטונגענ:

65) ווי אזוי קעמפנ מיר ביז איצט קעגנ עקספלואטירנ די קוסטאר-יוגנט? (צ.).

אנקעגנ אונדזערע פראזעס 10, 12, 15, 19, 20, קענ מענ ווײַזנ:

66) די ראציִאָנאליזאציע אינ ס. ס. ס. ר. איז פארבונדנ מיט קעסיידערדיקער פרײַזנ־אראָפּזעצונג (צ.).

67) איצטער האָט זיכ אונדז אײַנגעגעבנ צו פארגרעסערנ די שנײַדער-פאבריק... דאָס וועט אפּ אסאכ פארבעסערנ די ארבעט-באדינגונגענ אפ דער „טיניאקאָווקע” (צ.).

68) דידאָזיקע פאָדערונג איז ניט גלאט אנ אויסטראכטעניש פונ אונדזערע בילדונג־אינספעקטאָרנ... דאָס שטימט פולקאָמ מיטנ פארלאנג פונ די עלטערנ (צ.).

69) אונדזערע קוסטארישע לײַ- אונ- שפּאָר-קאסעס... קענענ מיט זייער אפּאראט אסאכ מיטהעלפנ צו מאָביליזירנ די פרײַע געלט־מיטלענ בא דער באפעלקערונג (צ.).

70) עס פילט זיכ א שטארקע נויט אינ געלט-מיטלענ צו שטיצנ די געליטענע (צ.).

אָט, אשטייגער, וויאזוי מע זעצט איבער בא אונדז אזא רוסישנ זאצ:

...пытались добиться вторичного рассмотрения этих вопросов организационной комиссией.

71) די דעלעגאציִעס... האָבנ זיכ געפּרוווט דערשלאָגנ, אז די אָרגאניזיר-קאָמיסיע זאָל א צווייטנ מאָל איבערקוקנ דידאָזיקע פראגע (צ.).

אָנשטאָט דעמ זאכוואָרט рассмотрения (איבערקוק, „רעוויזיע”) האָבנ מיר דאָ א צײַטוואָרט (איבערקוקנ), דאָס האָט שוינ מיטגעבראכט מיט זיכ א בײַזאצ („אז די אָרגאניזיר־קאָמיסיע” א. אז. וו.), אונ דערמיט איז, אגעוו, אויסגעמיטנ די פאסיווע קאָנסטרוקציע פונעמ רוסישנ טעקסט.

וואָס ווײַזט דאָס? דאָס ווײַזט, אז די קאָנסטרוקציע מיט א זאכוואָרט אָנשטאָט א צײַטוואָרט געהערט גאָרניט ספּעציִעל צומ צײַטונגסטיל. מע שרײַבט פאקטיש אנדערש אויכ, אונ קיינער קלאָגט זיכ ניט דערופ.

אינטערעסאנט איז אזא פראט: קעפּלעכ אינ צײַטונגענ זײַנענ שטענדיק געווענ די זיכערסטע פעסטונג פונעמ זאכוואָרט. מע האָט געהאלטנ, אז א קעפּל דארפ זײַנ

לעצט קורצ, — געציילטע 2 — 3 ווערטער; ס׳דארפ בלויז באצייכענענ, טערמינירנ געשעענישנ, פאקטנ א. אז. וו., ניט דערציילנ וועגנ דעמ. מעמיילע האָט מענ ניט געגעבנ קיינ פארענדיקטע זאצנ מיט פרעדיקאטנ; — מע האָט געשטעלט זאכווערטער. זעענ מיר אָבער גראָד אינ דער סאָוועטישער פרעסע, — ביפראט די לעצטע צייַט, — וויאזוי ס׳בייַט זיכ דאָס קעפל: עס ווערט באשרייַבעריש, דערציילעריש. מע גיט גאנצע זאצנ, מעמיילע מיט צייַטווערטער. איכ האָב שוינ פריִער געבראכט דאָס נייַע קעפל: „פרעגט, מיר וועלנ ענטפערנ" (נומ. a2), אָנשטאָט דעמ קלאסישנ צייַטונג־שטאמפ: „פראגעס אונ ענטפערנ". לאָמיר זיכ נאָכ צוקוקנ צו אזוינע בייַשפילנ (אינ איינ נומער „עמעס").

72) די שלאכט־אופגאבע האָט דער עלעקטראָ־זאוואָד אויסגעפילט.

73) די ארבעטער פונעמ „רויטנ פוטילאָווער דריקנ אויס זייער צאָרנ קעגנ דער צעבושעוועטער קאפיטאליסטישער רעאקציע.

74) באקו־באטומער נאפטלייטונג איז אינגאנצנ פארענדיקט.

75) ארבעטער גייענ אינ דער פארטיי.

76) א לערער דארפ זיכ אינ „זייַטיקע זאכנ" ניט מישנ.

א. אז. וו., נישט: „די אויספילונג פונ דער שלאכט־אופגאבע", „דער צאָרנ פונ די ארבעטער... קעגנ", „די פארענדיקונג פונ דער... נאפטלייטונג" א. אז. וו.

אָפטמאָל קומענ נאָכ צו ברייט־דערציילערישע אונטערקעפלעכ, אשטייגער:

77) וואָס האָט באשלאָסנ די אלפארבאנדישע בעראטונג פונ קלוב־טוער (קעפל).
ארייַנטראָגנ אנ אנטשיידענעמ איבערבראָכ אינ דער קלוב־ארבעט (אונטערקעפל).

אזוינע בייַשפילנ וואָלט מענ געקענט ברענגענ נאָכ פונעמ זעלבנ נומער. מע קענ ווייַזנ ברייטע צווייגאָרנדיקע אונטערקעפלעכ. דאָ האָט אונדזער פרעסע גראָד געבראָכנ די „גוטע טראדיציע" פונ דער אלטער „אָנשטענדיקער" בירגערלעכער צייַטונג. ווי ווייַט אזוינע קעפלעכ — מיט צייַטווערטער — באלעבנ די צייַטונג, פאראינטערעסירנ דעמ לייענער, — דערפונ איז איבעריק צו רעדנ.

---

צולעצט, די פארגליווערטקייט, די אומבויגעוודיקייט פונ דער קאָנסטרוקציע מיט דעמ זאכוואָרט. נעמענ מיר די זאצנ 25, 26 אינ דער רעדאקציע רעכטס, מיט דעמ זאכוואָרט, לאָזנ זיי זיכ ניט ענדערנ, ס׳איז א פעסט־געבונדענע וואָרטשטעלונג. מיר האָבנ שוינ געזעענ, וואָס פאר א ראָליע סע שפילט די וואָרטשטעלונג, ווענ מיר ווילנ באטאָנענ דעמ אָדער יענעמ זאצגליד [16]. בעכיינ זייַנענ מיר אינ די דערמאָנטע זאצנ רעכטס לאכלוטנ אומבאהאָלפנ צו באטאָנענ עפעס אנדערש, כוצ דעמ, וואָס ס׳איז געגעבנ אינ דער איצטיקער רעדאקציע.

גאָר אנדערש איז מיט דער רעדאקציע לינקס: דאָ האָבנ מיר א היפש ביסל פרייַ צו קערעווענ זיכ אונ ארויסצוברענגענ מיט נייַע קאָמבינאציִעס פונ וואָרטשטעלונג די באטאָנונג, וואָס מיר ווילנ זי האָבנ. נעמענ מיר a25: פונ קלאָרקייט וועגנ לאָמיר באצייכענענ מיט ...c, b, a די באוועגלעכע זאצגלידער:

די מיליטערישע מאכט קלאָגט זיכ, אז a) ס׳איז שווער b) צו קעמפנ c) מיט די רעוואָליוציאָנערנ.

[16] זע פריִער, ז. 42—43.

ווִיפל זײַנען דאָ מעגלעכע קאָמבינאַציִעס מיט איבערשטעלן די זאַצגלידער? דאָס ווײַזט אונדז די איבערשטעל־פאָרמול:

$$p = 1,\ 2,\ 3 \ldots n$$

אין אונדזער פאַל, בײַ דרײַ באַוועגלעכע זאַצגלידער, איז $p = 1.\ 2.\ 3$ ד. ה. מיר קענען האָבן 6 קאָמבינאַציִעס לויט דער סכעמע נאָך:

| | |
|---|---|
| $a + b + c$ | $b + c + a$ |
| $a + c + b$ | $c + a + b$ |
| $b + a + c$ | $c + b + a$ |

דאָס זײַנען זיי, די קאָמבינאַציִעס:

a25) ד. מ. מ. ק. ז., א. ס'איז שווער צו קעמפן מיט די רעוואָליוציאָנערן.
b25) ד. מ. מ. ק. ז., א. ס'איז שווער מיט די רעוואָליוציאָנערן צו קעמפן.
c25) ד. מ. מ. ק. ז., א. צו קעמפן איז שווער מיט די רעוואָליוציאָנערן.
d25) ד. מ. מ. ק. ז., א. צו קעמפן מיט די רעוואָליוציאָנערן איז שווער.
e25) ד. מ. מ. ק. ז., א. מיט די רעוואָליוציאָנערן איז שווער צו קעמפן.
f25) ד. מ. מ. ק. ז., א. מיט די רעוואָליוציאָנערן צו קעמפן איז שווער.

פון דידאָזיקע 6 קאָמבינאַציִעס זײַנען 5 נאָרמאַל; ניט נאָרמאַל איז די קאָנסטרוקציע c25. דאָס הייסט, אַז מיר האָבן 5 וואַריאַציִעס פאַר דעם זאַצ. צווישן דידאָזיקע וואַריאַציִעס האָבן מיר זיכער 3 גרופעס מיט פאַרשידענע באַטאָנונגען: א) a25 („די רעוואָליוציאָנערן" — צום סאָף זאַצ); ב) b 25 און e 25 (צו קעמפן—צום סאָף); ג) d 25 און f 25 („שווער" — צום סאָף). אין יעדער פון די גרופעס ב' און ג' באַזונדער זײַנען פאַראַן פײַנערע ניואַנסן צווישן איינעם און דעם צווייטן זאַצ; יעדנפאַל איז אַזוינס מעגלעך, געוועגדט אָן דעם קאָנטעקסט.

נאָך מער קאָמבינאַציִעס איז מעגלעך מיט a26.

דאָס שטערט, אַז a) ס'זאָל זיך b) פאַרפעסטיקן און פאַרשפרייטן c) די פאַרטייִשע ווירקונג d) צווישן זיי.

ווײַל דאָ האָבן מיר שוין צו קאָמבינירן 4 באַוועגלעכע זאַצגלידער. דאָ איז $p = 1.\ 2.\ 3.\ 4$; דאָס הייסט, דאָ קענען מיר שוין האָבן גאַנצע 24 איבערשטעל־קאָמבינאַציִעס. ניט אַלע טויגן לויט די נאָרמעס נאָך פון דער ייִדישער וואָרטשטעלונג. איך וועל דאָ ברענגען בלויז די פאַסיקערע; די איבעריקע וועט יעדער איינער קענען צונויפשטעלן לויט דער סכעמע:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1) $a + b + c + d$ | 7) $b + a + c + d$ | 13) $c + a + b + d$ | 19) $d + a + b + c$ |
| 2) $a + b + d + c$ | 8) $b + a + d + c$ | 14) $c + a + d + b$ | 20) $d + a + c + b$ |
| 3) $a + c + b + d$ | 9) $b + c + a + d$ | 15) $c + b + a + d$ | 21) $d + b + a + c$ |
| 4) $a + c + d + b$ | 10) $b + c + d + a$ | 16) $c + b + d + a$ | 22) $d + b + c + a$ |
| 5) $a + d + b + c$ | 11) $b + d + a + c$ | 17) $c + d + a + b$ | 23) $d + c + a + b$ |
| 6) $a + d + c + b$ | 12) $b + d + c + a$ | 18) $c + d + b + a$ | 24) $d + c + b + a$ |

A. נאָרמאלע קאָמבינאַציִעס:

a26) דאָס שטערט, אז ס'זאָל זיך פארפעסטיקן און פארשפרייטן די פאר־טייִשע ווירקונג צווישן זיי (1) [17].

b26) ד. ש., א. ס'זאָל זיך פארפעסטיקן און פארשפרייטן צווישן זיי די פארטייִשע ווירקונג (2).

c26) ד. ש., א. ס'זאָל זיך צווישן זיי פארפעסטיקן און פארשפרייטן די פארטייִשע ווירקונג (5).

d26) ד. ש., א. די פארטייִשע ווירקונג זאָל זיך פארפעסטיקן און פאר־שפרייטן צווישן זיי (13).

e26) ד. ש., א. די פארטייִשע ווירקונג זאָל זיך צווישן זיי פערפעסטיקן און פארשפרייטן (14).

f26) ד. ש., א. די פארטייִשע ווירקונג צווישן זיי זאָל זיך פארפעסטיקן און פארשפרייטן (17).

g26) ד. ש., א. צווישן זיי זאָל זיך פארפעסטיקן און פארשפרייטן די פארטייִשע ווירקונג (19).

h26) ד. ש., א. צווישן זיי זאָל זיך די פארטייִשע ווירקונג פארפעסטיקן און פארשפרייטן (20).

B. שווערע קאָמבינאציִעס:

i26) ד. ש., א. ס'זאָל זיך די פארטייִשע ווירקונג פארפעסטיקן און פאר־שפרייטן צווישן זיי (3).

k26) ד. ש., א. פארפעסטיקן און פארשפרייטן זאָל זיך צווישן זיי די פארטייִשע ווירקונג (8).

דאָ האָבן מיר 8 נאָרמאלע קאָמבינאציִעס און 2 שווערערע (אָבער ניט גאָר אָפּ־געפרעגטע). די איבעריקע 14 קאָמבינאציִעס האלט איך פאר נאָך שווערער און גאָר אומעגלעך (אשטייגער, 6 קאָמבינאַציִעס 10, 12, 16, 18, 22, 24 מיט דער גרופּע „זאָל זיך" צום סאָף). אין די 8 נאָרמאלע ווארִיאַנטן האָבן מיר 3 גרופּעס מיט פאר־שידענע באַטאָנונגען: א) a26 און d26 („צווישן זיי"—צום סאָף); ב) b26, c26 און g26 („פארטייִשע ווירקונג" — צום סאָף); ג) e26, f26 און h26 („פארפעסטיקן און פארשפרייטן" — צום סאָף). אינעווייניק אין יעדער גרופּע באזונדער זײַנען דאָ אויך מעגלעך געוויסע ניואַנסן, ביפראט אז דאָ איז שוין דער זאץ לענגער ווי דער זאץ 25.

די צאָל מעגלעכע קאָמבינאציִעס איז געווענדט אָן דער צאָל באוועגלעכע זאצ־גלידער, אָן זייער געבונדנקייט לויט די נאָרמעס פון דער יִדישער וואָרטשטעלונג. אין דידאָזיקע ווארִיאציִעס שטעקן לאָגישע און סטיליסטישע מעגלעכקייטן, וואָס אין דער קאָנסטרוקציע מיט דעם זאכוואָרט גייען זיי פארלוירן. פארוואָס זאָלן מיר זיי מאפקיר זײַן? מיט וואָס האָט זיך אזוינס פארדינט די גראמאטיש־געקינצלטע קאָנסטרוקציע מיטן זאכוואָרט?

---

[17] די ציפער אין קלאמערן בא די זאצן צום סאָף ווײַזן אָפּ די געהעריקע ציפער אין דער סכעמע; אשטייגער, די ציפער (1) בא דעם זאץ a26 ווײַזט, אז דאָ איז גענומען די קאָמבינאציע ! a+b+c+d א. אז. וו.

איך האָב פריִער דערמאָנט, אז פון דערדאָזיקער קאָנסטרוקציע ווייסט ניט צו זאָגן ניט די געדעדטע פאָלקשפראַך, ניט אונדזער שיינע ליטעראַטור[18]. באַוויַיזן דאָס איז זייער שווער: מע קען ניט ברענגען דאָס, וואָס ס׳איז ניט פאַראַן. ס׳איז אויך שווער צו ברענגען זאַצן, וואָס וועגן זיי וואָלט מען געקענט זאָגן: אין דידאָזיקע פאַלן וואָלט מען אין אונדזער פּובליציסטיק געשטעלט א זאַכוואָרט אָנשטאָט א צײַטוואָרט; — אַזוי אָרגאַניש, ניט צו ענדערן, זענען דאָרט אויס די צײַטווערטער. די וויכטיקסטע סיבע איז דאָ, — ווי איך האָב שוין דערמאָנט באַ דעם פּאַסיוו, — וואָס אין דער צײַטונג האָבן מיר אַן אַנדער מאַטעריע, אַ געזעלשאַפטלעכן, אידעאָלאָגישן שטאָף, און אַ נײַעם שטאָף דערצו, וואָס אין דער פאָלקשפראַך איז ער ניט פאַראַן, און אין דער שיינער ליטעראַטור, ווי ווײַט ער טרעפט זיך, איז ער גאָר אַנדערש פאַרוועבט. דאָרט „פירט מען ניט קיין קאַמף“, ס׳ווערן ניט „דורכגעפירט קיין אויספאָרשונגען“. „ס׳גייען ניט קיין דיסקוסיִעס“, סקומט ניט פאָר „קיין וווקס, קיין פאַרורטיילונג פון דער אָפּאָזיציע“ א. אז. וו.

אָבער א זײַטיקן סימען, ווי שטאַרק מע האַלט זיך אין דער שיינער ליטעראַטור באַם צײַטוואָרט, ווי ווײַט מע שטרעבט וואָס מער צו פאַרווענדן דאָס צײַטוואָרט, — אַזאַ סימען קען מען וויַיזן אין די נײַע צײַטווערטער, געמאַכט פון זאַכווערטער. גראָד די פּאָעזיע, וואָס איז בעעצעם אַזוי קנאַפּ מיט דעם וואָרט, וואָס וויל אויספּרעסן פון דעם וואָרט וואָס מער עפעקט, — גראָד די פּאָעזיע שאַפט זיך אַזוינע נײַע צײַטווערטער וואָס אַמאָל מער. בלויז אין איין ביכל האָפּשטיינס[19] קען מען טרעפן אַזוינע נײַע שאַפונגען:

„באַרעגנט, קייטלען (די וועגן), באַשימערט, געהויפנט, געגאָרנט, צעקעסלט (צעקעסטלט?), צעצימערט, פאַרטורעמט, פאַרפּערלט, פאַרפאָרהאַנגט, געשוועסטערט, געברודערט“.

אפילע אין בעסערע פּובליציסטישע זאַכן קען מען טרעפן:

צעפעכערט, באַוואַלדיקט, באַשטרײַמלט, באַקלויסטערט, באַציילעמט, א. אז. וו.

דאָס הייסט: אונדזער שיינע ליטעראַטור קריגט אַרויס סײַ די אויסדריקלעכקייט, סײַ די עקאָנאָמיע פון עם וואָרט פונקט אַפּ א פאַרקערטן שטייגער ווי די צײַטונג־שפּראַך.

———

דער קורצער סאַכאַקל פון דעם, וואָס דאָ איז געזאָגט, איז אַזוי:

1. די קאָנסטרוקציע מיטן זאַכוואָרט איז טויט. דאָ גייט פאַרלאָרן די גאַנצע דינאַמישקייט פון דעם טועכץ, די לעבעדיקייט פון דעם צושטאַנד. אָנשטאָט דעם קריגן מיר בלויז א סימען, א ווונק אַפּ א טועכץ, אַפּ א צושטאַנד.

[18]) אין דער שיינער ליטעראַטור קען מען נאָך ווו-ניט-ווו טרעפן דעם סובסטאַנטיוויזירטן אינפיניטיוו, ניט מער.

[19]) ר. האָפּשטיין, „באַ וועגן“, ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין, ווילנע (1924?) 178 ז. 80.

2. דידאָזיקע קאָנסטרוקציע איז אינ א געוויסנ טייל פאלנ ניט אימשטאנד ריכ־טיק אונ קלאָר איבערצוגעבנ דעמ געדאנק. זי ברענגט מיט זיכ אומקלאָרקייט וועגנ דער צײַט, וועגנ סוביעקט אונ אָביעקט א. ד. גל.

3. אינ א גרויסנ טייל פאלנ קענ זי דאָכ ניט אויסקומענ אָנ א צײַטוואָרט. זי שאפט זיכ שאבלאָנען־צונויפזעצונגענ פונ זאכווערטער מיט א קליינער גרופע צײַט־ווערטער (פירנ, דורכפירנ א. ד. גל.). דידאָזיקע צײַטווערטער פארלירנ אינ די צונויפ־זעצונגענ יעדנ מאטעריִעלנ באטײַט; זיי זײַנענ ניט מער ווי הילפווערטער, אונטער־שפארער. זייער פונקציע אינ זאצ איז א ריינ־פאָרמעלע, א גראמאטישע.

4. אינ א געוויסנ טייל פאלנ ברענגט דאָס זאכוואָרט צו א פאסיווער זאצקאָנ־סטרוקציע,—א קאָמבינאציע פונ 2 שאבלאָנענ.

5. דאָס זאכוואָרט ציט נאָכ זיכ „פונ"‚— אָפטמאָל אינ שווערע קאָמבינאציִעס. צומטייל פרווט מענ דאָס אויסמײַדנ מיט דער הילפ פונ סובסטאנטיווירטנ אינפיניטיוו.

6. די קאָנסטרוקציע מיטנ זאכוואָרט ברענגט אונדז שווערע אונ פאלשע פאלנ פונ דאטיוו.

7. די קאָנסטרוקציע מיטנ זאכוואָרט איז פארגליווערט, אומבויגעוודיק. זי רויבט בא אונדז אוועק די מעגלעכקייט צו מאנעווירנ מיט דער וואָרטשטעלונג, די מעג־לעכקייט, וואָס מיר האָבנ זי אינ דער קאָנסטרוקציע מיטנ צײַטוואָרט.

8. די קאָנסטרוקציע מיטנ זאכוואָרט איז ניט קיינ מוז־אייגנטימלעכקייט פונ דעמ צײַטונגסטיל. פאקטיש ניצט מענ אינ דער צײַטונגשפראכ פאראלעל דאָס צײַט־וואָרט אויכ.

9. שפּאָרעוודיקער איז די קאָנסטרוקציע בלויז אינ א קלענערנ טייל פאלנ,— צומיינסטנס איז זי אויסברענגערישער.

10. דידאָזיקע קאָנסטרוקציע איז פרעמד סײַ דער גערעדטער שפראכ, סײַ דער שיינער ליטעראטור. איר מאָקער איז דער „טראדיציִאָנעלער" רוסישער צײַטונג־נוסעכ [20]).

קיִעוו, סענטיאבער, 1927.

---

20) קעגנ די אלע מאָטיוונ אונ פאר דעמ זאכוואָרט, ווײַזט מענ אָפטמאָל אפ דער שפראכ פונ דער וויסנשאפטלעכער ליטעראטור.

מעג זײַנ, אז דאָרט איז דאָס ווערבאלישע זאכוואָרט ניט אומפאסיק,—דערהויפט אינ די אזויגערופענע פּינקטלעכע וויסנשאפטנ. מע דארפ אָבער דערביי געדענקענ, אז די וויסנשאפטלעכע שפראכ — דאָס איז א ספעציִעלער זשאנער: זי איז זייער קנאפ אינ וואָרט-מאטעריִאל; זי אָפערירט שטארק מיט טערמינאָלאָגיע, מיט געשטאמפטער פראַזעאָלאָגיע. דאָס ווערבאלישע צײַטוואָרט באטייליקט זיכ דאָרט אינ א גרויסער מאָס אינ דעמ עצעמ-פראָצעס פונ טערמינירנ די רייד (זע אגעוו:
Г. Винокур—„Глагол или имя", Сборники „Русская речь" III, Ленинград, 1928).
דערהויפט אָבער די וויסנשאפטלעכע שפראכ האָט בעערעכ א קליינע אוידיטאָריע אונ א ספּע־ציִעלע, אינטעלעקטועל-שטארקערע אוידיטאָריע, וואָס האָט שוינ די געוווינשאפט צומ אבסטראקטנ דענ־קענ. סעמיילע איז דאָס קיינ רײַע נימ פאר דער שפראכ פונ דער צײַטונג, פונעמ פּאָפולערנ ביכל א. ד. גל. וואָס ווענדעט זיכ צו א מאסנ-אוידיטאָריע אונ וויל אפ איר אופווירקנ.

# דער פאַלשער ביַיזאַץ

## I. דער ביַיזאַץ מיט „וועלכער“

איך בין דאָ אויסן א געוויסן טייל ביַיזאצן מיט „וועלכער“,— אטריבוטיווע ביַיזאצן, ווי מע פלעגט זיי רופן;— און איך וויל דאָ באטראכטן, ווי ווײַט ס'איז באַרעכטיקט, אין געוויסע פאלן, דאָס באהעפטן צוויי זאצן געדאנקען דורך סובאָרדינאציע מיט דער הילפ פון דעם דערמאָנטן בינדוואָרט. איך לאָז דאָ אָפּן די טעאָרעטישע פראגע, צי איז ביכלאל בארעכטיקט דאָס איַינטיילן זאצן אין זעלבשטענדיקע און ביַיזאצן, צי גיט דאָס ביכלאל אזוינע קאטעגאָריעס ווי קאָאָרדינאציע און סובאָרדינאציע. ווי אזוי גראמאטיק זאָל די פראגע ניט פארענטפערן,— איז דאָס דאָרט א זאך פון קלאסיפיקאציע און דעפיניציִעס. צו מיַין טעמע,— צו די פונקציִעס פון געוויסע סינטאקסישע קאָנסטרוקציִעס אין רייד און אין שריפט,— האָט דאָס נישט[1].

לאָמיר זיך צוקוקן צו אזא מין פראזע:

1) דער אדמיניסטראטער פונעם דאָזיקן זאוואָד, כ. י., איז איבערגעפּאָרן מיטן אווטאָמאָביל א ייִדן, וועלכער איז געשטאָרבן (צ.).

דאָס הייסט, אנדערש גערעדט: דער אדמיניסטראטער איז איבערגעפּאָרן א געשטאָרבענעם ייִדן; יעדנפאל, אזוי קען מען דאָס פארשטיין. מיינען מיינט דער אווטער:

a1) דער ארמיניסטראטער... איז איבערגעפּאָרן א ייִדן, און יענער (אָדער „דער ייִד“) איז געשטאָרבן.

אָנשטאָט קאָאָרדינאציע פון צוויי זעלבשטענדיקע געדאנקען זאצן, האָבן מיר אין דער פראזע 1 סובאָרדינאציע; מיר האָבן א פאלשן ביַיזאץ, ווי איך רופ אים („וועלכער איז געשטאָרבן“),— מוז דאָס ברענגען צו א פאַלשן אויסטיַיטש.

---

[1] פאר די, וואָס ס'קענ זיי אינטערעסירן, זע:

М. Н. Петерсон. Очерки русскаго синтаксиса. Москва — Ленинград, 1923, Стр .28—33.

А. М. Пешковский. Русский синтаксис в научном освещении. Москва — Ленинград, 1928, стр. 528—541.

Jbid. Существует ли в русском языке сочинение и подчинение предложений. „Родной язык в школе“ 1926 г., № 11—12, стр. 124—140.

Paul. H. Prinzipien der Sprachgeschichte, fünfte Auflage. Halle 1920, 145—150.

Ф. Корш. Способы относительного подчинения. Москва 1877,

פון דעם טיפּ ביַיזאצ (וואָס איך באהאנדל דאָ וויַיטער), ברענגט כ׳ א. זארעצקי אייניקע ביַישפּילן אין „גדיַיזן און ספּייקעס“, ז. 107—108, אויך 105.

און, פאַרשטייט זיך, ס׳איז שוין קיין פּאַרענטפער נישט, וואָס אַזויווי אַזאַ אויס־טײַטש ברענגט צו אַן אומזין, מעמיילע וועט מען זיך שוין אָנשטויסן, וואָס דאָ איז געמיינט. די שפּראַך איז געגעבן נישט אַפּ אָנצושטויסן זיך.

אַז מיט אַזאַ קאָנסטרוקציע, ווי אין 1, איז עפּעס ניט גלאַט, דאָס קען מען צום־בעסטן אַרויסזען, ווי אַזוי די רעדאַקציע פּרוּווט אַן אַנדערס מאָל צו פאַריכטן די פּראַזע. די מײַסע מיט דעם אַדמיניסטראַטער, וואָס איז איבערגעפּאָרן אַ ייִדן אַ. אַז. וו., האָט מען אויסגעפּאָרשט. דיזעלבע צײַטונג דערציילט, בעערעך אין 3 כאַדאָשים אַרום, וועגן דער אויספאָרשונג אַזוי:

c1) אין... נומער...3 [2]) איז געווען אַ נאָטיץ וועגן דעם, אַז דער אַדמיניסטראַטער... האָט (! נ. ש.). איבערגעפּאָרן איינעם אַ מענטשן, וועלכער איז גלײַך נאָכדעם געשטאָרבן.

ס׳איז קלאָר: מיט די צוגעזעצטע ווערטער „גלײַך נאָכדעם״ האָט די רעדאַקציע געוואָלט פאַריכטן די פּינצטערע סטיליסטישע מאַראָכע פון דעמזעלבן בײַזאַץ אין דער פּראַזע 1.

דערמיט האָט מען, אַגעוו, ניטווילנדיק אויפגעדעקט אַ קאָרט: אויב מע דאַרף אָנקומען צו די ווערטער „גלײַך נאָכדעם״, הייסט דאָס, אַז אָן זיי וואָלט מען די פּראַזע שלעכט פאַרשטאַנען; מע וואָלט געקענט פאַרשטיין אַזוי, אַז פריִער האָט זיך געטראָפן דאָס, וואָס סע דערציילט זיך אין בײַזאַץ (דער ייִד איז געשטאָרבן) דערנאָך ערשט איז פאָרגעקומען דאָס, וואָס דערפון רעדט מען אין הויפּטזאַץ (איבערגעפּאָרן דעם ייִדן מיטן אַוטאָמאָביל). סכעמאַטיש גערעדט, הייסט דאָס אַזוי: אין יעדער אַזאַ קאָנסטרוקציע פון אַ הויפּטזאַץ מיט אַ בײַזאַץ („וועלכער״), אין דעם פאַל ווען די פּרעדיקאַטן אין ביידע זאַצן שטייען אין דער פאַרגאַנגענער צײַט, איז פאַראַן אַ געוויסער צײַט־סיידער: די אַקציע אין בײַזאַץ קומט פאָר פריִער, איידער די אַקציע אין הויפּטזאַץ.

לאָמיר דאָס פאַרגעדענקען.

פאַרשטייט זיך אויך, אַז איצט איז דער בײַזאַץ און די פּראַזע בעסער, פאַרשטענדלעכער. אָבער „ס׳בלײַבט דאָך אַלץ די אַלטע קאַשע״: צו וואָס באַדאַרף מען גאָר אַזאַ קונץ? צו וואָס דאַרף מען דעם בײַזאַץ, די סובאָרדינאַציע (1), אַז ס׳בעט זיך אַ זעלבשטענדיקער זאַץ און קאָאָרדינאַציע (a1)?

קעדיי קלאָרער אַרויסצוזען, וואָס דאָ שטעקט אין אַזוינע פאַלשע בײַזאַצן, לאָמיר פאַרגלײַכן אַזוינע צוויי פּראַזעס:

2) הייסט עס, אַז מע דאַרף מיט באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט צוגיין צו דער פראַגע וועגן די סאַמע צוועקמעסיקע און עקאָנאָמישע פאָרמען פון אויסגעבן די מיטלען, וועלכע זײַנען פאַראַן אין רעשוס פון אונדזערע קלובן (צ.) [3]).

3) קעדיי צו וואָרענען קעגן די פעלערן פון די פריִערדיקע יאָרן, פאַרשאַרפן מיר די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע פּראָפאַריינען און קלובן אַפּ די פראַגן פונעם קלוב־בודזשעט, וועלכער האָט אַ גוואַלטיקע באַדײַטונג פאַר דער ריכטיקער אָרגאַניזירונג פון דער קלוב־אַרבעט (צ.) [3]).

[2]) דאָס איז דער נומער, וואָס פון דאָרט איז געבראַכט אונדזער פּראַזע 1.

[3]) איך וויל דאָ זאָגן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אין דעם אַרטיקל, אַז איך בין דאָ אויסן בלויז די סינטאַקסישע קאָנסטרוקציִעס; מעמיילע איגנאָריר איך סטיל און שפּראַך ביכלאַל, אַזוינע אויסדריקן ־ שאַבלאָנען, אַשטייגער, ווי: „צוגיין צו דער פראַגע״, „פאַרשאַרפן די אויפמערקזאַמקייט״ „פאָרמען״, אַ. ד. גל., און איך פאַריכט זיי נישט. דאָס איז אַ טעמע פאַר זיך.

ביידע פראזעס (2 און 3) זײַנען גענומענע פון אײן אַרטיקל: אין ביידע רעדט זיך וועגן איין זאך: וועגן די מיטלען אָדער ביודזשעטן פון אונדזערע קלובן. צי האָבן אָבער דאָ די בײַזאצן מיט „וועלכע" דיזעלבע פונקציע?

אין דער פראזע 2 האָט דער בײַזאצ („וועלכע זײַנען פאראן אין רעשוס"...) צוויי אייגנשאפטן: א) ער ציט דירעקט צום זאכוואָרט „מיטלען", — דעם אָביעקט אין ערשטן זאצ,— ניט צו קיין אנדער וואָרט אָדער ווערטער־גרופע. ב) ער גיט אונדז א סימען (א כאראקטעריסטיק), וואָסערע מיטלען איז מען דאָ אויסן;— דאָס איז די מיטלען, וואָס דער קלוב פארמאָגט, נישט קיין אנדערע. דאָס איז דער אט־ריבוטיווער בײַזאצ, ווי מע רופט אים אין דער אלטער גראמאטיק. אזוי, אין אזא פונקציע, באנעמען מיר געוויינלעך דעם בײַזאצ מיט „וועלכער". ער איז דאָ באַ־רעכטיקט, און אין א סינטאקסיש־אויסגעבויטער שריפטשפראך שטעלן מיר זיך איצט אנדערש ניט פאָר די באהעפט־מעגלעכקייט פון דעם סימען־זאצ מיטן באסימענטן וואָרט „מיטלען" 4).

גאָר אנדערש איז מיטן בײַזאצ („וועלכער האָט א גוואלטיקע באדײַטונג" א. אז. וו.) אין דער פראזע 3. דער בײַזאצ איז דאָ לאכלוטן קיין סימען, קיין כאראקטעריסטיק נישט פארן „ביודזשעט" (אין פריִערדיקן זאצ); דער אווטער מיינט דאָס גאָר ניט אויך. אגעוו, א סימען פארן ביודזשעט איז שוין דאָ פאראן: דער קלוב־ביודזשעט. מיט דעם בײַזאצ וויל דער אווטער, פראָסט גערעדט, ענטפערן אפ דער פראגע: פארוואָס. פארוואָס דארף מען זיך אזוי אָפּגעבן מיט פראגעס פונעם קלוב־ביודזשעט? מיר

3a) פארשארפן די אופמערקזאמקייט אפ די פראגעס פונעם קלוב־ביודזשעט, ווײַל ער (דער ביו־דזשעט) האָט א גוואלטיקע באדײַטונג א. אז. וו;

אזוי האלט דאָס מיט דער צווייטער אייגנשאפט, מיט דער פונקציע: דער בײַ־זאצ אין 3 איז א דערקלערונג. ער ווײַזט די סיבע, ניט קיין סימען, ניט קיין כאראקטעריסטיק.

אנדערש איז מיט דער ערשטער אייגנשאפט. פאָרמעל גראמאטיש ציט דער בײַ־זאצ צום וואָרט „קלוב־ביודזשעט"; אזוי ווײַזט אונדז דאָס בינדוואָרט „וועלכער". וואָלט דאָ אָנשטאָט „קלוב־ביודזשעט" געשטאנען, אשטייגער, „מיטלען",—איז וואָלטן מיר געהאט די פאָרמע „וועלכע" (און „האָבן" אָנשטאָט „האָט"). דאָס איז אָבער נישט מער ווי א גראמאטישער קונץ; און א קונץ איז דאָס דערפאר, ווײַל די גראמאטישע פאָרמע שטימט דאָ לאכלוטן ניט מיט דער פונקציע. מיר האָבן שוין געזען, אז די צוויי געדאנקען זאצן אין 3 לאָזן זיך באהעפטן אנדערש, דורך „ווײַל"; נאָך מער: „ווײַל" איז דאָ איבערצײַגנדיקער.

דאָס איז דערפאר, ווײַל דער בײַזאצ אין 3 ציט בעעמעס צו „פארשארפן" אָדער צו דער גאנצער גרופע: „פארשארפן... קלוב־ביודזשעט". אין 2 לאָזט זיך אזוינס נישט טון. לאָמיר מאכן אזא פראָבע: לאָמיר איבערוקן אין די פראזעס 2 און 3 די ווערטער „מיטלען" און „קלוב־ביודזשעט":

4) אגעוו: איז אזוינע פאלן איז אָפטמאָל דער גאנצער בײַזאצ נישט נויטיק; מען קען זייער גוט זאָגן:... „אויסגעבן די קלוב־מיטלען", „די מיטלען פון אונדזערע קלובן". אזוי: „קלוב־ביודזשעט", הייסט דאָס אין דער פראזע 3.

a2) מע דאַרף מיט באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט צוגיין צו דער פראַגע וועגן די סאַמע צווועקמעסיקע און עקאָנאָמישע פאָרמען פון מיטלען אויסגעבן, וועלכע זיינען פאַראַן אין רעשוס פון אונדזערע קלובן.

b3)... פאַרשאַרפן מיר אָפּ די פראַגע פונעם קלוב-ביודזשעט די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע פּראָפּאַרייִנען און קלובן, ווייל דער ביודזשעט האָט אַ גוואַלטיקע באַדייטונג א. אז. וו.

ס'איז קלאָר, אַז דער בייזאַץ אין a2 איז אומעגלעך, ער קלעפּט זיך נישט לאַב־לוטנ. דאָס איז דערפאַר, ווייל דער בייזאַץ קען ציִען נאָר צום באַסימענטן וואָרט „מיטלען", און אין אַזאַ פאַל מוז דאָס באַסימענטע וואָרט שטיין האַרט לעבן בייזאַץ. דאָס איז, ווי ווייט איך זע, די איינציקע מעגלעכע קאָנסטרוקציע פאַר 2. אין a3 וואָלט געווען דיזעלבע לאַגע, ווען מיר זאָלן דאָ באַהעפטן דעם בייזאַץ דורך דעם בינדוואָרט „וועלכער", און מיר זאָלן וועלן לאָזן דעם בייזאַץ צום סאָף פראַזע. נאָר אַזויווי „וועלכער" איז דאָ נישט מער ווי אַ גראַמאַטישע קונץ, איז וואַרפן מיר דאָס אַרויס (מיר נעמען אַ נײַ בינדוואָרט „ווייל", און דער געדאַנק ווערט דערפון נאָר קלאָרער), רוקן איבער פרײַ דאָס וואָרט „קלוב־ביודזשעט" אַרופצו, און דער זאַץ פאַרלירט דערבײַ גאָרנישט אין גראַמאַטישער קאָרעקטקייט. דאָס איז דערפאַר, וואָס דער בייזאַץ ציט דאָ נישט צו „ביודזשעט". מע האָט אים צוגע־שלעפּט צו „ביודזשעט" מיט גוואַלד, מיט אַן אויסגעקליגלטער גראַמאַטישער פאָרמע; לאָזט ער זיך רייסן.

פון דעמדאָזיקן ווידעראַנאַנד, פון קאָנסטרויִרן אַ גראַמאַטישע פאָרמע (מיט „וועלכער"), וואָס, לויט אונדזערע פאָרשטעלונגען, לויט דער אַלטבאַקאַנטער גראַ־מאַטישער פּראַקטיק, איז זי צוגעפּאַסט צו אַ געוויסער פונקציע (אַ סימען), פאַר אַ זאַץ מיט גאָר אַן אַנדער פונקציע (אין 1 דאַרף דער צווייטער זאַץ, דער איצטיקער בײַ־זאַץ, ווייזן דעם רעזולטאַט פון דער אַקציע, וואָס אין ערשטן זאַץ);— פון דעמ־דאָזיקן ווידעראַנאַנד קען זיך נעמען אַזאַ קוריאָז, אַשטייגער, ווי איבערפאָרן אַ גע־שטאָרבענעם ייִדן. די אַלטע פונקציע שטעלט זיך אַרויס פאַר שטאַרקער, און זי איז זיך נויקעמ. אין דער פראַזע 1 זעען מיר דעם קוריאָז שאַרפער; ס'האָט אים דער־זעען די רעדאַקציע גופע, און זי האָט אים דערנאָך געפּרוּווט פאַריכטן (c1). דאָס נעמט זיך, ערשטנס, דערפון, וואָס אין 1 האָבן מיר סײַ אין הויפּטזאַץ, סײַ אין בייזאַץ די פאַרגאַנגענע צײַט, און אין אַזאַ פאַל האָבן מיר אַ פאָרשטעלונג, אַז די אַקציע (אָדער צושטאַנד) אין בייזאַץ קומט פאָר (אָדער קומט אויף) פריִער, איידער אין הויפּטזאַץ (זע פריִער). דאָס נעמט זיך, צווייטנס, דערפון, וואָס דאָ האָבן מיר אין הויפּטזאַץ אַן אַקציע, אַ שטאַרקע אַקטיווקייט אין אַן אויסדריקלעכן צײַטוואָרט („איבערגעפאָרן"), און אין בייזאַץ אַ שאַרפן צושטאַנד, וואָס ווירקט אָפּן געמיט („געשטאָרבן"). אַזאַ סיטואַציע,— איבערפאָרן אַ געשטאָרבענעם,— אויב אַזאַ פאָרשטע־לונג וועגן דער פראַזע איז אַפילע בלויז מעגלעך,— האָט אין זיך גענוג רייצשטאָף צו וועקן אונדזער קריטיש געפיל, מע זאָל זיך נעמען אומקוקן אָפּ דעם קוואַל, פונוואַ־נען קען שטאַמען אַזאַ קוריאָז, ד. ה. מע זאָל זיך אומקוקן אָפּ דער גראַמאַטישער פאָרמע.

אין דער פראַזע 3 איז אַזאַ עפעקט נישט פאַראַן: סײַ אין הויפּטזאַץ, סײַ אין בייזאַץ האָבן מיר די הײַנטצײַטיקייט; ביידע זאַצן זײַנען אויסגעדריקט היפּש

אבסטראקט; קיין אקציע איז דאָ ביכלאל נישטאָ. בעייס אינ 1 האָבנ מיר א וואָכעדיקע לעבּנסזאכ, א פּאסירונג פונעמ אלטעגלעכנ לעבּנ, איז אינ 3 געגעבּנ א נײַער געזעלשאפטלעכ־אידעיִשער שטאָפּ, וואָס איז בעעצעמ אבסטראקטער. מיר האָבּנ שוינ אָבּער געזעענ אינ אַנדערע פאלנ, ווי אזוי בא נײַעמ אינהאלט רייצט אונדז נישט אזוי די פרעמדע גראמאטישע פאָרמע, ווי באמ אלט־באקאנטנ שטאָפּ פונעמ אלטעגלעכנ לעבּנ[5].
איבּער דעמ אלעמענ פעלט אונדז בא דער פראזע 3 דער שארפער אופרעגער פאר סטיליסטיש־גראמאטישער קריטיק, אונ מיר שלינגענ אראָפּ די פראזע גלאטער, ביפּראט אז צו אזא קאָנסטרוקציע, אינ אזוינע פאלנ, האָט אונדז די צײַטונג שוינ צוגעוווינט. די סטיליסטישע אומפּאסיקייט בלײַבּט אָבּער, אינ טאָכ גענומענ, דיזעלבּע, וואָס אינ 1.

דעמ בײַזאצ אינ דער פראזע 3 קענ מענ אויכ האלטנ פאר א סימענ, פאר א כאראקטעריסטיק צומ וואָרט „קלוב־ביודזשעט", אונ ס'קענ הייסנ אזוי גוט: מיר פארשארפנ די אופמערקזאמקייט צו א געוויסנ טיפּ קלוב־ביודזשעט, — נעמלעכ, צו אזא קלוב־ביודזשעט, „וועלכער האָט א גוואלטיקע באדײַטונג פאר... דער קלוב־ארבעט", — ניט צו א קלוב־ביודזשעט סטאמ, נישט צו יעדנ קלוב־ביודזשעט.

די פראזע 1 איז אנ עקסצעס. מע דארפ אָבּער נישט מיינענ, אז אזוינע עקסצעסנ טרעפנ איינמאָל אינ א שמיטע. לאָמיכ דאָ ברענגענ א פּאָר בײַשפּילנ:

*4) פונ בעלגיע ווערט מיטגעטיילט, אז בעייס א געדיכטנ נעפּל האָט די פּאסאזשיר-שיפּ „טשעסטער-טשאפּינ" זיכ צוזאמענגעשטויסנ מיט א בוקסיר, וועלכער איז דערטרונקענ געוואָרנ.

ד. ה.: א פּאסאזשיר־שיפּ האָט זיכ צוזאמענגעשטויסנ מיט א דערטרונקענעמ בוקסיר; — דערזעלבּער פאל, וואָס אונדזער פראזע 1. דער אווטער מיינט:

a4)... האָט די פּאסאזשיר־שיפּ... זיכ צוזאמענגעשטויסנ מיט א בוקסיר, (אונ) דער בוקסיר איז דערטרונקענ געוואָרנ.

5) אינ דער נאכט אפּנ 12 דעקאבּער האָט זיכ די וואָלכאָווער עלעקטרישע סטאנציע אָפּגעשטעלט, מאכמעס דעמ, וואָס דער טײַכ נעבּנ דער סטאנציע איז פּארפרוירנ געוואָרנ אונ האָט ניט דורכגעלאָזט דאָס וואסער אינ די טורבּינעס.

מע האָט גלײַכ אָנגענומענ מיטלענ אָפּצורייניקנ דאָס אײַז נעבּנ דער ערשטער טורבּינע, וועלכע האָט שוינ אָנגעהויבּנ ארבּעטנ (צ.).

פרעגט זיכ: אז די טורבּינע האָט שוינ אָנגעהויבּנ צו ארבּעטנ, איז צו וואָס דארפ מענ רייניקנ ארומ איר דאָס אײַז?

דער אווטער מיינט דאָ אָבּער פארקערט ווי ער שרײַבּט: פריִער האָט מענ אָפּגערייניקט דאָס אײַז, דערנאָכ ערשט האָט די טורבּינע אָנגעהויבּנ צו ארבּעטנ; — דערזעלבּער פאל, וואָס 1, 4.

*6) עס איז אופגעפירט געוואָרנ שאָלעמ-אלייכעמס „מאזלטאָוו", דערנאָכ האָט מענ זיכ געגרייט אופצופירנ אנ־סקי'ס „קאָנספּיראטיווע דירע", וועלכע די פּאָליציי האָט פארוועדט.

די טרופּע האָט דאנ אײַנגעשטודירט בימקאָס „גאנאָווימ" (זש.).

ס'קומט אויס, אז מע האָט זיכ פונ אָנהויב אָנ געגרייט אופצופירנ א פארוועדטע פּיעסע. אפּ וואָס־זשע פאר א ניסימ האָט מענ ארויסגעקוקט? לאָזט זיכ אויס, אז דאָס איז בעערעכ דערזעלבּער פאל, וואָס 1, 4, 5, אונ דאָס, וואָס דער שרײַבּער מיינט בעעמעס, איז אזוי:

---

5) דאָס האָבּנ מיר געזעענ בא באהאנדלענ די פּאסיווע זאצקאָנסטרוקציע (זע פריִער ז. 65); אויכ בא „ווערבאלע זאכווערטער אונ צײַטווערטער" (פריִער, ז. 121).

a6) ... דערנאָך האָט מען זיך געגרייט אופצופירן אַנ-סקי׳ס „קאָנספּיראַטיווע דירע״, נאָר אזויווי די פּאָליציי האָט דאָס פּאַרוואָרט, האָט די טרופּע דאַן איַינגעשטודירט...

אָדער נאָך פּאָשעטער:

b6) דערנאָך האָט מען זיך געגרייט אופצופירן אַנ־סקי׳ס „קאָנספּיראַטיווע דירע״. די פּאָליציי האָט דאָס פּאַרוואָרט, האָט מען...

דאָס איז נישט די איינציקע אזוינע פּראַזעס.

לאָמיר איצט זען, אין וואָסערע גרופּעס פּאַלן ניצט מען דעם פּאַלשן אַטריבוטיוון בײַזאַץ.

A. אין 1, 4, 5, האָבן מיר מוסטערן פון פּאַלשער סובאָרדינאַציע; דער קאָרעקטיוו איז דאָ קאָאָרדינאַציע. צו קאָאָרדינאַציע רעכן איך נישט גראָד די פּאַלן, ווען אָנשטאָט „וועלכער״ קומט דאָס בינדוואָרט „און״; — אהער געהערן אויך די פּאַלן, ווען מע קען אויסקומען מיט א בײַשטריך (קאָמע), מיט א פּינטל־בײַשטריך, אָדער מיט א פּינטל צווישן ביידע זאַצן אין דער פּראַזע, אָן יעדער בינדוואָרט. די־דאָזיקע גרופּע איז די פּאָפּולערסטע אין דער פּרעסע, טיפּיש פּאַר דערדאָזיקער גרופּע אין אזא זאַץ, ווי:

7) אָפּ דער קאָנפערענץ איז ארויסגעטראָטן דער פּאָלקסריכטער ר., וועלכער האָט געזאָגט (צ.).

אָנשטאָט:

a7) ... איז ארויסגעטראָטן ... און האָט געזאָגט ...

אָדער:

b7) ... איז ארויסגעטראָטן דער פּאָלקסריכטער ר. ער האָט געזאָגט ...

פּאַרשטייט זיך, אַז דאָס טרעפט זיך ניט בלויז אין דער יידישער פּרעסע. און זאָל שוין פּאַר איינוועגס אָנגעוויזן זײַן דער קוואַל, פונוואַנען מיר באַציען דעם פּאַלשן בײַזאַץ ביכלאַל; — דאָס איז (בא אונדז) דער רוסישער מוסטער:

8) На всесоюзном с'езде геологов с докладом выступил академик Ф., который нарисовал общую картину... („Известия").

[אָפּ דעם אַלרוסישן געאָלאָגן-צונויפּפאָר איז ארויסגעטרעטן דער אקאַדעמיקער פ., וועלכער האָט אָפּגעמאָלט אַן אַלגעמיין בילד...].

פּאַרשטייט זיך אויך, אַז אין רוסיש איז דאָס לאַכלוטן נישט בעסער ווי אין יידיש. ס׳קומט אויס, אַז דאָס וויכטיקסטע איז דאָ ניט, וואָס דער ריכטער, דער אקאַדעמיקער האָט געזאָגט, געמאָלט; — וויכטיק איז, וואָס ער איז ארויסגעטרעטן. דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, איז דאָ געגעבן אין דער פּאָרמע פון א סימען צום ריכטער, אקאַדעמיקער, עפּעס ווי א בײַלאַגע צו זײַן „ארויסטרעטן״, בעיס בעעצעם איז דאָס „ארויסטרעטן״ א טיפּישע צײַטונג־„פיגור״, און ווען מע זאָל דאָס ארויס־וואַרפן גאָר פון דער פּראַזע, וואָלטן מיר אַפילע נישט געפילט, אַז עפּעס פעלט דאָ.

די רוסישע פּרעסע האָט שוין דאָ א „טראַדיציע״; דעם פּאַלשן בײַזאַץ האָט מען איבערגענומען בײַרושע פון דער אַלטער בירגערלעך־ליבעראַלער צײַטונג; אשטייגער:

9) Затем на восточном берегу Адриатики высадились итальянцы, захватившие Валону, этот ключ к Адриатическому морю, о котором они давно мечтали, и прочно утвердившиеся в Валонском районе („Русские ведомости". 1915 г.)[6].

---

6) איך ציטיר פון פּעשקאָווסקיס Сборник статей, ז. 148.

[דערנאָך האָבנ זיך אפּנ מיזרעך־ברעג אדריִאטיקע ארויסגעזעצט די איטאַליענער, וועלכע האָבנ פאַרכאַפּט וואלאָנע, — דעם שליסל צום אדריִאטישנ יאַם, וואָס פונ אים האָבנ זיי שוינ לאַנג געטרוימט, אונ וועלכע האָבנ זיך פעסט באַהויפּט אינ וואלאָנער ראַיאָנ].

אינ דעמדאָזיקנ מוסטער זעענ מיר, אגעוו, נאָך בוילעטער, ווי אינ 8, די גאָרע לעפּישקייט פונעם פאַלשנ בײַזאַצ. מיר האָבנ דאָ דרײַ אקציִעס פונ די איטאַליענער: א) זיי האָבנ זיך ארויסגעזעצט, ב) פאַרכאַפּט אונ ג) זיך באַהויפּט. וואָלט, דוכט זיך, דאָס נאַטירלעכסטע געווענ צו קאָאָרדינירנ די געהעריקע וואָרט־גרופּעס. יעדע אקציע וואָלט דאַנ געקריגנ איר פולווערטיקייט אונ וואָלט דערלאַנגט צו אונדזער באַוווּסט דירעקט ווי אַנ אקציע. אָנשטאָט דעם האָבנ מיר דאָ אַזאַ סיטואַציע: די אקציע איז, — וואָס די איטאַליענער האָבנ זיך ארויסגעזעצט אפּ דעם ברעג אדריִאטיקע; דאָס איבעריקע (פאַרכאַפּט, זיך באַהויפּט, — ד. ה. פאַקטיש דער איקער), — דאָס, איז געגעבנ, ווי א סימענ צו די איטאַליענער: ארויסגעזעצט האָבנ זיך דיזעלבע איטאַליענער, וואָס האָבנ (פריִער) פאַרכאַפּט, זיך באַהויפּט, — נישט קיינ אַנדערע.

נישט בעסער, — אויב ניט ערגער, — איז אַזאַ פראַזע (אינ דער צײַטונג איז דאָס גענוי קאָפּירט פונ רוסיש):

10) הײַנט האָט דער כ׳ ליטווינאָוו געשמועסט צוויי שאָ מיטנ טערקישנ אויסערנ־מיניסטער טעוופיק־רושדי־ביי, וועלכער אָרדנט אײַנ אינאָוונט א מיטאָג לעקאָוועד דער סאָוועטישער דעלעגאַציע (צ.).

דער בײַזאַצ („וועלכער אָרדנט אײַנ" א. אז. וו.) מאַכט דעם אײַנדרוק, פּונקט ווי דאָס אײַנאָרדענענ א מיטאָג וואָלט געווענ א וויכטיקער סימענ פאַר דעם טערקישנ אויסער־מיניסטער, אָדער א וויכטיקע מיסיע זײַנע.

איז ווייסנ מיר דעם קוואל [7]).

---

7) פאַרשטייט זיך, אַז דידאָזיקע קאָנסטרוקציע טרעפט מענ נישט בלויז אינ רוסיש; זי איז באַקאַנט אינ דײַטש אויך, א שטייגער.

a) Vor allen Dingen aber fürchtet man hier für das Leben der in Kabul wohnenden Russen und Türken, die als Befurworter der radikalen religiösen und anderen Reformen in Aphganistan gelten (Berliner Tageblatt).

אינ דעם בײַזאַצ, וואָס הויבט זיך אָנ מיט die als, איז מענ נישט אויסנ צו געבנ קיינ סימענ, וואָסערע רוסנ אונ טערקנ מע מיינט דאָ; מע מיינט דאָ אלע רוסנ אונ טערקנ, אונ מע וויל דאָ דערקלערנ, פאַרוואָס מע האָט מוירע פאַר זייער לעבנ: ווײַל זיי (da diese) גילטנ פאַר... (זע, אגעוו, וועגנ דעם טיפּ בײַזאַצ באַ... Paul. Prinzipien ז. 297—298).

אָבער די ווירקונג פונ דײַטש, ספּעציִעל פונ דער דײַטשישער פּרעסע, איז אפּ יִידישע פּובליציסטנ אינ ראַטנפאַרבאַנד זייער קליינ. די דײַטשישע פּובליציסטיק, לויט מײַנ אײַנדרוק נאָך, האָט אויך נישט אַזויפיל דעם טיפּ בײַזאַצ ווי די רוסישע (זע ווײַטער).

ספּעציִעל אנקעגנ אונדזער טיפּ 7, 8 (זע ז. 128) קענ מענ טרעפנ אינ דער דײַטשישער פּרעסע (אינ דעמזעלבנ „בערלינער טאַגעבלאַט") אויך:

b) Das wort nahm hierauf Jnstizminister dr.Schmidt. Er wies darauf hin, dass...

נישט: Dr. Schmidt, der... ד. ה. נישט דאַפקע מיט קיינ בײַזאַצ. אינ אונדזער רוסישער אונ יִידישער פּרעסע איז דאָ די קאָנסטרוקציִע מיט א בײַזאַצ (מיט который, „וועלכער") קימאַט א קלאַל.

כ׳ מ. ווינער (קיִעוו) מאַכט מיך אופמערקזאַם, אַז די קאָנסטרוקציִע מיט א בײַזאַצ איז אינ אַזוינע פאַלנ זייער אָנגענומענ אינ פראַנצויזיש אונ אינ ענגליש אויך. וואָס איז שײַך דער דײַטשישער פּרעסע, — איז דאָ די פּראַקטיק, — לויט זײַנע באַאַכטונגענ נאָך, — צומייסטנס אַזוי: קאָאָרדינאַציִע קענ מענ טרעפנ אינ א לייטאַרטיקל, אינ אַנ ערנסטער אָפּהאַנדלונג, אנקעגנ אינ א כראָניקאַלישער נאָטיצ, ווענ ס׳גייט אינ גיך אונ געפּרעסט צו רעפערירנ, אינפאָרמירנ וועגנ עפּעס, ניצט מענ אָפטער סובאָרדינאַציִע.

צומיינסטנ זענ מיר טאקע די פאלשע בײַזאצנ באמ איבערזעצנ פונ רוסישנ טעקסט:

11) דער נײַער וואָלינער וואָיעוואָדע יוזעפסקי האָט אינ א רעדע געזאָגט: דער אוקרײַנער, וועלכער העלפט דער פויליש-אוקרײַנישער דערנעענטערונג אפ וואָלינ, געפינט זיכ ניט אינ קיינ קעגנזאצ מיט דער אידייע פונ אוקרײַנישער אומאָפּהענגיקייט 8), וואָס געפינט זיכ אינ שכיינעס מיט דערדאָזיקער טעריטאָריע. דאָס האָט גוט פארשטאנענ פּעטליורע, וועלכער האָט געוווּסט, אז עס עקזיסטירט א גוואלטיקער אונטערשייד צווישנ די באציִונגענ „מאָסקווע—קיִעוו” אונ „קיִעוו—ווארשע” (צ.).

דאָס (א דעפּעש) איז גענומענ פונ רוסישנ:

11א),.. Это хорошо понимал Петлюра, который знал, что есть громадная разница во взаимоотношениях „Москва—Киев" и „Киев—Варшава".

ס'לוינט זיכ אביסל צו פארהאלטנ בא דערדאָזיקער פראזע. לאָמיר זי פארגלײַכנ מיט אזא קאָנסטרוקציע:

12) אינ ניו-יאָרק איז געשטאָרבנ... דער ייִדישער זשורנאליסט לעאָנ עלבע (ל. באסינ). עלבע איז געווענ אנ אקטיווער מיטארבעטער פונ דער אמעריקאנישער ייִדישער פּרעסע פאר די לעצטע 20 יאָר. אכוץ זײַנ זשורנאליסטישער ארבעט, האָט עלבע אויכ פארעפנטלעכט א גאנצע ריי קינדער-דערציילונגענ... (צ.

דאָס איז איינער א זעלטענער צופאל, ווענ מע האָט נישט מוירע געהאט איבער־צוכאזערנ דרײַ מאָל דעמ נאָמענ עלבע, אונ מאכנ דרײַ זעלבשטענדיקע זאצנ; מע איז בײַגעקומענ דעמ ניסאָיענ צו שרײַבנ, ווי געוויינטלעכ:

12a) ... געשטאָרבנ ... לעאָנ עלבע, וועלכער איז געווענ אנ אקטיווער מיטארבעטער... אונ וועלכער האָט, אכוץ זשורנאליסטישער ארבעט, פארעפנטלעכט אויכ...

פארגלײַכנ מיר אָבער די קאָנסטרוקציע 12 מיט די בײַשפּילנ 11 אונ 12a, אזוי ווערט קלאָר, אז 12 האָט אינ זיכ מער אויסדריק־קראפט איידער די לעצטע צוויי פראזעס. עלבעס לעבנסארבעט באווײַזט זיכ דאָ בוילעטער. לאָמיר זיכ נאָכ צוקוקנ צו אזוינע צוויי קאָנסטרוקציִעס, וואָס דערציילנ איינ זאכ:

13) На происходящем великом хурулдане с подробным докладом выступил председатель прав-ва Амор. Амор в докладе указал на общность политических задач Монголии и СССР и на братскую помощь СССР в деле некапиталистическаго развития Монголии.

דאָסזעלבע אינ א ייִדישער צײַטונג:

13a) דער פּאָרזיצער פונ דער מאָנגאָלישער רעגירונג אמאָר איז ארויסגעטראָטנ אינעמ גרויסנ כורול־דאנ (פאָלקס־פארטרעטונג) מיט א פּאָרטראג, אינ וועלכנ ער האָט אָנגעוויזנ אפ די געמיינ־זאמקייט פונ די פּאָליטישע אופגאבנ פונ מאָנגאָליע אונ פונ פססר אונ אפ דער ברידערלעכער הילפ, וואָס מאָנגאָליע האָט באקומענ פונ פססר אינ איר ניט-קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג (צ.).

דער ייִדישער איבערזעצער האָט באוויזנ א קונצ צו מאכנ פונ דעמ צווייטנ זעלבשטענדיקנ זאצ אינ רוסישנ טעקסט (Амор в докладе...) א בײַזאצ, א סימענ צומ „פּאָרטראָג”. ס'איז נישט שווער צו זענ, וואָסער קאָנסטרוקציע איז עפעקטער, אגעוו, לײַכטער אונ קלאָרער אויכ.

ליידער, איז אָבער דער טיפּ 12 אונ 13, ווי געזאָגט, א זעלטענער גאסט אינ

8) „אוקרײַנישער אומאָפּהענגיקייט” איז דאָ געמיינט независимость Украины פונעמ רוסישנ טעקסט: די אומאָפּהענגיקייט פונ אוקרײַנע. עפּשער האָט מענ זיכ דאָ אזוי אומבאהאָלפנ אויסגעדריקט דערפאר, וואָס מע האָט געוואָלט אויסמײַדנ צוויי מאָל „פונ” איינס נאָכנ אנדערנ?

אונדזער גרויסער פרעסע, אונ דער קלאל איז דער טיפ 7, 8, 11 א. ד. גל.,—דער צײַטונג־שאבלאָנ מיטנ פאלשנ „ועלכער“. דערדאָזיקער „װעלכער“, דער אוניװערסאלער גראמאטישער „אָרגאניזאטער“ פונ א פראזע, שטעלט זיכ אוועק אָנשטאָט יעדער אײגנ־נאָמענ, אָנשטאָט יעדער זאכוואָרט. ד. ה. אָנשטאָט איבערצוכאזערנ דעמ אייגננאָמענ, דאָס זאכוואָרט (אשטייגער, ווי אינ פראזע 12), אונ דערמיט גופע פארהאלטנ דערבײַ דעמ לייענערס אופמערקזאמקייט,—שטעלט מענ אינ בײַזאצ אנ אבסטראקטנ סימענ („וועלכער“) אפ מענטשנ, זאכנ א. אז. וו., אונ זוכנ דארפ מענ זיי אינ הויפטזאצ. דאָס טויט אָפּ, פארשלינגט,—סײַ מיטנ שאבלאָנ, סײַ, נאָכמער, מיט דער פאלשער קאָנסטרוקציע,—די אקציע, דעמ צושטאנד, וואָס איז באשריבנ אינ בײַזאצ. דער גראמאטישער „אָרגאניזאטער“ („וועלכער“) פירט נאָכ זיכ געפּענטעטע, פאר־שלעפּערטע ווערטער; ער דעזאָרגאניזירט אונדזערע פאָרשטעלונגענ, נישט ער אָרגאניזירט זיי. קאָנסטרוקטיוו הייסט דאָס נאָכ: אָנשטאָט צו עפענענ אונדז א טיר אינ א שכיינעסדיקנ רוימ ארײַנ,—הייסט מענ אונדז קריכנ אפ א טרעפּ אינ א צווייטנ גאָרנ ארופ, אמאָל נאָכ אינ א דריטנ (זע פראזע 15).

דער פאלשער בײַזאצ ברענגט אונדז נישט בלויז א סימענ אָנשטאָט אנ אקציע, אָדער א צושטאנד;—ער פארמאָגט נאָכ אנדערע מײַלעס,—ער ווײַזט אונדז, אשטיי־גער, א טייל אָנשטאָט דער גאנצער זאכ:

14) אינ סמאָלענסק זײַנענ פאראנ ביז 13 טויזנט יידישע האָרעפאשניקעס... וואָס נויטיקנ זיכ אינ א סיסטעמאטישער... פאָליטופּקלער-ארבעט (צ.).

מע קענ מיינענ, אז 13 טויזנט,—דאָס איז בלויז די צאָל (דער טייל) האָרע־פאשניקעס אינ סמאָלענסק, וואָס נויטיקנ זיכ אינ א פאָליטופקלער־ארבעט; אנדערע טויזנטער אינ זעלבנ סמאָלענסק נויטיקנ זיכ אינ אזא ארבעט נישט. בעעמעס מיינט דער אווטער צו זאָגנ 2 זאכנ: א) אינ סמאָלענסק איז די צאָל האָרעפאשניקעס ביכ־לאל בא 13 טויזנט [9]; ב) אלע נויטיקנ זיי זיך אינ אנ אופקלער־ארבעט. דעמ פלאָנטער איז גרינג אויסצומײַדנ, ווענ דער אווטאָר זאָל זאָגנ... „אונ זיי אָנשטאָט „וואָס“. דער „וואָס“ (אָדער „וועלכער“ אינ אזוינע פאלנ) שלעפּט זיכ אָבער נאָכ. „וועלכער“ ברענגט צו די לעפּישסטע קאָמבינאציִעס, צו קוריאָזנ:

*15) ווענ דער קוורע־מאנ האָט געמאכט א ליארעמ, איז אָנגעלאָפנ דער וואכ־פאָליציִאנט, וועלכער האָט באמערקט איבער די קוואָרימ ארומשפאצירנדיק א קריסטלעכ יינגל, וועלכנ ער האָט נאָכ דעמ לעגיטימירנ באפרײַט (צ.).

לויט דעמ צײַט־סיידער, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר אזא ריי זאצנ (זע פריִער, ז. 124), דארפ דאָס הייסנ אזוי:

א) דער פאָליציִאנט האָט נאָכנ לעגיטימירנ באפרײַט א קריסטלעכ יינגל;

ב) דערנאָכ האָט ער געזעענ דאָסדאָזיקע (זעט אויס,—פארדעכטיק) יינגל ארומ־שפאצירנ איבער די קוואָרימ;

ג) דערנאָכ איז ער אָנגעלאָפנ אפנ קוורע־מאנס ליארעמ.

דארפ מענ דענ דערציילנ, אז די דרײַ אקציִעס זײַנענ פאָרגעקומענ פּונקט

9) אינ א צײַט ארומ, נאָכדעמ ווי דאָס איז שוינ געדרוקט געווענ אינ דער „ייִד. שפראכ“, האָב איכ געטראָפנ אינ דערזעלבער צײַטונג, וואָס פונ דאָרט ברענג איכ נומ. 14, אזא נאָטיצ:
„אינ סמאָלענסק זײַנענ פאראנ 4 גרעסערע נאצמינדערהײַטנ: יידנ—קאָרעוו 13 טויזנט...“

פארקערט, ווי דאָס איז דאָ געמאָלט (אניט איז די גאנצע פראזע אַן אומזין), און אַז שולדיק איז דאָ די וויסטע קאָנסטרוקציע?

16) עס איז נויטיק אונטערצושטרײַכן, אַז דעמדאָזיקן וווּקס איז אין אונדזער אונטערנעמונג געלונגען אײַנצוהאַלטן טראָץ דעם שטאַרקן קריזיס אין דער פּאָליגראַפישער אינדוסטריע, ווען אין באַ אונדז מיטן אויסנאַם פון אַ גאַנץ קלײנער פאַרקירצונג זײער ניט ליקווידירט געוואָרן (צ.).

וואָס איז דאָס פאַר אַ „שטאַרקער קריזיס", וואָס מע האָט אים אַזוי גרינג און גיך ליקווידירט? און ווי אַזוי ליקווידירט מען דאָס אין איין אונטערנעמונג אַ קריזיס פון דער גאַנצער אינדוסטריע? דער טערעץ איז: „ווען" שטייט דאָ אין וועג. דער אַוטער האָט דאָ געמיינט: „באַ אונדז איז דער קריזיס" אַ. אַז. וו. (אָנשטאָט: „ווען איז באַ אונדז").

גוטס און שלעכטס באַנאַנד:

*17) איבער ווענעציע האָט געבושעוועט אַ שרעקלעכער שטורעמווינט... פון אַ שפּיטאָל איז אַראָפּגעריסן געוואָרן דער דאַך, אונטער ווען עס זײַנען באַגראָבן געוואָרן 2 קראַנקע (צ.)

מע קען מיינען, אַז מיטן צווייטן זאַץ אין דער פראַזע איז דער אַוטער אויסן צו באַשרײַבן דעם דאַך פון דעם ערשטן זאַץ; ס'איז ניט קיין דאַך, — ס'איז אַ דאַך עפּעס אַ מין ריזיקע מאַציייווע (אונטער אים זײַנען באַגראָבן 2 קראַנקע). דער גאַנצער עפעקט פונעם שטורעם איז, — וואָס ער האָט אַראָפּגעריסן דעמדאָזיקן וווּנדערלעכן דאַך.

בעעמעס מיינט ער דאָסזעלבע, וואָס דער אַוטער פון אַן אַנדער נאָטיץ אין אַ צווייטער צײַטונג:

*18) אין ניו-יאָרק זײַנען באַקומען געוואָרן ידיעות, אַז אין איין אָרט האָט דער שטורעמווינט אײַנגעוואָרפן אַ שול-געבײַדע. אונטער די כורוועס פון דער שול זײַנען באַגראָבן געוואָרן 40 קינדער (צ.)

אָבער פון דערזעלבער צײַטונג (וואָס ברענגט 18) איז גענומען די אומגעלומפּערטע פראַזע 15 (זע פריִער).

איין קאָמפּענסאַציע האָט זיך דער אַוטער פון דער לעצטער נאָטיץ דאָך גענומען: ער האָט נישט איבערגעכאַזערט דאָס וואָרט „שול־געבײַדע", וואָרעם אַף דעם, אַף איבערכאַזערן, איז פאַראַן אַ מין כיירעם פון דער גימנאַזיסטישער „סטיליסטיק". איינער דערציילט:

19) די שטאָט פאַרמאָגט אויך אַ גרויסן פּאַרק פון געוועזענעם פירשט פּאַסקעוויטש (אַגעוו, איינער פון די שענסטע פּאַרקן אין מײַרעווידיקן קאַנט). דער פּאַרק ווערט זומער-צײַט זייער פיל באַזוכט פון דער באַפעלקערונג (זש.).

איז דאָך גוט? שרײַבט דערזעלבער אַוטער אין דערזעלבער נאָטיץ האַרט פריִער פאַר 19:

20) אַרום שטאָט ציִען זיך אויך גרויסע פעלדער. און אַף אַ מעהאַלעך פון פיר וויאָרסט געפינט זיך אַ גרויסער וואַלד, ווען ווערט זומער שטאַרק אויסגעניצט צוליב זומער-וווינונגען (דאָרט).

פרעגט זיך: פאַרוואָס האָט דער פּאַרק באַם שרײַבער מער מאַזל פאַר דעם וואַלד? פאַרוואָס בינדט ער דעם פּאַרק נישט אָן דעם סימען, אַז די באַפעלקערונג ציט צו אים זומער, און דעם וואַלד יאָ? ווײַל באַם פּאַרק האָט ער קיין ברײרע נישט געהאַט: דער ערשטער זאַץ לאָזט זיך דאָרט אויס מיטן וואָרט „פּאַסקעוויטש" און מיט

באמערק־ווערטער אין קלאמערן. „וועלכער“ וואָלט דאָ ניט אזוי גלאט געוויזן אפן פארק. באם „וואלד“ איז ער פריַ; דער ערשטער זאצ אין דער פראזע לאָזט זיך דאָ אויס מיט דעם וואָרט „וואלד“, איז לאָזט דער שריַיבער נישט דורכ די געלעגנהיַיט צו שריַיבן „ליטערעריש“.

א צווייטער שריַיבט נאָכאנאנד אין איין גאָס:

21) דעם אָונט האָט געעפנט דער נאצמינר כ׳ ז., וועלכער האָט אין אלגעמיינע שטריכן געשילדערט די ערשטע טריט פון דער ארבעט אין ביראָ־בידזשאן.

מיט געשפאנטן אינטערעס האָט דער אוילעם אויסגעהערט די פּאָשעטע און ניט געקינסטלטע דערציילונג פונעם איבערוואנדרער.

ער האָט דערציילט סיַי וועגן דער ריַיזע, סיַי וועגן דער לאגע... (צ.).

דער עפעקט פון „ער האָט דערציילט“ אנקעגן דעם וואסערדיקן שאבלאָן „וועלכער האָט געשילדערט“ איז גענוג בוילעט, און דאָס שריַיבט איינ האנט אין איינע 5 מינוט! נאָכ עפעקטער וואָלט געווען איבערצוכאזערן: דער איבערוואנדערער (האָט דערציילט), אָבער דאָס וואָלט שוין געהייסן צופיל פארלאנגט.

צו וואָסערע קונצשטיק מע קומט אָן אבי אויסצוהאלטן ליטערארישקייט:

22) Одновременно „Берлинер Тагеблат“ печатает статью члена англий ской палаты общин Кенворти (член рабочей партии), который указы вает, что, если Англия пытается создать союз, направленный против Америки, то... (.צ).

[גלײַכציַיטיק דרוקט „בערלינער טאגעבלאט“ אן ארטיקל פונעם מיטגליד פון דער ענגלישער אונטער־שטער קאמער קענוואָרטי (מיטגליד פון דער ארבעטער־פארטיי), וועלכער ווייַזט, אז אויב ענגלאנד פרווט צו שאפן א בונד קעגן אמעריקע, איז...].

וואָס האָט דער שריַיבער אָפּגעטון? ער רעדט אין אָנהויב פון קענוואָרטיס אן ארטיקל (אין בערל. טאגעבלאט). אינעם דאָזיקן ארטיקל שטייט דאָס אלצ, וואָס ער טשעפּעט שפּעטער אָן דירעקט קענוואָרטי׳ן. בעעצעם וואָלט ער, אפ דעם שאבלאָן־שטייגער, באדארפט זאָגן: [אָן ארטיקל, статью, в которой указывается אין וועלכן ס׳ווערט אָנגעוויזן]. נאָר אזוי ווי לויט דער רוסישער וואָרט־שטעלונג נאָכ, מוז ער Кенворти [קענוואָרטי], מיט זיַין דריַיגאָרנדיקן טיטל אין פיר געניטיוון, שטעלן שפּעטער, נאָכ דעם וואָרט статья (ארטיקל), נישט פריִער, און דאָ איז נאָכ פאראן דאָס וואָרט партии (פארטיי) אויכ, איז שוין בעכיינ נישט באַ־קוועם צו שריַיבן в которой. גיט ער זיך אן אייצע און בײַט דעם אָביעקט: קלאָמערשט איז ער שוין איצט אויסן קענוואָרטי׳ן, ניט יענעמס ארטיקל; און דאָס, וואָס ס׳שטייט אין קענוואָרטי׳ס ארטיקל, באוויַיזט זיכ שוין איצט ווי א סימען פאר קענוואָרטי׳ן, לויט דעם באקאנטן שאבלאָן.

שטעלן נאָכן וואָרט партии א פינטל און אָנהויבן א ניַיעם זאצ (איבערכאזערן!) [אין ארטיקל איז אָנגעוויזן, אז], В статье указывается, что —

דאָס זעט אויס, ניקער, דעם שריַיבער צו פּראָסט.

מע וואָלט געקענט ברענגען נישט ווייניק אזוינע מערקווערדיקע פאלן צו וויַיזן, וווהין דער שאבלאָן „וועלכער“ פארפירט דעם שריַיבער; איכ מוז זיך אָבער צו־פרידנשטעלן מיטן מינימום. איז דאָס לעצטע פאר דער איצטיקער גרופּע:

23*) אינגיכן קומט צו פֿאָרן קיין ווין ארן ליבערמאן... און צוזאמען מיט ל. צוקערמאנען הויבן זיי אָן ארויסצוגעבן דעם ערשטן סאָציאַליסטישן אָרגאן אין העברעיִש, דעם „האמת״. צוקערמאן האָט אליין אויסגעזעצט דעם „האמת״, פון וועלכן ע ס ז ײ ַנ ע ן א ר ו י ס ד ר ײ ַ נ ו מ ע ר ן (צ.).

וואָס איז דאָ דער אווטער אויסן? ער וויל דערציילן דרײַ פאקטן: א) ליבערמאן קומט קיין ווין און הויבט אָן, צוזאמען מיט צוקערמאנען, ארויסצוגעבן דעם „האמת״; ב) צוקערמאן איז געווען דער זעצער אין „האמת״; ג) פונעם „האמת״ איז ארויס סאכאקל דרײַ נומערן. וואָסערע לאָגישע פארבינדונג איז דאָ פאראן צווישן די דרײַ פאקטן? האָט אָבער דער אווטער מוירע פאר א דריטן זעלבשטענדיקן זאץ, ס׳זאָל אים נישט אויסקומען איבערצוכאזערן נאָכאמאָל דאָס וואָרט „האמת״, און ער כאפט זיך נישט אפ קיין אנדער אויסוועג (אשטייגער: „ פ ו נ ע ם ז ש ו ר נ א ל ז ײ ַ נ ע ן ארויס דרײַ נומערן״), זוכט עפשער גאָר נישט קיין אנדער אויסוועג, וואָרעם דער וועג מיט „וועלכער״ איז שוין אויסגעטראָטן. שפאנט ער צו דעם דריטן פאקט צום צווייטן ווי א צוטשעפעניש, ווי א סימען צו דעם „האמת״, וואָס צוקערמאן פלעגט זעצן, פונקט ווי דער פאקט גופע (פונעם „האמת״ איז ארויס א באשטימטע צאָל נומערן) האָט אליין פאר זיך קיין אינטערעס, קיין ווערט נישט. פארשטייט זיך, אז צווישן צוקערמאנס זעצער־ארבעט און דער צאָל ארויסגעגאנגענע נומערן איז קיין שום פארבינדונג נישט פאראַן. די פארבינדונג איז דאָ א גראמאטיש־מעכאנישע. דער שרײַבער וואָלט געקענט צוטשעפּן דעם פאקט צו יעדער אנדער געלעגנהייט, ווען ער דערמאָנט דעם „האמת״, אשטייגער[10]:

a23) ...דעריבער איז איצט שווער פעסטצושטעלן, וואָס צוקערמאן האָט געדרוקט אין „האמת״, פ ו ן ו ו ע ל כ ן ע ס ז ײ ַ נ ע ן א ר ו י ס ד ר ײ ַ נ ו מ ע ר ן.

א. אז. וו. ס׳איז נישטאָ אין ארטיקל די צופעליקייט, וואָס צו איר זאָל מען נישט קענען צוטשעפּן קאָנטראבאנד, דורך א בײַזאצ, דעם פאקט, אז פון „האמת״ זײַנען ארויס דרײַ נומערן (און די אלע קאָנסטרוקציִעס וועלן האָבן איין ווערט; וואָרעם אין אלע פאלן איז דאָס סטיליסטישע קאָנטראבאנד); מע דארף האָבן דערצו בלויז איין זאך, — אז דער זאצ זאָל זיך אויסלאָזן מיטן וואָרט „האמת״, מע זאָל קענען צוטשעפּען צו אים דעם בײַזאצ. וואָרעם ארום און ארום איז דאָס פארן שרײַבער נישט מער ווי א פאפירענע זאך: מ ע ה ע ר ט ז י ך נ י ש ט צ ו צו ווערטער און ווערטער־פארבינדונגען; מ ע ז ע ט ז י י נאָר אפן פאפיר; און דער שאבלאָן פארשפאָרט שוין אָפּטמאָל דעם שרײַבער די מי צו דענקען.

B. איך גיי איבער צו א פּראט־פאל אין קאָאָרדינאציע, צ ו א נ ק ע ג נ־ ש ט ע ל ו נ ג.

לאָמיר זיך צוקוקן צו אזא זאצ:

24) אין רעזולטאט איז פון 18 יאטן געבליבן 7, וועלכע ה אָ ב ן ז י ך א ו י ס ג ע ל ע ר נ ט א ר־ ב ע ט ן נ אָ כ ד י ק ו ר ס ן, ווען זיי זײַנען שוין געווען באם ווארשטאט (צ.).

דאָ איז דערציילט דער רעזולטאט פון נישט־געראָטענע ארבעט־קורסן. לויט דער גאנצער סיטואציע נאָך איז קלאָר, אז דאָ האָבן מיר אן אנקעגנשטעלונג. ד. ה.

a24) אין רעזולטאט איז פון 18 יאטן געבליבן 7, אָבער (נאָר) די (זיי) האָבן זיך אויך אויסגע־לערנט ארבעטן ערשט נאָך די קורסן... שוין... באם ווארשטאט.

---

10) איך ציטיר דאָ ווײַטער א זאצ פונעם זעלבן אווטערס ארטיקל, איך גיב דאָ בלויז צו דעם בײַזאצ: „פון וועלכן עס זײַנען ארויס דרײַ נומערן״.

אָדער: „אונ די (זיי) האָבנ זיכ אויכ” א. אז. וו. אָנשטאָט אזא אָפענער אנקעגנשטעלונג, וואָס זאָל שארפ אופדעקנ די דעפעקטנ פונ די קורסנ, דעמ קאָנ־טראסט פונ דעמ צוועק אונ דעמ רעזולטאט, דעמ קאָנטראסט פונ דער קורסנ־לער אונ דער ווארשטאט־לער — (אונ דאָס איז דאָכ אויסנ דער שרײַבער פונ דער נאָטיצ!), — אָנ־שטאָט דעמ האָבנ מיר א בלאסנ שאָטנ, א ווײַטנ ווידערקלאנג פונ א אנקעגנשטעלונג, ווײַל געגעבנ איז דאָס ווי א ס י מ ע נ צו „7 יאטנ”, נישט אויסגעטיילט פאר זיכ.

פארשטייט זיכ אויכ, אז דער וועג ווײַזט דאָ, — ווי אינ אסאכ פאלנ, — דער רו־סישער מוסטער:

24א) Однажды будильник звонил целые полчаса над ухом спящаго, который проснулся только от крепкого товарищеского стука в бок...

[איינמאָל האָט דער וועקער געקלונגענ א גאנצע האלבע שאָ בא דעמ אויער פונעמ שלאָפער, וועלכער האָט זיכ אופגעכאפט ערשט פונ א שטארקנ כאווערשנ זעצ אינ דער זײַט].

געמיינט איז, פארשטייט זיכ:

24ב) [נ אָ ר אופגעכאפט האָט ער זיכ] но тот проснулся.

ענלעכ דערצו איז פראזע 6.

C. מיר האָבנ שוינ געזעענ אינ די פראזעס 3 אונ 3a, ווי אזוי מע שטעלט דעמ פאלשנ „וועלכער” אָנשטאָט „ווײַל”, „וואָרעמ” (אויכ א פאָרמע סובאָרדינאציע); מע גיט א סימענ, אָנשטאָט א סיבע, אָנשטאָט א דערקלערונג. צו וואָס אזא קונצ ברענגט אָפטמאָל, — דאָס קענענ מיר ארויסזענ, אשטייגער, פונ אזא פאל:

25) די נויטוועגדיקייט צו באהערשנ די אָרטיקע שפראכ פילנ באזונדער די שול-פיאָנערנ, וועלכע זײַנענ אמערסטנ פארבונדנ מיטנ אלגעמײנעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ (זש.).

אפנ ערשטנ קוק קענ דאָס הייסנ אזוי: ס׳זײַנענ פאראנ פ א ר ש י ד ע נ ע ג ר ו־פ ע ס שול־פיאָנערנ: איינע זײַנענ פארבונדנ מיטנ געזעלשאפטלעכנ לעבנ, אנדערע נישט. קענענ די אָרטיקע שפראכ דארפ נאָר די ערשטע גרופע.

בעעמעס מיינט דער שרײַבער, אז קענענ די אָרטיקע שפראכ דארפנ א ל ע פיאָנערנ. דאָס, וואָס ס׳שטייט אינ בײַזאצ, איז נישט קיינ סימענ פאר א געוויסער גרופע פיאָנערנ; — ס׳איז א ד ע ר ק ל ע ר ו נ ג, פארוואָס א ל ע דארפנ קענענ. דאָס הייסט:

25a) די נויטוועגדיקייט צי באהערשנ די אָרטיקע שפראכ פילנ באזונדער שול־פיאָנערנ, ווײַל זיי זײַנענ אמערסטנ פארבונדנ...

דערדאָזיקער טיפ פראזע (25) ווײַזט אונדז, קענ ווײַזנ, א ט ײ ל אָ נ ש ט אָ ט דאָ ס ג א נ צ ע; ענלעכס האָבנ מיר שוינ געזעענ פריִער בא דער פראזע 14.

„ווײַל” אונ „וועלכער” אינ איינ אָטעמ:

26) אינ דער ערשטער ריי דארפ די פאבריק וואָס גיכער באקומענ א פאסיקנ לאָקאל, ווײַל אזוי איז אבסאָליוט אוממעגלעכ צו פירנ אנ ארבעט. די פאבריק דארפ באקומענ די נויטיקע אויסשטאטונג...

אונ דעריקער באזאָרגנ די ארבעטער מיט א קלוב אָדער אפילע רויטנ ווינקל, אָנ וועלכנ עס איז אבסאָ־ליוט אומעגלעכ צו פירנ וועלכע ניט איז פאָליטופקלער-ארבעט (צ.).

פרעגט זיכ: אז מע קענ זאָגנ „ווײַל” אינ דער ערשטער פראזע, פארוואָס דארפ מענ האָבנ „אָנ וועלכנ” אינ דער צווייטער פראזע, גענוי אינ דערזעלבער פאָזיציע אפילע מיט דיזעלבע ווערטער?

D. „וועלכער" אַנשטאָט „אז".

*27) ווען דער כאַוער האָט געפאָדערט א באַוויַיז, האָט דער באַאַמטער אים באַוויזן אַן אָפיציעלן דאָקומענט פון דער רעגירונג, וועלכע פ א ר ב אָ ט  ד י  „פ ר ײַ ה י י ט" א י ן  ג א נ צ  ק א נ א ד ע...

כ' ז...האָט זיך גלײַך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אָטאַווא... אָבער דער איינציקער ענטפער, וואָס ער האָט דערוויַיל דערהאַלטן, איז אַן אָפיציעלע באַשטעטיקונג פון דער רעגירונג, אַז  ד י  צ ײַ ט ו נ ג  א י ז  פ א ר ח ע ר ט  ג ע ו ו אָ ר ן (צ.).

די צווייטע פראַזע איז עפּעס ווי מיט א קיוון געגעבן צו ווײַזן, ווי אַזוי מע דאַרף שרײַבן די ערשטע. דאָסזעלבע (דער פאַרבאָט פון דער רעגירונג), וואָס איז אין דער צווייטער פראַזע געגעבן ווי אַן א ק צ י ע פון דער רעגירונג, איז אין דער ערשטער געוויזן ווי א ס י מ ע ן פאַר דער רעגירונג. ס'איז ניט שווער צו זען, אָן קיין שום פּירושים, וואָסערע קאָנסטרוקציע איז נאַטירלעכער, איבערצײַגנדיקער.

E. „וועלכער" אַנשטאָט „פ א ר ו ו אָ ס".

*28) ה' ב. מאַכט פאָרוואָרפן די ייִדישע סיים-דעפּוטאַטן, וועלכע  ה אָ ב ן  נ י ש ט  ג ע ה א ל ט ן  פ א ר  נ ו י ט י ק  צ ו  ק ו מ ע ן  צ ו ם  צ ו ז א מ ע נ פ אָ ר (צ.).

אין דער איצטיקער קאָנסטרוקציע קען די פראַזע מאַכן דעם אײַנדרוק פון נישט פאַרענדיקט. ב. מאַכט פאָרוואָרפן א געוויסן טייל ייִדישע דעפּוטאַטן (די, וואָס זײַנען נישט געקומען צום צוזאַמענפאָר). וואָס־זשע זײַנען די פאָרוואָרפן גופא? לאָזט זיך אויס, אַז מע מיינט  א ל ע  דעפּוטאַטן, און דער פאָרוואָרף איז שוין דאָ פאַראַן גאַנץ קאָנקרעט; דער פאָרוואָרף איז,—וואָס זיי  ז ײַ נ ע ן  נ י ש ט  ג ע ק ו מ ע ן. געזאָגט איז דאָס אָבער אַזוי, פּונקט ווי מ'איז אויסן צו געבן א ס י מ ע ן, וואָסערע דעפּוטאַטן איז מען דאָ אויסן. מיינען מיינט דער שרײַבער:

a28) ב. מאַכט פאָרוואָרפן די ייִדישע סיים־דעפּוטאַטן, פאַרוואָס זיי האָבן נישט געהאַלטן פאַר בייטיק...

F. ס'איז  ב י כ ל א ל  א י ב ע ר י ק  א  ס פ ע צ י ע ל ע ר  ז א צ; מע קען אויסקומען מיט א זאַצגליד.

אַזוינס האָבן מיר שוין געזען בײַ דער פראַזע 2. לאָמיר זיך צוקוקן צו נאָך אַפּאָר פאַלן:

*29) און טאַקע אין א פּאָר שאָ אַרום האָט מען שוין געזען דײַטשע מיליטער-אָפּטיילונגען, וועלכע  ז ײַ נ ע ן  ג ע ג א נ ג ע ן  א י ן  א ט א ק ע (צ.).

דאָס הייסט:

a29) ... מיליטער-אָפּטיילונגען גייען אין אַטאַקע.

ערגער איז אַזאַ פאַל:

30) די לעצטע צײַט ווערט דורכן צ"ק... אַרויסגערוקט די פראַגע וועגן ספּעציעלע אָוונט-שולן בײַ אייניקע גרעסערע מעלוכע־אונטערנעמונגען, וועלכע  ש ט ע ל ן  ז י ך  פ א ר  א  צ י ל  מ י ט צ ו ה ע ל פ ן  ק ו ו א ל י פ י צ י ר ן  ד י  א ר ב ע ט ע ר - י ו ג נ ט (צ.).

די געוווינהייט צו בינדן זאַצן דאַפקע דורך „וועלכער" האָט געבראַכט דעם שרײַבער צו שטעלן דעם בײַזאַץ ניט אויף אַן אָרט און דערמיט צו דערלאָזן א פאַלשן אויסטײַטש. אין דער איצטיקער קאָנסטרוקציע קען דאָס הייסן, אַז  מ ע ל ו כ ע־א ו נ ט ע ר נ ע מ ו נ ג ע ן האָט דעם צוועק מיטצוהעלפן קוואַליפיצירן די יוגנט, נישט אָוונט־שולן, ווי דער שרײַבער וויל. מע קען אַזוינס אויסמײַדן, ווען מע זאָל שרײַבן:

a30) ... וועגן ספּעציעלע אָוונט-שולן בײַ אייניקע גרעסערע אונטערנעמונגען מיט דעם ציל מיטצוהעלפן קוואַליפיצירן די אַרבעטער־יוגנט.

## II. דער בײַזאצ מיט „וווּ“

ס'איז א געווײנלעכע זאכ צו טרעפנ איצט אינ דער פּרעסע אזא טיפּ פראזע:

31) קימאט 60 פּראָצענט פונ אלע ארבעטער זײַנען מיטגלידער פונעמ צענטראלנ ארבעטער-קלוב, **וווּ** זײ באזוכנ די אָוונטנ, לעקציִעס א. אז. וו. (צ.).

דער בײַזאצ מיט „וווּ“ קענ דאָ גילטנ אזוי גוט, ווי דער בײַזאצ מיט „וועלכער“. אָפּטמאָל טרעפנ מיר טאקע אינ אזוינע פאלנ דאָס בינדוואָרט „וועלכער“ אינ פארשידענע פאָרמעס אונ קאָמבינאציִעס, אשטײגער:

32) דאָ געפינט זיכ אויכ די 7-יאָריקע שול, **בא וועלכער** עס איז פאראנ אנ אינטערנאט פאר די קינדער פונ די ארומיקע דערפער (צ.).

אזא בײַס,—אמאָל „וווּ“, אמאָל „וועלכער“,—טרעפנ מיר בא אײנעמ אונ דעמ־זעלבנ שרײַבער, אינ אײנ זאצ אפילע:

33) אינ בריאנסקער גובערניע, **וווּ** עס איז פאראנ היפּש שטעט אונ שטעטלעכ, **אינ וועלכע** די קוסטארנ בילדנ דעמ הויפּטשיכט פונ דער האָרעפּאשנער באפעלקערונג, מוז דער קאָאָפּערירונג פונ דער קוסטארישער מאסע אָפּגעגעבנ ווערנ די גרעסטע אויפמערקזאמקײט (צ.).

אינ דער פראזע וואָלט זיכ גאָרנישט געענדערט, ווענ מע זאָל דעמ ערשטנ בײַזאצ אויכ אָנהויבנ מיט „אינ וועלכער“ (דאָ האָט מענ געוואָלט פּאָשעט אויסמײַדנ צוויי מאָל דאָסזעלבע בינדוואָרט); ווענ מע זאָל „וווּ“ אונ „אינ וועלכע(ר)“ בײַטנ מיט די ערטער. אונ פּונקט אזוי וואָלט דער אוטער פונ דער פראזע 31 געקענט שרײַבנ: „אינ וועלכנ“; פארקערט,—אינ 32 וואָלט מענ געקענט זאָגנ: „וווּ“.

מיר האָבנ שוינ פריִער געזעענ, אז נאָרמאל גילט דער בײַזאצ מיט „וועלכער“ פאר א ס י מ ע נ ־ ז א צ, פאר אנ אטריבוטיווע בײַזאצ, ווי ער הײסט אינ דער אלטער גראמאטיק, צו באסימענענ, כאראקטעריזירנ א זאכוואָרט־סוביעקט (אָדער אָביעקט) אינ הויפּטזאצ. דער בײַזאצ מיט „וווּ“ באסימענט ספּעציִעל א געוויס אָרט, אשטײגער:

34) אָט האָט מענ אינ פּראָסקוראָווער קרײַז געפונענ א באָמבע אינעמ אויוונ פונ דער געבײַדע, **וווּ** עס האָט באדארפט זײַנ א באריכט־פארזאמלונג פונ ראט (צ.).

ס'איז קלאָר: דער בײַזאצ מיט „וווּ“ באצײכנט דאָ, אינ 34, גיט אונדז א סימענ, וואָס פאר א געבײַדע איז מענ דאָ אויסנ. צי איז דאָס דערזעלבער פאל מיטנ בײַזאצ אינ דער פראזע 31?

אזא אײַנדרוק קענ מענ דאָ מאכנ. מיר האָבנ שוינ אָבער געזעענ, אז דעמ בײַזאצ מיט „וועלכער“ ניצט מענ אָפּטמאָל פאלש; מע ניצט אימ אָנשטאָט א קאָאָרדינירטנ זאצ (מיט „אונ“), אָנשטאָט א בײַזאצ מיט „אז“, „ווײַל“ א. אז. וו. מע קענ זיכ דעריבער פאָרויס ריכטנ, אז אזוינס קענ טרעפנ מיט דעמ „וווּ“־בײַזאצ אויכ, שוינ דערפאר, וואָס אָנשטאָט „וווּ“ קענ דאָ קומענ (אונ קומט אָפּטמאָ) דאָס בינדוואָרט „וועלכער“.

אינ דער פראזע 31 איז דער אוטער נישט אויסנ מיטנ בײַזאצ צו כאראקטעריזירנ דעמ קלוב פונעמ הויפּטזאצ,— ער וויל דאָ דערצײלנ צוויי זאכנ:

א) ארבעטער זײַנען מיטגלידער פונ א געוויסנ קלוב;
ב) זײ באזוכנ דאָ אָוונטנ, לעקציִעס.

קיין שום אינעווייניקסטער, פונקציאָנעלער פארבונד איז צווישן די צוויי זאצן געדאנקען נישט פאראן. דורך דעם בינדוואָרט „ווו" שאפט זיך אָבער, קען זיך שאפן, אזא פארבונד, פונקט ווי מיט דעם צווייטן זאץ (איצט: בייזאצ) איז מען אויסן צו כאראקטעריזירן, צו באסימענען דעם קלוב: ארבעטער זיינען מיטגלידער פון א ב א־שטימטן קלוב (פון דעם קלוב, ווו זיי באזוכן אָוונטן, לעקציעס), ניט פון סטאם עפעס א צענטראלן ארבעטער־קלוב. אזא סובאָרדינירן, אונטערוואָרפן דעם צווייטן זאץ אונטער דעם ערשטן, איז נאָך מער פאלש דערפאר, וואָס אייגנטלעך דער צווייטער איז דאָ דעם אוטער וויכטיקער פארן ערשטן. ס'איז אסאך וויכטיקער, וואָס ארבעטער באזוכן לעקציעס, אָוונטן (נישט, לאָמיר זאָגן, — קיין שענק), איידער וואָס זיי זיינען פאָרמעל פארשריבן פאר מיטגלידער אין קלוב.

איז נאטירלעך, אז די פאָרמעלע גראמאטישע קאָנסטרוקציע זאָל דאָ שטימען מיט דעם לאָגישן אינהאלט:

a31) קימאט 60 פראָצענט פון אלע ארבעטער זיינען מיטגלידער פונעם צענטראלן ארבעטער־קלוב און (זיי) באזוכן (דאָרט) אָוונטן, לעקציעס.

ד. ה.: מע דארף דאָ קאָאָרדינירן צוויי זעלבשטענדיקע זאצן. אָדער דאָסזעלבע נאָך לויזער:

b31) ...זיינען מיטגלידער פונעם... ארבעטער־קלוב; זיי באזוכן (דאָרט) אָוונטן, לעקציעס.

דאָסזעלבע, אגעוו, איז מיט דער פראזע 32 אויך. דער כילעק איז דאָ נאָר, וואָס דאָ איז דער גאנצער בייזאצ איבעריק. מע קען זאָגן דאָסזעלבע פאָשעטער, מיט א זאצגליד אָנשטאָט א בייזאצ:

a32) דאָ געפינט זיך אויך די 7־יאָריקע שול מיט א אינטערנאט פאר די קינדער...

ערגער איז מיט פראזע 33. ס'קען מאכן דעם איינדרוק, אז דער אוטער איז דאָ אויסן ארויסצוברענגען אזא געדאנק: אין בריאנסקער גובערניע איז ספּעציעל וויכטיק זיך שטארק אָפּצוגעבן מיט קאָאָפּערירן די קוסטארן. דעם מאָטיוו, — פארוואָס איז דאָס דאָ, אין דער גובערניע, אזוי וויכטיק, — גיט דער אוטער אָן אין די בייזאצן: דאָ איז פאראן אסאך שטעט און שטעטלעך מיט גרויסע קוסטארישע מאסן. קורץ, די פראזע קען מאכן דעם איינדרוק, ווי דער אוטער וואָלט געשריבן, אשטייגער, וועגן פינפיאָריקן ווירטשאפט־פּלאן פאר בריאנסקער גובערניע.

פאר דעם געדאנק וואָלט מער געפאסט אזא קאָנסטרוקציע:

a33) אין בריאנסקער גובערניע מוז דער קאָאָפּערירונג פון דער קוסטארישער מאסע אָפּגעגעבן ווערן די גרעסטע אופמערקזאמקייט, ווייל דאָ איז פאראן היפש שטעט און שטעטלעך, אין וועלכע די קוסטארן בילדן דעם הויפּטשיכט פון דער האָרעפּאשנער באפעלקערונג.

„ווייל" וואָלט דאָ געפאסט בעסער, ווי „ווו". ס'וואָלט אָבער אויך געווען נישט ריכטיק: דער אוטער רעדט דאָ נישט וועגן פינפיאָריקן פּלאן (ס'איז געשריבן אין מארט 1929) און איז נישט אויסן בריאנסקער גובערניע, ווי דאָס קען אויס־קומען לויט דער וואָרט־שטעלונג (א צווייטראנגיקער זאצגליד, — „אין בריאנסקער גובערניע", — איז געשטעלט אפן ערשטן אָרט, און ער איז נאָך באטאָנט מיט א סוב־אָרדינירטן בייזאצ). בעצעם איז דאָ דער אוטער אויסן דאָס איינאָרדנען די גרויסע מאסן קוסטארן אין א געוויס אָרט. דאָס, וואָס ער וויל דאָ זאָגן, איז בעערעך אזוי:

b33) אין אסאך שטעט און שטעטלעך אין בריאנסקער גובערניע בילדן די קוסטארן דעם הויפטשיכט פון דער האָרעפּאשנער באפעלקערונג, דעריבער מוז (דאָ) דער קאָאָפּערירונג פון דער קוסטארישער מאסע אָפּגעגעבן ווערן די גרעסטע אויפמערקזאמקייט.

אָדער, נאָך נעענטער צום טאָך:

c33) ... פון דער האָרעפּאשנער באפעלקערונג; דער קאָאָפּערירונג פון דערדאָזיקער קוסטארישער מאסע מוז אָפּגעגעבן ווערן...

דעם טיפּ בײַזאצ מיט „ווי" (און, פּאראלעל, מיט „וועלכער") טרעפן מיר אויך אין אזוינע פאלן, ווען דער בײַזאצ באסימענט פאָרמעל א געוויס צונויפקומעניש (קאָנפערענצ, באראטונג, זיצונג א. ד. גל.), נישט ספּעציעל קיין אָרט:

35) ס'איז צונויפגערופן געוואָרן אן אויסעראָרדענטלעכע ראיאָנע פּ א ר ט-ק אָ נ פ ע ר ע נ צ, ווו מע האָט אויסגעקליבן אינגאנצן א נײַעם באשטאנד פון רײַפּארקאָם (צ.).

און פּאראלעל:

36) „סאָציאַל-דעמאָקראטס" טיילט מיט, אז עס איז פּאָרגעקומען א געהיימע ז י צ ו נ ג פון דער לאטווישער רעגירונג, אף וועלכער דער אויסערן-מיניסטער באלאָדיס האָט געמאכט א פּאָרטראג וועגן די סאָוועטיש-לאטווישע באציִונגען (צ.).

דאָ האָבן מיר דיזעלבע לאָגיש־אינהאלטלעכע סיטואציע, וואָס אין די פּראזעס 31, 32. ס'וואָלט פּאסיקער געווען: און (אָנשטאָט „ווו") אין 35 און א ל ו י ז ע ק אָ אָ ר ד י נ א צ י ע אין 36:

a36) ... עס איז פּאָרגעקומען אָ געהיימע זיצונג פון דער לאטווישער רעגירונג. דער אויסערן-מי־ניסטער... האָט געמאכט א פּאָרטראג...

אזויווי מיר זעען דאָס צו אין אזא שטיק:

37) באם פּאָלקאָמאט פאר געזונט-אָפּהיטונג האָט זיך געעפנט די ערשטע אלוקרײַנישע ב א ר א ט ו נ ג איבער די פראגן וועגן קעמפן מיט די פּראָפעסיאָנעלע קראנקייטן. ע ס ז ײַ נ ע נ אויסגעהערט געוואָרן פּאָרטראָגן פון די דאָקטוירים אבראמאָוויטש און מארזייעוו. ד י פ אָ ר ט ר ע ג ע ר האָבן מיטגעטיילט אז... (צ.).

דאָ האָבן מיר א לויזע קאָאָרדינאציע,— א פּינטל צווישן דעם ערשטן זאצ און דעם צווייטן, אָנשטאָט סובאָרדינאציע מיט דעם שאבלאָניקן „ווו" (אָדער: „אף וועלכער"). דאָ איז, אגעוו, אויסגעמיטן נאָך א צווייטער שאבלאָן; ס'איז לויז קאָ־אָרדינירט דער דריטער זאצ אויך: א פּינטל נאָכן צווייטן זאצ, און „די פּאָרטרע־גער", אָנשטאָט א קאָמע מיטן שאבלאָן „וועלכע" דערנאָך. די שטיק איז דערפון פרײַער, לײַכטער געוואָרן, אזויווי געקריגן לופט ארום זיך.

קעדיי נאָך קלאָרער צו זען דעם אונטערשייד פון קאָאָרדינאציע אָדער לויזן באהעפט אנקעגן דעם „ווו"־שאבלאָן,— לאָמיר נאָך באטראכטן אזא זאצ:

38) מײַן גאנצ לעבן, דאָס הייסט ביז מײַן גרויסער נעסיִע, בין איך ניסגאדל געוואָרן אין טונעיא־רעווקע; דאָרט בין איך געבוירן געוואָרן; דאָרט בין איך דערצויגן געוואָרן און דאָרט האָב איך לעמאזל כאסענע געהאט (ממ"ס, „מאסאָעס" יובילײַ-אויסגאבע, 7).

לאָמיר אין דערדאָזיקער פּראזע, לויטן שאבלאָן נאָך (31, 33 א. אז. וו.), ארײַנ־שטעלן 3 מאָל וווּ און לאָמיר ז אָ ג נ בײדע זאצן (נישט בלויז לייענען מיטן אויג). מיר קריגן דעמלט נישט בלויז אן ערגערע סינטאקסישע קאָנסטרוקציע; — ס'גייט פּארלאָרן דער גאָרער עקספּרעסיווער עפעקט פון דער פּ ר א ז ע! דאָס קלאָר־באטײַטיקע וואָרט „דאָרט", 3 מאָל איבערגעכאזערט, גיט צו דער פּראזע אזא אויסדריקלעכקייט, אזא קראפט, וואָס ס'לאָזט זיך פאר קיין פאל

נישט ארויסקריגן פון דעם סימען־וואָרט „ווי״. „ווי״ איז דאָ מער אַן „אָרגאַניזאַטער״ פון דער פראַזע, אַ הענגער אָפּ אָנצוהענגען אָפּ אים דעם בײַזאַץ, איידער אַ באַטײַ־טיק וואָרט. „דאָרט״ טיילט אויס יעדן זאַץ פאַר זיך, דערלאַנגט דעם זאַץ קלאָר, פרײַ פון אונדזערע פאָרשטעלונגען; „ווי״ בינדט דעם זאַץ, וויקלט אים אַרום אַרום דעם הויפּטזאַץ, פאַרשאָטנט דעם זאַץ.

מיט „דאָרט״ איז דאָס אַ פראַזע פאַרן אויער, פאַר אינטאָנאַציע, פאַר אַ לעבעדיקער אוידיטאָריע. מיט „ווי״ איז דאָס אַ פראַזע פאַרן אויג, פאַרן לייענער, פאַרן גראַמאַטיש־געשולטן מענטשן.

דאָס איז נישט בלויז אין דעם פאַל. גאָר אָפט דערלאַנגט אונדז די פאַלשע קאָנ־סטרוקציע מיט „ווי״ (אַזוי ווי מיט „וועלכער״) אַן ערגערע סטיליסטישע קאָמבינאַציע.

צו וואָסערע מאָדנע סיטואַציעס ס׳ברענגט דער פאַלשער בײַזאַץ מיט „ווי״, — דאָס קען מען ארויסזען, אַ שטייגער, פון אַזאַ פראַזע:

39) דעם 29 אַפּרעל איז דער טעאַטער אָפּגעפאָרן קיין קיִעוו, ווו ער האָט אָנגעהויבן שפּילן דעם ערשטן מײַ (צ.).

שוין אויבנאויף, נישט אַרײַנגעטראַכט זיך פאַרוואָס, פילט מען עפּעס אַ מאָדנע אומבאַקוועמקייט, עפּעס אַן אומגעריכטקייט אין אַזאַ קאָמבינאַציע פון די דאַטעס אין די צוויי זאַצן אין דער פראַזע. פונוואַנען נעמט זיך דאָס?

מיר האָבן שוין געזען בײַ דעם פאַלשן בײַזאַץ מיט „וועלכער״ (№ 1—c1) אַ ספּעציִעלן דעפעקט: די פראַזעס, וואָס האָבן דעם פּרעדיקאַט אין דער פאַרגאַנ־גענהײַט סײַ אין הויפּטזאַץ, סײַ אין בײַזאַץ, גיבן אָפּטמאָל איבער דעם כראָנאָלאָ־גישן סיידער פון די אַקציעס אין ביידע זאַצן פונקט פאַרקערט ווי דער שרײַבער מיינט.

דאָסזעלבע מוז זײַן מיט דעם פאַלשן „ווי״־בײַזאַץ אויך — שוין דערפאַר, וואָס אָנשטאָט „ווי״ קען מען דאָ, ווי געזאָגט, שטעלן (און מע שטעלט) „וועלכער״ אויך. דעם ריכטיקן כראָנאָלאָגישן סיידער אין אַזאַ פראַזע קען מען דערקענען פון דער קעגנפראַבע, פון דעם נאָרמאַלן בײַזאַץ מיט „ווי״, — אַ שטייגער, אין דער פריִער־גע־בראַכטער פראַזע 34. ס׳איז קלאָר, אַז פריִער האָט מען געהאַט באַשטימט די באַריכט־פאַרזאַמלונג אין דער געבײַדע (די אַקציע אין בײַזאַץ), און דערנאָך האָט מען דאָרט געפונען אַ באָמבע (די אַקציע אין הויפּטזאַץ).

איצט קענען מיר שוין פאַרשטיין, פאַרוואָס ס׳זעט אונדז אויס אַזוי נישט־נאַ־טירלעך די פראַזע 39. די אַקציע אין בײַזאַץ איז דאָ בעפיירעש אָנגעגעבן שפּעטער פאַר דער אַקציע אין הויפּטזאַץ; קיינע איליוזיעס קען מען זיך דאָ נישט מאַכן, — דאָס לאָזן נישט די דאַטעס (דער 29/IV און דער 1/V). מיר זײַנען אָבער געוווינט אין אַזאַ קאָנסטרוקציע צו אַן אַנדער צײַט־סיידער, איז קלינגט אונדז די פראַזע שלעכט.

אַז דאָס איז דער דעפעקט, וואָס שטעקט אין דער פראַזע 39, — דאָס קענען מיר ארויסזען פון אַזאַ קעגנפראַבע:

a39) דער טעאַטער האָט אָנגעהויבן צו שפּילן דעם 1־טן מײַ אין קיִעוו, וווהין ער איז אָפּגעפאָרן דעם 29־טן אַפּרעל.

דאָ בלײַבט נאָך דער אַלגעמײנער דעפעקט פון דער אויסגעקליגלטער גראַמאַטי־שער קאָנסטרוקציע („ווהין" אָנשטאָט: „אהין"), אָבער דאָס צוגאָב־בייז פון דעם ניט־נאָרמאַלן צײַט־סיידער האָט זיך שוין דאָ געפעלט, און די פראַזע איבעראַשט אונדז נישט. אויסמײַדן די צײַט־קאָליזיע און איבערגעבן די זאַך אַזוי, ווי דער אויטער וויל,— דאָס איז צום פּאַשעטסטן דורך קאָאָרדינאַציע פון צוויי זעלב־שטענדיקע זאַצן:

b39) דעם 29-טן אַפּרעל איז דער טעאַטער אָפּגעפאָרן קיין קיִעוו און האָט אָנגעהויבן (דאָרט) צו שפּילן דעם 1-טן מײַ.

דאָסזעלבע, בעערעך, איז מיט אַזאַ זאַץ:

40) דער דירעקטער האָט דעם 28-טן יאַנואַר באַפרײדיקט די מעלדונגען [וועגן געלט און צײַגענישן, נ. ש.]. באַקומענדיק דאָס געלט מיט די צײַגענישן, איז דער כ׳ מ. אַוועקגעפאָרן קיין קיִעוו, פונוואַנען ער האָט זיך דעם 2-טן פעווראַל אומגעקערט (צ.).

אין דער איצטיקער קאָנסטרוקציע קען מען די צווייטע פראַזע אין 40 („באַקו־מענדיק" א. אַז. וו.),— אויב מע זאָל פאַרזען די ערשטע („דער דירעקטער" א. אַז. וו.),—אויסטײַטשן אַזוי, אַז דעם 2־טן פעווראַל איז מ. געקומען פון קיִעוו (פון עפּעס אַ פריִערדיקער רײַזע), דערנאָך איז ער (אַ צווייט מאָל) אהין ווידער גע־פאָרן. די ערשטע פראַזע (ביפראַט צוזאַמען מיט דעם פריִערדיקן טעקסט, וואָס איז דאָ דורכגעלאָזט) ברענגט שוין אָבער אַפן געדאַנק, אַז געפאָרן איז ער איינמאָל,— דעם 28־טן יאַנואַר (יעדנפאַל,—פאַר דעם 2־טן פעווראַל), און איז פון דעמדאָ־זיקן פאָרן צוריקגעקומען דעם 2־טן פעווראַל. דאָ מערקט זיך אָבער אָן די קאָ־ליזיע פונעם צײַט־סיידער, כאָטש ניט אַזוי שאַרף ווי אין זאַץ 39, ווײַל אין דער צווייטער פראַזע אין 40 איז נישט אָנגעגעבן די צײַט פונעם אָפּפאָרן; מיר שטויסן זיך דאָס בלויז אָן פון דער ערשטער פראַזע.

די גאַנצע שווערקייט פון דער פראַזע פאַלט מיטאַמאָל אָפּ, ווען מיר זאָל שטעלן אַנשטאָט: „פונוואַנען", ד. ה. קאָאָרדינירן צוויי זאַצן.

די פאַלן, ווען מיר טרעפן דעם פאַלשן „ווו"־בײַזאַץ, זײַנען בעערעך דיזעלבע, וואָס באַם פאַלשן בײַזאַץ מיט „וועלכער".

A. אין די פראַזעס 35, 39, 40 האָבן מיר פאַלן פון פאַלשער סובאָרדינאַציע, און דער אויסוועג איז דאָ קאָאָרדינאַציע פון צוויי זעלבשטענדיקע זאַצן דורך „און". אין איייניקע אַזוינע פאַלן קען דער „פאַלשער" אויסטײַטש איבערוויגן דעם „ריכטיקן" (דעם שרײַבערס) מיין, אַפילע באַ אַזוינע לייענערס, וואָס זײַנען שוין געוווינט צו דער געקינצלטער קאָנסטרוקציע.

אשטייגער:

* 41) דאָס שיפל איז אָפּגעשווומען 12 מײַל אין אָפּענעם יאַם, ווו דער גאַנצער באַגאַזש איז אַרײַנ־געוואָרפן געוואָרן (צ.).

פאַרוואָס זאָל מען נישט מיינען, אַז אין דעם בײַזאַץ מיט „ווו" איז דאָ פאָ־שעט באַצייכנט דאָס אָרט, וואָס דאָס שיפל איז צו דעם צוגעשווומען? אַז דער בײַזאַץ איז דאָ אַ געוויינלעכער סימען־זאַץ,— דאָס לאָזט זיך דאָ גיכער אָנעמען, איי־דער אין אונדזערע פראַזעס 39, 40. דאָרט, אין 39, 40, האָבן מיר אין הויפּטזאַץ און אין בײַזאַץ איין סוביעקט (אין בײַזאַץ — דורך אַ פאַרטרעטער: „ער"),— מעמיילע קען זיך דאָ נאָך לייגן אַפן סייכל, אַז אין בײַזאַץ האָבן מיר אויך אַן

א ק צ י ע פונעם סוביעקט, אזוי ווי אינ הויפטזאצ, נישט גראָד א סימענ פאר א זאכ־וואָרט אינ הויפטזאצ. אינ 41 איז אָבער פאראנ נאָכ א ספעציִעלע שווערקייט: דאָ האָבנ מיר אינ הויפטזאצ אונ אינ בײַזאצ פ א ר ש י ד ע נ ע סוביעקטנ (אגעוו,— פארשי־דענע קאָנסטרוקציעס אויכ: אנ אקטיווע אונ א פאסיווע). בעכיינ: איז עמעצער האָט פריִער ארײַנגעוואָרפנ אינ יאמ דעמ באגאזש, אונ צו יענעמ אָרט איז (שפעטער) אָפגעשווומענ דאָס שיפל.

ערשט פונ דעמ קאָנטעקסט וועט דער לייענער ארויסזענ, אז מיטנ בײַזאצ איז געמיינט אנ א ק צ י ע פונעמ זעלבנ שיפל (שיפל־פאָרער): ס'איז אָפגעשווומענ אונ ס'האָט ארײַנגעוואָרפנ...

אנ ענלעכער פאל, אָבער שוינ דירעקט קוריאָזיש:

* 42) די טרופע געפינט זיכ, ווי באוויסט, אינ טרוסקאוועצ, וווּ ס'ווערנ שטודירט 3 נײַע פיעסעס (צ.).

אזוי „ראפינירט" דארפ מענ דאָס ארויסזאָגנ אזא וואָכעדיקע זאכ, ווי: א טרופע איז אינ א געוויס אָרט אונ שטודירט דאָרט נײַע פיעסעס!

אינ די פראזעס 31, 36 האָבנ מיר א פראט פונ סובאָרדינאציע אָנשטאָט קאָאָר־דינאציע: מע קענ דאָ אויסקומענ מיט א לויזערנ באהעפט,— מיט א פינטל־קאָמע אָדער מיט א פינטל, אזוי ווי אינ דער שטיק 37.

לאָמיר זיכ נאָכ צוקוקנ צו אזא פאל:

43) א פולשטענדיקע אָפיציִעלע באשטעטיקונג צו דעמ געפינענ מיר, דערעכ-אגעוו, אינ פארעפנטלעכטנ ענטפער פונ דער לעטלענדישער רעגירונג צו ליטע, וווּ די לעטלענדישע רעגירונג דערקלערט, אז זי האָט באשלאָסנ זיכ צו פארייניקנ צומ פאריזער אָפמאכ (צ.).

דאָס איז איבערגעזעצט פונ רוסיש:

א 43) Совершенно официальное подтверждение этому мы находим, между прочим, в опубликованном ответе Латвийского правительства Литве, где оно заявляет, что решило присоединиться к Парижскому договору,

דער רוסישער טעקסט ווײַזט אונדז, אגעוו, דעמ קוואל פונ אונדזער פאלשנ „ווו"־זאצ;—ער איז גענומענ, אָנ יעדער קריטיק, פונ דער ר ו ס י ש ע ר צ ײַ ט ו נ ג־ש פ ר א כ, אזויווי די פאסיווע קאָנסטרוקציע, אזוי ווי ווערבאלע זאכווערטער אָנ־שטאָט צײַטווערטער א. אנד. שאבלאָנענ.

מע מוז אָבער זאָגנ, אז אינ ייִדיש איז די פראזע (43) ע ר ג ע ר ווי אינ רוסיש (א43). איינער פונ די מאָטיווג, פארוואָס מע ניצט בא אונדז דעמ „ווו"־זאצ, אזוי־ווי אינ 35, נישט קיינ קאָאָרדינאציע (37), איז,—וואָס אָפטמאָל וואָלט אויסגעקומענ איבערצוכאזערנ אינ צווייטנ קאָאָרדינירטנ זאצ דאָס זאכוואָרט פונעמ ערשטנ זאצ, אונ קעגנ איבערכאזערנ איז פאראנ, ווי באקאנט, א מינ כיירעמ פונ דער שול־סטי־ליסטיק.

איז אינ רוסישנ זאצ האָט מענ ווייניקסטנס דאָס אויסגעפירט: оно אינ בײַזאצ האָט אײַנגעשפאָרט דאָס איבערכאזערנ: Латвийское пр-во, ווענ אָנשטאָט א בײַזאצ זאָלנ מיר דאָ האָבנ א קאָאָרדינירטנ זעלבשטענדיקנ זאצ. אינ דער ייִדישער פראזע האָט מענ אזוינס נישט געקענט אויספירנ (ייִדיש האָט ניט אזויפיל גראמאטישע פאָרמעס ווי רוסיש); מע האָט געמוזט איבערכאזערנ „די לעטלענדישע רעגירונג" אינ בײַזאצ. איז צו וואָס דארפ מענ גאָר דעמ בײַזאצ? וואָס וואָלט געווענ שלעכט, אָדער אנדערש, ווענ נאָכנ וואָרט „ליטע" זאָל מענ שטעלנ א פינטל אונ דאָס

צוטשעפעניש „ווו״ ארויסוואַרפן גאָר, ד. ה., ווען מען זאָל שטעלן צוויי זעלבשטענדיקע זאצן?

גוטס און שלעכטס צוזאמען:

44) דעם 25 נאָיאבער איז אין לענינע פאָרגעקומען אן אלגעמיינע פארזאמלונג פון די פויערים, ווו עס האָט זיך גערעדט וועגן אריַינטראָגן קאָלעקטיוו ברויט אין דער קאָאָפּעראַציע. אפ דערדאָזיקער פארזאמלונג איז ארויסגעטראָטן אנדריי ניקאָליַיעוויטש... מיט א ניַיער קאָנטער-רעוואָליוציאָנערער דראָשע (צ.).

לויט דעם באקאנטן שאבלאָן נאָך וואָלט מען דאָ געקענט שריַיבן:

a44) ... אין דער קאָאָפּעראציע, און ווו ס׳איז ארויסגעטראָטן...

אזויווי מע שריַיבט פריִער אין דער ערשטער פראזע: „ווו עס האָט זיך גערעדט״. דער אווטער איז דאָ ביַיגעשטאנען דעם ניסאָיען, און האָט דאָס געטון זייער גוט: דעם הויפטצוועק, — ארויסטיילן דעם העלד און זיַין קאָנטער־רעוואָליוציאָנערג אופטו, — דאָס האָט ער דאָ גראָד דערלאנגט צומבעסטן. זאָל מען פון די איצטיקע פאָר זעלבשטענדיקע פראזעס מאכן איינע פראזע, מיט דעם שאבלאָן „און ווו״, און זאָל מען דאָס איבערלייענען אין איינע אָטעם, — אזוי וועט מיטאמאָל קלאָר ווערן, אז אין צווייטן פאל ווערט א גרויסער טייל עפעקט פון דער איצטיקער צווייטער פראזע לאכלוטן פארפאלן. דער צענטער פון דער ניַיער פראזע וואָלט געוואָרן „די פארזאמלונג״; די צווייטע פראזע, אויב זי זאָל ווערן א ביַיזאץ, ווערט עפעס ווי א מין צולאָג צו דער „פארזאמלונג״, אזויווי דער ביַיזאץ („ווו עס האָט זיך גערעדט״...) אין דער ערשטער פראזע.

איז דאָס גוט. אָבער דערזעלבער אווטער בינדט דאָך צוויי זאצן אין דער ערשטער פראזע מיט דעם שאבלאָן „ווו״. ער וואָלט געקענט ביכלאל אויסקומען אָן א צווייטן זאץ:

b44) ... אן אלגעמיינע פארזאמלונג פון די פויערים (פויערים-פארזאמלונג) וועגן אריַינטראָגן קאָלעקטיוו ברויט...

וויל ער אָבער דאפקע אויסטיילן דעם צוועק פון דער פארזאמלונג אין א באזונדער זאץ, איז האָט ער דאָס געקענט טון אין א באזונדער פראזע (אזוי ווי מיט דעם העלדס דראָשע); — ס׳וואָלט געווען אסאך איבערציַיגנדיקער:

c44) ... אן אלגעמיינע פויערים-פארזאמלונג. עס האָט זיך גערעדט וועגן... דער קאָאָפּעראציע, אפ דערדאָזיקער פארזאמלונג...

אָדער נאָך פּאָשעטער און בוילעטער:

d44) דעם 15 נאָיאבער איז פאָרגעקומען אן אלגעמיינע פויערים-פארזאמלונג. עס האָט זיך (מע האָט) גערעדט וועגן אריַינטראָגן קאָלעקטיוו ברויט אין דער קאָאָפּעראציע, און דאָ איז ארויסגעטראָטן אנדריי ניקאָליַיעוויטש... מיט א ניַיער קאָנטער-רעוואָליוציאָנערער דראָשע.

דאָ האָבן מיר דריַי זעלבשטענדיקע זאצן, יעדער פאקט איז דאָ גענוג אויסגעטיילט פאר זיך, ער זאָל נישט פארשלונגען, פארשאָטנט ווערן. די קאָמבינאציע „און דאָ״ טיילט שארפער ארויס דעם לעצטן פאקט, — דעם העלד און זיַין דראָשע. ס׳איז פארשפּאָרט „אפ דערדאָזיקער פארזאמלונג״, און ס׳איז גאָרנישט אָנגעוואָרן אין עפעקט.

דאָסזעלבע איז מיט אזא זאץ:

*45) וו. איז אריַינגעזעצט געוואָרן אין טפיסע, ווו ער האָט זיך גוט אופגעפירט; ער האָט זיך דערוואָרבן דעם צוטרוי פון דער טפיסע-מאכט (צ.).

לאָמיר פאַרזוען, אז דעם בײַזאַץ מיט „ווי“ קען מען דאָ אָנעמען פאַר א סימען־זאַץ. אין דעם בײַזאַץ מיט „ווי“ און אין דעם צווייטן זעלבשטענדיקן זאַץ („ער האָט זיך דערוואָרבן“...) שטעקן לאָגיש צוויי גלײַכווערטיקע פאַקטן. נאָך מער, אין א געוויסן זין האָט דער זאַץ „ער האָט זיך גוט אופגעפירט“ א באַזונדער וואָג: דערפון שטאַמט דער צוטרוי, וואָס דער אַרעסטירטער האָט דערוואָרבן. דער צוטרוי איז דאָ קלאָר אויסגעטיילט, און מיט רעכט. איז פאַרוואָס קומט דעם זאַץ וועגן דער גוטער אופירונג פאַרשאָטנט צו ווערן אין א בײַזאַץ צו „טפיסע“? צי איז ניט קלאָרער, פּאָשעטער, איבערצײַגנדיקער צו לאָזן דעמדאָזיקן זאַץ פרײַ:

a45) וו. איז אַרײַנגעזעצט געוואָרן אין טפיסע. ער האָט זיך דאָרט גוט אופגעפירט און דערוואָרבן דעם צוטרוי פון דער טפיסע-מאַכט.

B. „ווי“ אָנשטאָט „דעריבער“, אָדער אומדירעקטער וואָרט־שטעלונג.

46) די קאָמוניסטישע פאַרטייען ביכלאַל דאַרפן זיך רייניקן פון פרעמדע עלעמענטן. באַזונדערס ד אלק"פ(ב), ווײַל זי איז די איינציקע לעגאַלע און הערשנדיקע פאַרטיי, וווהין עס קריכן אַרײַן פון איין זײַט מענשעוויקעס און עסערן און פון דער צווייטער זײַט — קאַריעריסטן און זשוליקעס (צ.).

אזוי, ווי די פראַזע איז געגעבן איצט, מוז זי מאַכן גאָר אַן אויסטערלישן אײַנדרוק: ס'קען אויסקומען עפּעס ווי א בילבל אף דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, אז דאָס איז די איינציקע פאַרטיי, וואָס צו איר ציט שטאַרק מענשעוויקעס, קאַריעריסטן א. אז. וו. אזוינס קען אָבער דאָ נישט געמיינט זײַן: — דאָס שרײַבט א גוטער קאָמוניסט אין א קאָמוניסטיש בלאַט.

דאָס, וואָס דער שרײַבער איז אויסן, איז, מיסטאָמע, אזוי:

a46) ... אלק"פּ (ב)... איז די איינציקע לעגאַלע און הערשנדיקע פאַרטיי, **דעריבער** קריכן (אהין) אַרײַן... מענשעוויקעס... קאַריעריסטן א. אז. וו.

אָדער:

b46) ... אלק"פּ (ב)... איז די איינציקע לעגאַלע און הערשנדיקע פאַרטיי, (איז) קריכן אהין אַרײַן... מענשעוויקעס... קאַריעריסטן...

בעסער וואָלט נאָך געווען אַרויסצוּוואַרפן דעם „ווײַל“ און שטעלן נאָך „אלק"פּ(ב)“ א פּינטל, אָדער א צווייפּונקט [11].

11) אין דער פראַזע 46 איז איבערגעאַרבעט אזא שטעל פון וו. זאַטאָנסקיס אַרטיקל אין „Правда“ 1929, № 59):

א46) ... Именно поэтому приходится коммунистическим партиям периодически очищаться от ненадежных попутчиков—балласта и проводников классовой идеологии.

Тем более нужна бывает чистка ВКП(б), единственно-легальной и монопольно-правящей партии, куда тянется многое из того, что в иной обстановке оставалось бы у меньшевиков, с.-р., буржуазных националистов (среди угнетенных наций), куда, наконец, сознательно примазываются карьеристы и мазурики. (שפּאַצירט האָב איך דאָ. נ. ש.)

דער שאַבלאָן куда (וווהין) איז דאָ אויך פאַראַן; ס'איז אָבער ניט שווער צו זען, אז אין די שטעלן דאָ, וואָס זײַנען אין דער ייִדישער באַאַרבעטונג אַרויסגעלאָזט (דערהויפּט אין די שפּאַצירטע ווערטער), איז פאַראַן א באַוואָרעניש קעגן א פאַלשן אויסטײַטש. דאָס איז אויך פאַראַן סײַ אין דעם צונויפזאַץ единственно-легальной, סײַ אין דעם, וואָס די גרופּע:

единственно-легальной и монопольно-правящей партии

איז דאָ אויסגעטיילט מיט קאָמעס, ווי א פאַראַלעלע באַצייכענונג פאַר ВКП(б) (אפּאָזיציע). דער ייִדישער באַאַרבעטער האָט גענומען דעם שלעכטן שאַבלאָן, די באַוואָרענישן האָט ער דורכגעלאָזט אָדער אָפּגע-

C. סובאָרדינאַציע, אָבער אין אַן אַנדער פאָרמע. דאָ איז שוין פריִער אין 33 און a33 געוויזן, ווי אַזוי מע פאַרבינדט שלעכט אַ בײַזאַץ דורך „ווו" אָנשטאָט „ווײַל", ד. ה. אָנשטאָט צו ווײַזן קלאָר אַ סיבה, גיט מען דאָס אָן ווי אַ סימן. לאָמיר זיך נאָך צוקוקן צו אַזאַ פראַזע:

47) א. די טעג האָט פאַרענדיקט איר אַרבעט די צווייטע קאָנפערענץ פון ייִדישע קולטור-טוער.
ב. די קאָנפערענץ איז צונויפגערופן געוואָרן ניט אין בריאַנסק, נאָר אין קלינצי, וואָס האָט אַ באַ-דײַטנדיקע צאָל ייִדישע פראָלעטאַריִער, ווו מיר האָבן אַ גאַנצע היפשן ייִדישן פאַרטיי-אַקטיוו (צ.).

ס'איז קלאָר: אין ביידע בײַזאַצן אין ב (1) — „וואָס האָט" א. אַז. וו., און 2) — „ווו מיר האָבן" א. אַז. וו.) איז אָנגעגעבן די סיבה, אַ דערקלערונג, פאַרוואָס מע האָט צונויפגערופן די קאָנפערענץ אין קלינצי (נישט אין בריאַנסק), נישט סתּם אַ סאָציִאַל־פּאָליטישע כאַראַקטעריסטיק פאַר קלינצי. איז וואָלט דאָס נאַטירלעכסטע געווען אַזוי דאָס קלאָר צו שרײַבן:

a47) די קאָנפערענץ איז צונויפגערופן געוואָרן... אין קלינצי, ווײַל (דאָס שטעטל) האָט אַ באַדײַטנדי-קע צאָל ייִדישע פראָלעטאַריִער, ווײַל (דאָ) האָבן מיר אַ גאַנצן היפשן ייִדישן פאַרטיי-אַקטיוו.

אָדער מיט דעמזעלבן עפעקט אָן „ווײַל":

b47) די קאָנפערענץ איז צונויפגערופן געוואָרן ניט אין בריאַנסק, נאָר אין קלינצי; דאָ האָבן מיר אַ באַדײַטנדיקע צאָל ייִדישע פראָלעטאַריִער; דאָ האָבן מיר אַ גאַנצן היפשן ייִדישן פאַרטיי-אַקטיוו.

זאָל, אַגעוו, דאָ אויך באַמערקט ווערן: דער שרײַבער האָט גליקלעך אויסגעמיטן צו פאַרבינדן די פראַזעס א און ב דורך דעם באַקאַנטן שאַבלאָן „וועלכע", נישט מוירע געהאַט איבערצוכאַזערן: „די קאָנפערענץ". ווי אַזוי די צווייטע פראַזע האָט דערפון געוווּנען, — דאָס איז קלאָר.

D. „ווו" אָנשטאָט: „אַז", „ווי אַזוי".

48) דער כ׳ ק. אילוסטרירט מיט אַ ריי בײַשפּילן, ווו ייִדישע אַרבעטער ספּעקולירן אָפּ אַנטיסעמי-טיזם, זיי באַשולדיקן ניט-ייִדישע כאַווערים אין אַנטעסעמיטיזם, דאָרט ווו דער מאָמענט פון אַנטיסעמיטיזם איז אַבסאָליוט ניט פאַראַן (צ.).

דאָס הייסט:

a48) כ׳ ק. אילוסטרירט מיט אַ ריי בײַשפּילן, אַז (אָדער: ווי אַזוי) ייִדישע אַרבעטער ספּעקולירן (אין אייניקע פאַלן) אָפּ אַנטיסעמיטיזם...

E. ס'איז איבעריק דער גאַנצער בײַזאַץ.

* 49) פּראָפעסער צ. פּאָלעמיזירט מיט מיר אין זײַן זשורנאַל „אחדות", ווו ער ווײַזט, אַז שפּראַך איז ניט אָפּהענגיק פון קולטור, פון נאַציע (צ.).

ווען מיר זאָלן דאָ גאָר אַרויסוואַרפן דעם בײַזאַץ „ווו ער ווײַזט", וואָלטן מיר אַפילו ניט געפילט, אַז עפּעס פעלט אונדז. נאָך מער: דעמלט וואָלט די פראַזע קלאָרער געוואָרן. אין דער איצטיקער רעדאַקציע קען דאָס נאָך הייסן אַזוי גוט ווי: אין דעמזעלבן זשורנאַל „אחדות", ווו צ. ווײַזט, אַז שפּראַך א. אַז. וו., — אין דעמ־זעלבן זשורנאַל פּאָלעמיזירט ער מיט מיר. דעם אינהאַלט פון דער פּאָלעמיק זעען מיר דאָ נאָך ניט. אָן דעם בײַזאַץ זעען מיר דאָס קלאָר.

---

שוואַכט; דעם צונויפזאַץ (איינציק-לעגאַלע единственно-легальной) זעצט ער איבער: „די איינציקע לעגאַלע"; דערמיט, — מיט דעם פאַר זיך אויסגעטיילטן אַטריבוט „איינציקע", — האָט ער נאָך מער פאַרשטאַרקט די מעגלעכקייט פאַר אַ פאַלשן אויסטײַטש.

א פראַט־פאַל: א זאצגליד אָנשטאָט א בײַזאַץ:

* 50) די ארטיסטנ כ. ל. אונ ד. ז. זײַנענ איצט געקומענ קיינ ארגענטינע, ווו זיי וועלנ גאסטראָ-לירנ (וו״ב).

מע קענ דאָ זייער גוט אויסקומענ אָנ דעם דריידל „ווו זיי וועלנ". פּאָשעט:

a50) די ארטיסטנ... זײַנענ געקומענ קיינ ארגענטינע גאסטראָלירנ (אָדער: גאסטראָלירנ קיינ ארגענטינע).

אויב שוינ אפילע אויסטיילנ יעדנ פּרעדיקאט באזונדער, איז:

b50) די ארטיסטנ... זײַנענ געקומענ קיינ ארגענטינע אונ וועלנ דאָ גאסטראָלירנ.

## III. אויסגעמיטנ דעמ פאלשנ בײַזאַצ אינ דער שיינער ליטעראטור, אינ דער גערעדטער שפּראַכ

מיר האָבנ שוינ געזעענ דעמ קוואל פונ דעמ פאלשנ בײַזאַצ מיט „וועלכער" אונ „ווו",— דאָס איז דער רוסישער פּרעסע־שטייגער. ווי האלט דאָס דערמיט אינ דער שיינער ליטעראטור, אינ דער גערעדטער שפּראַכ? דאָ איז אזוינס זעלטנ צו געפינענ. דאָ טרעפנ מיר

1. אָנשטאָט דעמ באקאנטנ שאבלאָנ פונ סובאָרדינאציע דורכ וועלכער: קאָאָרדינאציע מיט „אונ", א לויזנ באהעפט פונ צוויי זאצנ, פארשידענע טיפּנ סובאָרדינאציע, א זאצגליד אָנשטאָט א בײַזאַצ, גאָר ארויסגעלאָזט דעמ בײַזאַצ.

בא מענדעלענ:

51) באמ עק פונ א לאנגנ דעמבענעמ טיש זיצט א כעוורע קלעזמער אונ סטראָיענ, שטעלנ אָנ זיי־ערע קיילימ („מאסאָעס", יובילײ־אויסגאבע, 48).

52) דאָס געשריי איז געוועזנ פונ סענדערס פלויניסטע. זי איז געשטאנענ אָנגעצונדנ אינ א פײַער (דאָרט, 32).

53) נאָכ זייער שיינ פונ דער וועלט, אָז זי האָט זיכ זײַנער דערמאָנט (דאָרט, 69).

54) מיליאָנענ מענטשנ לעבנ הײַנט גליקלעכ... אינ אמעריקע, אונ קאָלומבוס בעשאס אימ איז ארײַנ דער געדאנק צו אנטדעקנ אמעריקע, האָט, נעבעכ, שטארק געליטנ (דאָרט).

55) זיפצנ אונ קרעכצנ מוז מענ, אז מע לייענט די געשיכטע פונ די גרויסע בארימטע קאָפּ־מענטשנ, ווי זיי האָבנ, נעבעכ, געליטנ שטארק זייער גאנצ לעבנ (דאָרט, 68).

56) אויכ האָבנ זיי א מאטאָנע פונ זײַנ ליבנ נאָמענ אָפּצוזאָגנ עפּעס א פיזמענ... מיט אזעלכע מינע טנועס, אזש טרערנ שטעלנ זיכ דורכדעמ אינ די אויגנ (דאָרט, 70).

57) אינ בריטאניע איז דאָ א פאָלק מיט א עק פונ הינטנ (דאָרט).

58) עס קומט נאָר אויס ווי די יעש־אָמרימ דאָרט, אז די אסערעס־האשוואָטימ... וווינענ גאָר דאָרט ערגעצ (דאָרט, 62).

דאָ וואָלט מענ אינ דער צײַטונג־שפּראַכ געשטעלט אינעמ גרעסטנ טייל פאלנ: „וועלכער", אינ פארשידענע פאָרמעס, אָנשטאָט: „אונ" (51), „אז" (53), „בעשאס אימ" (54), „ווי זיי" (55), „דורכדעמ" („פונ וועלכע", 56). מע וואָלט ארײַנגע־שטעלט: „וועלכע" צווישנ „פלויניסטע" אונ „זי" (52); „וועלכעס האָט", אָנשטאָט „מיט" (57), אונ: „וועלכע זאָגנ (האלטנ)" צווישנ ערשטנ „דאָרט" אונ „אז" (58).

בא בערגעלסאָנענ:

59) באטאָג איז דאָ אנקעגנ איר אינ עס־צימער געזעסנ עטל קאדיס אונ האָט דערציילט, אז מע רופט זי ארויס מיט א דעפּעש („אָפּגאנג", אינ „אייגנס", II, ז. 27).

60) ס׳האָט זיכ געדאכט, אז יאָרנ־לאנג האָט זיכ עס אויסבאהאלטנ, אָט דאָס קאָל, נאָר איצט האָט עס איינמאָל פאר אלעמאָל באשלאָסנ... (דאָרט, 28).

61) א מאמע א שלאק האָט דאָרט... געהאלטנ אינ איינ עסנ איר איבערגעוואָקסנ מיידל די ברויט־גע־בערנ, אלעמײַ זי האָט גענומענ א ניי־מאשינ אפּ אויסצאָלנ (דאָרט, 39).

אַנשטאָט „און״, „נאָר״, „אַלעמײַ״ (פּאַרוואָס) — קען מען זיך ריכטן אין פּובלי־ציסטישן שטייגער אפ דער באקאנטער שאבלאָן־פאַרבינדונג מיט „וועלכער״. דאָס־זעלבע זעען מיר צו

**בא א. מ. פוקסן:**

62) אין ווײַסן לעוואָנע-ליכט ליגן נאַס, צעשויבערט, זאַט די צײַטיקע סאָפּ-זומער-גאָרטנס, **און צווישן** זייער ציט זיך לאנג, שמאָל... די זאמדיקע גאס, **און** זי זעט אויס ווי די לאנגע, שמאָלע פּאסן לײַוונט („אונטער דער בריק״, פארלאג „קולטור-ליגע״, ווארשע, 18).

63) פון זײַנע שטעכערס ציִען זיך די ערשטע סאָפּ-זומערדיקע זילבערנע פּאָוועטיניעס. **זיי** טשעפּען זיך אפ די ברעמען (דאָרט, 159).

**נישט: „צווישן וועלכע״ און „וועלכע״ אין 62, און נישט „וועלכע״ אין 63.**

**בא מ. ווינערן:**

64) אין נאָא האָט געהאט צוועלף זין, און איינער האָט געהייסן יוזעף, **איז ער** געוואָרן קעניג פון עגיפּטן „(עלע פאלעקס אונטערגאנג״, ז. 11).

**בא מוישע נאדירן:**

65) אין „טאָג״ האָב איך געזען א בריוול פון א לעזער, **בעט ער,** אז דער ליבער ד״ר כ. זאָל אזוי גוט זײַן און דערקלערן... (אין פרײַהײַט״, ניו-יאָרק, 8/IV 1929).

אין די ביידע לעצטע פאלן איז זייער אינטערעסאנט דער לויזער באהעפט מיט אן **אומדירעקטער וואָרטשטעלונג** אין צווייטן זאצ.

דיזעלבע פרײַקייט אין בינדן זאצן—ווײַט פון דעם „וועלכער״־שאבלאָן,—טרעפן מיר אויך בא אונדזערע **יונגסטע סאָוועטישע** שרײַבער. מע קען מעשער זײַן, אז זיי האָבן אפ זיך ביכלאל די האשפּאָע פון אונדזער פרעסע,— און דאָך:

**בא א. אבטשוקן:**

66) ... און ווײַטער — א קריסטאלעך מיידל, וואָס ער האָט געטראָפן אפ זײַן לעבנס-וועג, **און צוליב איר** איז דאָס אלצ געשען („די קאריער פונעם אדוואָקאט קרוין״, „רויטע וועלט״, 1927, נום. 8, ז. 4).

67) אין די ווײַסע ווינטערדיקע אָוונטן קומען צו פאניען יונגעלײַט צו גאסט: **זיי** וואָלטן אין אנדערע צײַטן אוורעמל קרוינס שוועל ניט אריבערגעטראָטן (דאָרט, 10).

**נישט: „צוליב וועלכער״ אין 66, נישט: „וועלכע״ אין 67.**

**בא מ. שאפּירען:**

68) זי האָט זיך פארליבט אין איינעם, **און ער** האָט איר נישט געענטפערט („דער ריכטער יערו-סאלימסקי״, „רויטע וועלט״, 1928, נום. 12, ז. 23).

69) אָפט קומט צו אים ארײַן די אלטע ביילע; **זי** דערציילט אים נײַס פון שטעטל (דאָרט, 23).

70) און יערוסאלימסקי... האָט שוין איצט אזויפיל נאכעס פון ביידן, **ווי אזוי** זיי ארבעטן דאָס באנאנד און זיי שטערן נישט איינער דעם צווייטן (דאָרט, 27).

די געריידטע שפּראַך איז אוואדע באקאנט מיט אירע פרײַע סינטאקסישע קאָנסטרוקציִעס. איז האָבן מיר:

71) האָט ער ווידער געפונען זייער א גרויסן מענטשן **און** האָט אויך געטראָגן א גרויסן בוים (נאכמען בראצלאווער, „סיפּוריי מײַסעס״).

72) אמאָל איז געווען ׳א קייסער. **דער קייסער** האָט קיין קינדער ניט געהאט. ווידער איז געווע א מיילעך. **דער מיילעך** האָט אויך קיין קינדער ניט געהאט (דאָרט).

73) זי האָט געהייסן, אז מע זאָל איר ברענגען עלף פאניעס, **אז** זיי זאָלן מיט איר זײַן״ (דאָרט)

74) איז אופגעשטאנען דער שייני-לעמאלכוס, **מאכמעס** ער האָט געזען, דער מיילעך האָט גרויס צאר, און האָט געבעטן... (דאָרט).

75) האָט ער געזעען, דאָרטן זײַנען דאָ כמה וכמה אלפי אלפים ורבי רבבות משפחות פון שיירים וואָרן זיי האָבן קינדער (דאָרט).

און נאָך, און נאָך, אף יעדער זײַטל, אָבער נישט „וועלכער".

נאָך מערקווערדיקער זעען מיר דאָס צו בא שאָלעם־אַלייכעמען. ס'איז באַקאַנט, אַז פון ש"א'ס „סטעמפעניו" זײַנען פאַראַן צוויי רעדאַקציעס:—פון 1888 און 1903. אין דער צווייטער רעדאַקציע האָט ש"א אַרײַנגעבראַכט געוויסע שפּראַכ־ענדערונגען. איז זעען מיר אַזוי:

76) ... און איז געשווינד אָפּגעשפּרונגען פונעם פענצטער, וועלכן זי האָט אינדערגיך צוגעמאַכט, און האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין בעט (1888).

a76) ... און איז געשווינד אָפּגעשפּרונגען פונעם פענצטער, אינדערגיך צוגעמאַכט און האָט זיך... (1903).

77) ... רעדט מיט אַ באַקאַנטן מעלאַמער, בא וועלכן ער נעמט אַ שמעק טאַבעק (1888).

a77) ... רעדט מיט אַ באַקאַנטן מעלאַמער, נעמט בא אים אַ שמעק טאַבעק (1903).

78) שפּילנדיק אַזוי איינמאָל... און געהאַלטן סאַמע אינמיטן אַ ליבע מיט הערשקע דעם פּלייטיסט טאָכטער... וועלכער סטעמפּעניו האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זי געוויס נעמען (1888).

a78) ... געהאַלטן סאַמע אינמיטן אַ ליבע מיט הערשקע דעם פּלייטיסט טאָכטער... און סטעמפּעניו האָט איר צוגעזאָגט... (1903).

דאָס הייסט: דער רײַפערער שאָלעם־אַלייכעם האָט אין דער צווייטער רע־דאַקציע אַרויסגעוואָרפן די פאַלשע בײַזאַצן, וואָס ער האָט זיי גע־ניצט אין דער ערשטער רעדאַקציע, אין אָנהייב זײַן ליטעראַרישער קאַריער.

2. דאָסזעלבע איז מיט דער צווייטער קאַטעגאָריע פאַלשע בײַזאַצן:

אָנשטאָט דעם שאַבלאָן פון סובאָרדינאַציע דורך „וו"ף" טרעפן מיר אין דער שיינער ליטעראַטור, אין דער פאָלקשפּראַך, דיזעלבע פרײַע און פרײַערע קאָנסטרוק־ציעס, וואָס אַנקעגן פאַלשן בײַזאַץ מיט „וועלכער".

בא מענדעלען:

מיר האָבן שוין געזעען פריִער מענדעלעס פראַזע № 38, מיט דעם לויזן בא־העפט. לאָמיר נאָך זען:

79) איז ער דערגאַנגען ביז צו די האָרע־כווישעך און ער מיט זײַנע גיבוירים האָט דאָרט נישט גע־קענט לאַכלוטן גיין („מאַסאָעס", 61).

בא בערגעלסאָנען:

80) אָפּטמאָל פלעגט כאַווע אַוועקפאָרן אין קרײַז־שטאָט און זיך דאָרט אָפּזאַמען אַ וואָך צי צוויי („אָפּגאַנג", 35).

81) אָפּטמאָל פלעגט ער זיצן מיט כאַווען אַף די טרעפּלעך פון איר פאָטערס קלייט; — כאַווע האָט דאָרט ליב געהאַט צו זיצן אַלע פאַרנאַכט (דאָרט).

82) פּלוצים דרייט ער זיך אַוועק פון קאָרידאָר צו זיך אין די כאַדאָרים, קערט זיך אום פונדאָרט מיט צוויי אָנגעצונדענע ליכט (דאָרט, 47).

נישט: „ווו" אין 80, 81; נישט: „פונוואַנען" אין 82.

בא א. מ. פוקסן:

83) ... ער דרייט זיך אַרײַן מיט דער דרייטיר אין ווייכן גאָלדבאַצירטן קאָפּע „הערן־האָפ". דאָ צווישן די גרויסע קרישטאָלענע שפּיגלען איז ער אַן אַנדער מענטש („אונטער דער בריק", 144).

אַזוינע לויזע באַהעפטן טרעפן זיך אין בוך צומייסטנס.

בא מ. ווינערן:

84) אינ ווינקל שטייט א שווארצ שאפקעלע מיט גלעזערנע טירלעכ, און, אינעווייניק, אינ פעכע־לעכ, ליגנ אויסגעסאדערטע פלעשעלעכ („עלע פאלעקס אונטערגאנג”, 5).

85) ...פארקערעיוענ עטלעכע אלטע... טרעפ אינ א זײַט צום סטרוזשס ווױנונג. אינ ע נ ג נ ל ע נ ג-ל ע כ נ צ י מ ע ר א י ז זייער זויבער (דאָרט, 22).

86) האָט זי זיכ דערמאָנט, ווי ער איז אמאָל, א קינד, אהיימ געלאָפנ פונ כיידער, ווײַל מע האָב אימ געטונ אנ אוולע (דאָרט, 112—113).

נישט „ווי” אָנשטאָט „און אינעווייניק”, „ווײַל” אינ 84, 86, נישט ארײַנגעשטעלט קיינ „ווי” צווישנ „ווױנונג” און „אינ” — אינ 85.

דאָסזעלבע איז

ב א א. א ב ט ש ו ק נ:

87) אפ מאָרגנ אינדערפרי האָט שוינ איבערנ בײַכיקנ שאָסיי געקנאקט אוורעמלס בריטשקע, און אינ בריטשקע זיינענ געזעסנ סעניע, דער... דאָקטער אדאמסקי... („די קאריער פונ ארוואָקאט קרוינ” 8).

88) דער יונגער קרוינ האָט זיכ טאקע באזעצט באמ טאטנ אינ הויז. מ ע ה אָ ט א י מ צ ו נ ו י פ-ג ע ש ל אָ ג נ צ ו ו י י צ י מ ע ר נ פ א ר א ו ו י י נ ו נ ג (דאָרט, 16).

נישט „ווי” אָנשטאָט „און אינ בריטשקע” אינ 87; נישט „ווי” ארײַנגעשטעלט צווישנ „הויז” און „מע” אינ 88.

ב א מ. ש א פ י ר ע נ:

89) ... נאָר גוט ווערט אימ, ווענ זי גייט ארויס פונ צימער, און ער פארבלײַבט אליינ („דער ריכ־טער יערוסאלימסקי”, 25).

90) די אלטע האָט אפדערגיכ צוגעגרייט יערוסאלימסקינ א צימער; ז י ה אָ ט א י מ א ר ײַ נ ג ע-פ י ר ט אָ פ ר ו ע נ.

ניט „ווי” אָנשטאָט „און” אינ 89, נישט ארײַנגעשטעלט קיינ „וווהינ” צווישנ „א צימער” און „זי” אינ 90.

און אוואדע טרעפנ מיר פרײַערע קאָנסטרוקציִעס א י נ ד ע ר פ אָ ל ק ש פ ר א כ;

91) נאָכדעמ איז געגאנגענ א קארעטע, און דאָרט איז געזעסנ די באסמיילעכ (נאכמענ בראצלאווער, „סיפורייִ מײַסעס”).

92) האָט ער דערזעענ א בוימ. אפ דעמ בוימ האָבנ געוואקסנ זייער שיינע עפל (דאָרט).

93) באנאכט פלעגט זי ארופגיינ אפ א בוימ, קעדייִ זי זאָל זײַנ אָפגעהיט פונ די כײַעס (דאָרט).

94) און עס איז אָנגעקומענ א בריוו פונ יענעמ מאלכעס, און ער שרײַבט אימ: זײַ וויסנ... („מײַסע גור-אריע”, פעטריקאָוו, 1910, 24).

95) און עס קומט אימ אָנ א בריוו פונ דעמ גענעראל, און עס שטייט דאָרט אזוי... (דאָרט).

אזוינע בײַשפּילנ וואָלט מענ געקענט ברענגענ אסאכ, און נאָכ פארשידנארטיקער. איכ האָב אָבער ווײַט נישט געזוכט;—איכ האָב גענומענ דאָס ערשטע, וואָס איז מיר געקומענ צו דער האנט. איכ האָב דאָ געהאט בלויז דעמ צוועק צו א י ל י ו ס ט ר י ר נ, צו דערמאָנענ באקאנטע זאכנ, וואָס, לײַדער, הויבט מענ זיי שוינ אָנ צו פארגעסנ אינ דער קולטור־שפּראכ. ס׳וועט נישט איבערגעטריבנ זײַנ צו זאָגנ: אינ דער שיינער ליטעראטור דארפ מענ זוכנ דעמ פאלשנ בײַזאצ מיט „וועלכער” און „ווי”, — אזוי זעלטנ טרעפט ער זיכ דאָרט,— פונ דער פאָלקשפּראכ שוינ נישט צו רעדנ. אינ גאנצ בערגעלסאָנס „אָפּגאנג” (8 דרוק־בויגנ) האָב איכ אפ אסאכ צענד־ליקער נאָרמאלע קאָנסטרוקציִעס, ווי איכ האָב שוינ פריִער געוויזנ, באמערקט א פאלשנ בײַזאצ מיט „ווי” (ז. 52), מיט „פונוואנענ” (54) און מיט „וואָס” (111),

וואָס ווײַזנ אונדז די בײַשפּילנ?

זיי ווײַזן אונדז, אז ווען מיר זאָלן פאַרזען די אַלע פריִער־דערמאָנטע כעסרוינעס פון דעם פאַלשן בײַזאַץ מיט „ווען־עס“ אונ „ווי“, איז האָט די פרייע אונ פרײַערע קאָנסטרוקציע שוין די מײַלע פון פאַרשידנאַרטיקייט און דיפערענ־ציִרטקייט קעגן איינטאָניקייט אונ שאַבלאָן.

און נאָך אַ זאַך: די בויגעוודיקייט פונעם זאַץ אין אַ פרײַער קאָנסטרוק־ציע אונ די פאַרגלײַוערטקייט אין דעם שאַבלאָן מיט „וועלכער“ אונ „ווי“. נעמען מיר, אַשטייגער, די פראַזע 36 אונ אקעגן 36a. אין 36 האָבן מיר אין בײַזאַץ („אַף וועלכער דער אויסערן־מיניסטער“ א. אז. וו.) אַ געבונדענע וואָרטשטעל־לונג. דאָ לאָזט זיך גאָרנישט ענדערן. אַלע איבעריקע קאָמבינאַציִעס מיט דער וואָרטשטעלונג זײַנען אומעגלעך. אָדער שטאַרק אָנגעצויגן. אנדערש איז מיט 36a; כוץ דער איצטיקער רעדאַקציע איז נאָך מעגלעך:

36b) אַ פּאָרטראָג וועגן די סאָוועטיש-לאַטווישע באַציִונגען האָט געמאַכט דער אויסערן-מיניסטער באַלאָדיס.

36c) וועגן די סאָוועטיש-לאַטווישע באַציִונגען האָט געמאַכט אַ פּאָרטראָג דער אויסערן-מיניסטער באַלאָדיס.

דאָסזעלבע איז מיט פראַזע 40. אין דער איצטיקער קאָנסטרוקציע לאָזט זיך נאָך בײַטן מיט די ערטער „אומגעקערט“ און „דעם 2־טן פעווראַל“ נישט מער. אין אַ פרײַער קאָנסטרוקציע לאָזט זיך נאָך זאָגן:

40a) (אונ) דעם 2-טן פעווראַל האָט ער זיך אומגעקערט.

41b) אומגעקערט האָט ער זיך דעם 2-טן פעווראַל.

וואָס פאַר אַ ווערט ס'האָט דאָס פרײַערע מאַנעווּרירן מיט דער וואָרטשטעלונג אַף אַרויסצוקריגן פאַרשידענע באַטאָנונגען, — וועגן דעם איז איבעריק צו רעדן. ס'איז אויך קלאָר, אז וואָס מער זאַצגלידער מיר האָבן אין זאַץ, מער זײַנען דאָ מעגלעך פאַרשידענע קאָמבינאַציִעס מיט דער וואָרטשטעלונג. זאָל מען, אַשטייגער, צו 40 צוגעבן די גרופּע: „מיט אַ באַזאָרגט געמיט“, אַזוי זײַנען מעגלעך נײַע 2—3 קאָמבינאַציִעס.

צי שטעקט עפּעס אַזוינס אין פּרעסע־סטיל, אז מע מוז דאַפקע אָנקומען צו דעם־דאָזיקן שאַבלאָן? מיר האָבן שוין פריִער געזען דעם מוסטער 37. מע קען ברענגען נאָך עטלעכע (עמעס, געציילטע) אַזוינע בײַשפּילן. הייסט עס, אז מע קען אין דער פּרעסע, אין דער קולטור־שפּראַך, שרײַבן אַנדערש אויך. מע קען מערקן אַזאַ טענ־דענץ: ס'איז אָפּטמאָל געווענדט אין דעם, ווי ס'שטייט אין ערשטן זאַץ דאָס זאַכ־וואָרט, וואָס איז אינהאַלטלעך געבונדן מיט דעם צווייטן זאַץ. שטייט דאָס צום סאָף, אַשטייגער, ווי אין 31, 32, 33, 35 א. אז. וו. („אַרבעטער־קלוב“, „שול“, „גובער־ניע“, „קאָנפערענץ“), איז זען מיר צוזאַמענשטעלן דעם פאַלשן בײַזאַץ מיט „וועלכער“ און „ווי“: דער בײַזאַץ שטייט דאָ צו גלאַט, דירעקט צום זאַכוואָרט, אָן יעדער מעכיצע. וואָס ווײַטער דאָס זאַכוואָרט איז פונעם סאָף זאַץ, וואָס מער, הייסט עס, צווישן דעם זאַכוואָרט אונ דעם צווישנזאַץ איז פאַראַן אַנדערע זאַצגלידער, דער־הויפּט מיט זאַכווערטער, — מער איז פאַראַן שאַנסן פאַר קאָאָרדינאַציע, פאַר אַ פרײַער קאָנסטרוקציע. מיר זען דאָס אין מוסטער 37. די זאַצגרופּע „איבער די פראַגן וועגן קעמפן מיט די פּראָפעסיִאָנעלע קראַנקייטן“ צווישן „באַראַטונג“ און דעם צווייטן

זאצ („עס זײַנען“ א. אז. וו.) שאפט דאָ עפּעס ווי א מעכיצע: ס'איז צו ווײַט צו ציִע „ווי“ צו „באראטונג“.

---

נעמענ מיר צונויפ, וואָס דאָ איז געזאָגט וועגנ פאלשנ בײַזאצ, איז קומט אויס אזוי:

1. דער נאָרמאלער טיפּ בײַזאצ מיט „וועלכער“ (וואָס) ציט געוויינלעכ צו זאכוואָרט אינ א זאצ פריִער („הויפטזאצ“), און זײַנ פונקציע איז צו געבנ א סימענ אַ כאראקטעריסטיק פאר דעמדאָזיקנ זאכוואָרט.

2. אנקעגנ דעם האָט זיכ בא אונדז די לעצטע צײַט גילטיק געמאכט א מינ אור־ניווערסאלער „וועלכער“-זאצ, דערהויפּט אינ דער פּרעסע. דעמדאָזיקנ בײַזאצ ניצט מענ אָנשטאָט קאָאָרדינאציע, אָנשטאָט אנ אנקעגנשטעלונג, אָנשטאָט „ווײַל“, „אז“, „פארוואָס“, אָנשטאָט א זאצגליד.

3. אזויווי די גראמאטישע קאָנסטרוקציע שטימט דאָ נישט מיט דער פונקציע, איז ברענגט דאָס אינ א גרויסנ טייל פאלנ צו פאלשע אויסטײַטשנ, צו פארשמעלערנ, צו פארטונקלענ דעם אינהאלט (א טייל אָנשטאָט אלצ א. אז. וו.). דידאָזיקע שאבלאָנ־קאָנסטרוקציע טויט אָפּ, אָדער פארשלינגט די לעבעדיקע האנדלונג, דעם צושטאנד, וואָס איז באשריבנ אינ בײַזאצ.

4. דער פאלשער בײַזאצ מיט „ווי“ איז א מאָדיפיקאציע פונ דעמזעלבנ טיפּ בײַ־זאצ מיט „וועלכער“ און ער האָט יענעמס אלע פעלערנ. מיר האָבנ דאָ אנ ערגערע סטיליסטישע קאָמבינאציע.

5. דאָס בינדנ דעם צווייטנ זאצ דורכ „וועלכער“ אָדער „ווי“ מאכט דעם זאצ פארגליווערט. מיר פארלירנ די מעגלעכקייט צו מאנעווירנ מיט דער וואָרטשטעלונג און דורכ דעם ארויסצוקריגנ געוויסע באטאָנונגענ.

6. די שיינע ליטעראטור, נאָכ מער די פאָלקשפּראכ, ווײַזט דורכאנאנד פרײַערע און פארשידנארטיקע קאָנסטרוקציִעס. דער פאלשער בײַזאצ איז דאָ פרעמד, אָדער ער טרעפט זיכ דאָ זייער זעלטנ.

7. דערפונ איז, אגעוו, קלאָר, ווי ווײַט ס'איז געפאלנ די ווירקונג פונ דער שיי־נער ליטעראטור און פונ דער פאָלקשפּראכ אפ אונדזער קולטור־שפּראכ.

8. דער פאלשער בײַזאצ איז ניט קיינ מוז פאר דער צײַטונג־שפּראכ, פאר דער קולטור־שפּראכ. ס'איז נישט מער, ווי א שאבלאָנ, איבערגענומענ פונ דעם רוסישנ פּרעסע־שטייגער [12].

קיִעוו, 1929.

---

[12] אנקעגנ מײַנע באטראכטונגענ וועגנ דעם „פאלשנ בײַזאצ“,—דערהויפּט וועגנ דעם טיפּ מיט „וועלכער“,—איז מיר אויסגעקומענ צו הערנ אזא מיינונג: א) ס'איז פאראנ פאלנ, ווענ מע וויל זיכ בארופנ אפ א געוויסער זאכ, מע וויל דאָס אָבער נישט ברייט צעוויקלענ. אינ אזוינע פאלנ פרעסט מענ דאָס ארײַנ אָרנאמענטיש אינ א בײַזאצ. ס'קומט אויס געפרעסטער, שפּאָרעוודיקער. ב) ספּעציִעל איז נאָכ אָפּגעפרעגט דער טעזיס, אז אינ דעם פאל, ווענ די פּרעדיקאטנ אינ הויפטזאצ און אינ בײַזאצ שטייענ

ביידע אינ דער פארגאנגענהײַט, ווײַזט דער פּרעדיקאט אינ בײַזאַצ אנ אקציע (א צושטאנד), וואָס איז פאָרגעקומענ פריִער, ווי די אקציע אינ הויפּטזאַצ.

דאָ איז ריכטיק דער געדאנק, אז אינ קאָאָרדינאַציע איז פאראנ מער דערציילערישקײַט, מעמילע מער ברייטקייט, מער זעלבשטענדיקייט פונ דעמ געדאנק, איידער אינ סובאָרדינאַציִע (אינ א בײַזאַצ). אזא אומבאקוועמלעכקייט לאָזט זיכ אמאָל פילנ, — לויט מײַנע דערווײַליקע באאכטונגענ נאָכ, — אינ די פאלנ, ווענ דער הױפּטזאַצ אונ דער בײַזאַצ האָבנ *פארשידענע* סוביעקטנ (זע די בײַשפּילנ № 1, 4, 6 א. ד. גל.; נאָכ קלאָרער זעט מענ דאָס אינ № 10). דאָס איז שוינ אָבער קנאפּ גילטיק פאר די פאלנ, ווענ ביידע זאַצנ האָבנ *איינ* סוביעקט (№ 7, 8, 9, 14 א. אנד.), אויכ פאר די פאלנ (אפילע בא פארשידענע סוביעקטנ), ווענ מע קענ אויסקומענ מיט אנ *אנדער סובאָרדינאַציִע* (מיט „ווײַל״ — זע № 26; מיט „אז״, — זע № 27 א. ד. גל.). אפילע פאר דעמ טיפּ № 10 איז די אומבאקוועמקייט פונ דער דערציילערישקייט (אינ א קאָאָרדינירטנ זאַצ) נישט קיינ אבסאָליוטע. דאָ דארפ מענ נאָכ ציִענ אינ באטראכט דעמ מאָטיוו, וואָס איכ האָב שוינ דערמאָנט פריִער (אינ דער באמערקונג 7): די גיכקייט, די געײַלטקייט פונ דער צײַטונגס-ארבעט. קאָנקרעט אפּ אנ אָרט, ווענ דעמ שרײַבער איז געקומענ אינ קאָפּ צו זאָגנ עפּעס אזוינס, וואָס זעט אימ אויס ווי א זײַטנשטיק צו זײַנ הויפּט-טעמע, קענ ער זיכ קיינ אייצע נישט געבנ: די דערציילערישקייט (קאָאָרדינאַציִע) קומט אימ דאָ אויס נישט פאסיק, — מאכט ער דאָס מיט א „דריידל״ מיט א בײַזאַצ. דאָס הייסט אָבער נישט, אז דאָסזעלבע קענ מענ נישט זאָגנ פריִי, דערציילעריש אויכ (אינ א זעלבשטענדיקנ זאַצ): מע דארפ נאָר צוקלײַבנ דאָס פאסיקע אָרט (אמאָל איז דאָס פריִער, — אמאָל שפּעטער); מע דארפ צוליב דעמ איבערגרופּירנ דעמ מאטעריִאל, אָדער א טייל מאטעריִאל, אונ דערופ האָט דער כראָניקער, דער פּרעסע־רעפּערענט קיינ צײַט נישט. יערנפאל איז שווער אָנצונעמענ אָדער צו באשטרײַטנ גאנצערהייט דעמ אָפּווענד אינ פונקט א, אזוי לאנג ווי דאָס איז נישט דורכגעארבעט אפּ א היפּשער צאָל פאלנ, ניט דיפערענצירט אפּ פארשידענע גרופּעס א. אז. וו. נאָכמער איז דאָס גילטיק פאר דעמ פונקט ב (דאָ איז נאָכ, דאכט זיכ, מעגלעכ איינצײַטיקייט).

ס'איז אָבער א פאקט, אז דער פאלשער בײַזאַצ ברענגט אונדז ארופּ אינ א גרויסער צאָל פאלנ אפּ *פאלשע געדאנקענ* (ער ווײַזט, אשטייגער, א טייל, אָנשטאָט דאָס גאנצע; זע נומ. 14, 25). ס'איז אויכ א פאקט, אז דער פאלשער בײַזאַצ איז געוואָרנ פּאָשעט א *שאבלאָנ*, אונ מע ניצט אימ אפילע דעמלט, ווענ מע וויל בעפּיירעש *דערציילנ*, ברענגענ צומ באוווסט עפּעס *נײַס*, *וויכטיקס* (אשטייגער, נומ. 9).

# וועגן אייניקע זאצן-פארבינדונגען בא מענדעלען

(א בלעטל מענדעלעס סינטאקס)

אין דער יידישער פראָזע איז מענדעלע דער ערשטער, וואָס האָט געפורעמט אונדזער זאצבוי, וואָס האָט געשאפן סינטאקסישע סכעמעס צו בויען א ליטערא־רישע פראזע אף יידיש. ווי אזוי ער האָט דאָס געטון, — דאָס איז א זאך פאר א גרעסערער שטודיע־ארבעט. אינעם איצטיקן קאפיטל באהאנדל איך בלויז א פראט אין מענדעלעס סינטאקס (און ניט דעם שטארקסטן), — ספּעציעל די ראָליע פונעם 1־טן פארטיציפּ (די פאָרמעס: „זייענדיק״, „הערנדיק״ א. ד. גל.) באם באהעפטן געוויסע טיפּן זאצן. פאראלעל וויַיז איך אויך, ווי אזוי מענדעלע און אנדערע שיינשרייַבער ניצן אויך אנדערע קאָמבינאציעס פאר דיזעלבע צוועקן. ווער ס'האָט זיך צוגעקוקט צו אונדזער הייַנטיקער קולטור־שפּראך, ווי אָפט זי ניצט איצט דעם ערשטן פארטיציפּ, — דער וועט גרינג אייַנזען, אז דערדאָזיקער פראט בא מענדעלען (און בא אנדערע שיינשרייַבער) האָט פאר אונדז איצט אן אק־טועלן אינטערעס.

לאָמיר זיך צוקוקן צו די פראזעס 1—13 און אקעגן צו a1 — c13, וואָס איך ברענג דאָ פון מענדעלען און פון אנדערע שרייַבער.

A. 1) נו, אשטשאָ ווי קאזשעטע (וואָס זאָגט איר; נ. ש.)? האָב איך א זאָג געטון צו דער אלטע גויע, ארויסזעענדיק, אז ס'איז אומ־זיסטע רייד („קליאטשע״ III, אויסג. קאָמיס. פאר ייִד. איניאָנים (איבערגעדר. פון דער „יובילײ-אויסגאבע״) פעטראָגראד, 1918, 44).

a1) נו, אשטשאָ ווי קאזשעטע, האָב איך גלאט א זאָג געטון צו דער אלטער גויע, אז איך האָב ארויס־געזעען, דאָ וועט שוין קיין טייַנעס ניט העלפן („קליא־טשע״ 1, אויסגאבע, ווילנע, 1873, 35).

2) איך בין פארצאפּלט געוואָרן, הערנדיק דידאָזיקע ווער־טער („קליינ מענטשעלע״ יובילײ־אויסגאבע, 1913, 56).

a2) איך בין דערצאפּלט געוואָרן, אז איך האָב דאָס דערהערט („קליינ מענטשעלע״, אויסגאבע אדעס, 1865, 26).

3) און אפן ביסל דײַטשע ווערטער האָב איך שוין געקענט ווי ס'איז מיך אָנשטויסן, מאכמעס, ארומפּאָרנדיק מיטן כאזן, האָב איך אלע סאָרטן מענטשן געהערט רעדן (דאָרט 49).

a3) און דאָס ביסל דײַטשע ווערטער האָב איך געקענט פארשטיין, מאכמעס אז איך בין ארומגעפאָרן מיט דעם כאזן, האָב איך געהערט אלערליי מענטשן רעדן („קליין מענטשעלע" I, 22).

4) צוויי בושלעס, גוואַרדייצעס, מיט לאנגע רויטע פיס, שטייען אפן גראָז, פארטײַטנדיק די קעפּ אין דער הויך, און קוקן מיט גאדלעס („פישקע" II, III 45).

a4) ער פארלייגט די הענט טיף צו אין די ארבל, פארטײַסט זיי, ווי זײַן שטייגער איז, שטארק הויך צו דער ברוסט צו און גיט צו: „האלעמײַ זאָל ער זאָגן..." (ד. בערגעלסאָן, „אָפּגאנג", „אייגנס", ב. 2, 1920, 10).

b4) ארום איר זײַנען געשפּרונגען גאָלדענע וועווערקעס, געשפּרונגען, זיך געשטעלט אף די הינטערשטע פיסלעך, פארריסן די לאנגע האָריקע עקן, געקוקט, אײַנגעקוועטשט די שנעבעלעך און געשמעקט (אפּאטאָשו, ב. IV, „אליין", ווארשע, 1926, 10).

5) שפּעטלעך באנאכט פאָרט מײַן ביַידל איבער די גריבערדיקע גאסן פון גלופּסק מיט א קלאפּערײַ, א געשריי, אָנזאָגנדיק דעם אוילעם: נאָך צוויי פרישע ייִדן זײַנען אָנגעקומען קיין גלופּסק (פישקע, II, III 184).

a5) מיט מידע אָפּגעריסענע קלאַנגען באגלייט ער (דער קלויסטער-גלאָק; נ. ש.) פון דאָרט ארויס דעם טאָג, און די קלאַנגען קומען אהער פארדײַגעטע, אָפּגעשוואכטע און דערציילן דעם טאָגס שוואָכים געוועזן א שייבער טאָג, א ריינער טאָג („אָפּגאנג", 14).

b5) ער איז ניט אָפּגעטרעטן, זי געהאלטן אין איין קושן, און אין פענצטער האָט דער ווינט געהאלטן אין איין שיטן מיט א קרעכצ הויפנס שניי, אָנגעזאָגט א קעלט. (אפּאטאָשו, „אליין" 154).

c5) איך האָב אײַך פארגעסן צו דערציילן, אז דער ראָוו פון שטעטל האָט ניט געוואָלט ניט קומען צו מיר, ניט מיך אופנעמען בא זיך. ער האָט מיר געשיקט זאָגן, אז עס איז ניט זײַן זאך גאָר (פּערעצ, „בילדער און סקיצן", פארלאג ב. קלעצקין, ווילנע, 10).

6) אזוי, כאסענע האָבן? מאכט יאנטל, קוקנדיק אף מיר מיט א געלעכטער, טאקע אן עמעסער גלופּסקער („פישקע" II, III 160).

a6) אזוי? וואונדערט זיך כאיִם-מוישע און קוקט אף פישלען מיט כשאד,— פון דעם זאָגסטו, וואָס סע שטארבן אלע מענטשן? („אָפּגאנג", 15).

7) איך מאך א פרום פּענימל און, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, זאָג איך... („פישקע" II, III 181).

a7) איצכאָק-בער באקומט פלוצים אזא פרום פּאָנעם, גלײַך ער דאווענט מיט גרויס קאַוואָנע.— ער שליסט צו די אויגן, שאָקלט אהין און צוריק מיטן קאָפּ און זאָגט אף אים איידעס... („אָפּגאנג", 13).

8) ווער, ווער? — טרײַבט איישיקעלע אונטער דער רעבע, און עס ווערט אים גרינגער אפן הארצן,

a8) ר' אלטער, גאָט איז מיט אײַך! וואָס רעדט איר? שפּרינג איך אזש אונטער פאר גרויס וווּנדער און מײַן זיכער, אלטער איז אין טאמעז פאר גרויס היצ מעשוגע געוואָרן („פישקע" II, III 29).

מיינענדיק, אז ער האלט שוין מיט דעם טאלמיד אפ א שטיקל דער־רעכ („פישקע״, II, III 63—64).

b8) קענעדי האָט גאָר אָנגעקוואָלן; ער האָט גע־מיינט, אז דער דאָקטער האָט שוין... אָנגעוואָרן דעם כיישעק צו שלעפן זיך (ממ״ס, לופטבאלאָן, זשיטאָמיר, 1868, 3).

9) אבי ער („דער רויטער מאמ־זער״; נ. ש.) איז מײַנער פּאָטער געוואָרן, האָט ער מײַן ווײַב ביסלעכ־ווײַז ארײַנגענומען אין די לאפּעס... ווי סנדיק זייער גוט, אז פון זײַנע הענט איז איר שוין אומעגלעכ זיכ אויסצודרייען („פישקע״ II, III 170).

a9) און אז דער באַרג איז ניט געקומען צו מאכמעדן ווײַל ער האָט פּאָשעט ניט געוווּסט פון אים, איז מאכמעד געגאנגען צום באַרג, (פּערעצ, „ביל־דער און סקיצן״, 24).

B. 10) אופּעפּנדיק די אויגן, האָב איכ געזעען, איכ ליג, אויסגעצויגן אפּ דעם פּאָל („קליאטשע״ I, II, III 181).

a10) אז ער האָט געעפּנט די אויגן און צו זיכ געקומען, האָט ער זיכ געפונען... אין וואָגן אפּ א גרויסן זאק קארטאָפּליעס (ממ״ס, „מאסאָעס״ I אויסגאבע, ווילנע 1878, 16, II יובילײ־אויסגאבע, 1913).

11) דערזעענדיק דאָס, האָב איכ מיכ דערמאָנט אין דעם, וואָס כאכאָמים, געלערנטע זאָגן אין זייערע ביכער איבער וואָפּקולאקעס („קליאטשע״ III, 68—69).

a11) נאָר אז זי האָט געזעען, אז עס איז ארויסגעוואָרפנע רייד... האָט זי מיר נאָכגעגעבן (קליא־טשע I, II (אויסגאבע אדעס 1888), III, 10).

b11) דערזעענ, אז מיט איר אייניקל האלט דאָס שמאָל, האָט זיכ די באבע מינדי אָנגערופן צום גאנצן אוילעם (ש״א „פונעם יאריד״, ב. I, פארלאג „קולטור־ליגע״ ווארשע, 114).

c11) פרומע האָט דערזעען גערגעלען, האָט זי א קוק געגעבן אפּ אים מיטן בלינדן אויגל און א פּרעג געטון... („פונעם יאריד״ ב. I, 136).

d11) זי האָט אים דערזעען, איז זי טויט געוואָרן און איז געפאלן צוריק אפּ דער ערד („די סוקע אין וואלד״ (פ״ב) ווילנע, 1914, 8).

12) דערמאָנענדיק זיכ אין העקדעש, איז מיר א פּראָסט איבער דעם לײַב איבערגעגאנגען („פישקע״ II, III 125).

a12) און פיל מאָל, אז זי האָט זיכ דער־מאָנט אָן וולאדעקן, האָט זי לאנג געטראכט, צי דאָס האָט מיט איר פאסירט (אפּאטאָשו, „אליין״, 112).

b12) נאָר באַם דערמאָנען זיכ אין דידאָ־זיקע מאלאכע־כאבאָלעס... האָב איכ זיי מויכל געווען מײַן שטיקל פלאצ („פישקע״ II, III 114).

c12) דערמאנט זיכ אינעם אויצער, קומט אים אפּן זינען זײַן כאווער שמוליק (פונעם יאריד. ב. I, 148).

13) איכ ווייס, אז מײַן פישקע דער קרומער איז עפּעס נישט אזא מאטאָנע אפּ אָפּצודאנקן אײַכ מיט

a13) נאָר אזוי ווי (ווײַל, העיויס ווי) איכ ווייס באַ מיר אײַער גוט הארצ... פאַרהאָפּ איכ אז... (נ. ש.).

אים פאר אײַער פרײַנטשאפט, נאָר, וויסנדיק באַ מיר אײַער גוט הארצ... פארהאָפּ איכ, אז איר וועט מײַנ אָרעמענ פישקענ אופנעמענ מיט א באָרעכ־האבע („פישקע" II, III 8).

b13) נאָר איכ ווייס באַ מיר אײַער גוט הארצ... פארהאָפּ איכ, אז... (נ. ש.).

c13) נאָר איכ ווייס באַ מיר אײַער גוט הארצ אונ פארהאָפּ, אז... (נ. ש.).

ס'גייט מיר אינ דעמ צו ווײַזנ, ווי אזוי מענדעלע פארבינדט געוויסע גרופּעס זאצנ צווישנ זיכ אינ דער פּראזע. אינ די 13 פּראזעס רעכטס ווײַז איכ, ווי אזוי דאָס טוט מענדעלע; אינ די אנקעגנדיקע פּראזעס לינקס ווײַז איכ, ווי אזוי אנדערע שרײַבער פארבינדנ דיזעלבע טיפּנ זאצנ, צומטייל ווי מענדעלע גופע מאכט דאָס אויכ אנדערש, ווי רעכטס. איכ זאָג דאָ: „טיפּנ", ווײַל געבנ לינקס אלציינע פּראזעס, ד. ה. פּראזעס מיט דעמזעלבנ וואָרט־אינהאלט (נאָר מיט אנ אנדער פארבינדונג) איז ניט מעגלעכ איבער דעמ אינדיווידועלנ כאראקטער פונ דעמ קינסטלערישנ שטאָפּ: גענוי דערזעלבער אינהאלט כאזוערט זיכ זעלטנ איבער. פּראזעס קימאט מיט דעמזעלבנ וואָרט־אינהאלט האָבּ איכ געקענט געפינענ בלויז 3 פּאָר, נומערנ 1—3 אונ a1—a3. דאָס איז פּראזעס, וואָס מענדעלע האָט איבערגעטראָגנ קימאט גאנצערהייט פונ די ערשטע אויסגאבּעס פונ זײַנע ווערק אינ די לעצטע אויסגאבּעס אונ דערבּײַ געבּיטנ די ארט פארבּינדונג (אזוינס,—בּײַטנ די פארבינדונג,—טרעפט זיכ באַ מענדעלענ זייער זעלטנ). איכ האָבּ זיכ געמוזט צופרידנשטעלנ לינקס מיט דיזעלבּע טיפּנ פּראזעס, ניט געגעבּנדיזעלבּע פּראזעס מיט קיינ צוגעקלערטער אנדער פארבינדונג, ווײַל איכ האָבּ דאָ געוואָלט ווײַזנ, ווי אזוי מע שרײַבּט פּאקטיש, ניט סטאמ ווי אזוי מע וואָלט געקענט אנדערש שרײַבּנ. אנ אויסנעמ איז אינ דעמ פּראט די פּראזעס a13, b13, c13: איכ האָבּ אינ דעמ בּיסל ליטערארישנ מאטעריאל, וואָס איכ האָבּ איצט געקענט ניצנ, ניט געפונענ קיינ אנאלאָגנ (נאָר מיט אנ אנדער פארבינדונג) צו פּראזע 13. מיר איז אָבּער דידאָזיקע פּראזעס וויכטיק געווענ: דאָס איז א ספּעציעלע קאטעגאָריע, ווי מיר וועלנ דאָס ווײַטער זענ. איכ האָבּ די 13 פּראזעס אײַנגעטיילט אינ 2 גרופּעס: A (№ 1—9) אונ B (10—13). דער כילעק איז דער, וואָס אינ A קומט אינ דער פּראזע דער בּײַזאצ, ד. ה. דער זאצ, וואָס הויבּט זיכ אָנ רעכטס מיט דעמ 1־טנ פּארטיציפּ („ארויסזועענדיק" (1), „הערנדיק" (2) א. אז. וו.), נאָכ אָדער אינמיטנ הויפּטזאצ; אינ B — פארקערט, פריער, פאר דעמ הויפּטזאצ[1]). זאָל נאָכ דאָ פאָרויס געזאָגט זײַנ: דער לייענער וועט גרינג באמערקנ, אז אלע 13 פּראזעס האָבּנ די אייגנטימלעכקייט,

1) די טערמינעס „הויפּטזאצ" אונ „בּײַזאצ" ניצ איכ דאָ אינ א ספּעציעלנ, לאָגישנ זינענ: דער געדאנק, וואָס דער אויטער וויל דארופ שטעלנ דעמ הויפּט־טראָפּ (הויפּטזאצ), אונ דער געדאנק, וואָס איז באַמ אויטער אפּנ צווייטנ פּלאנ, וואָס ווײַזט, בּאַ וואָסער סיטואציע עפּעס (וואָס שטייט אינ הויפּטזאצ) איז פאָרגעקומענ, וואָס ווײַזט א זײַטיק טועכץ אָדער צושטאנד צומ הויפּט־טועכץ אָדער הויפּטצושטאנד, די סיבּע פונעמ הויפּט־טועכץ, אמאָל דעמ רעזולטאט. איכ וועל שפּעטער ווײַזנ, אז דאָס איז דער פאקטישער מאָטיוו פאר פארבּינדנ זאצנ דורכ דעמ 1־טנ פּארטיציפּ. דערבּײַ לאָז איכ איצט אָפּנ די פראגע, צי מײַנע איצטיקע טערמינעס שטימענ דערמיט, וואָס מיט זיי איז געמיינט אינ דער פאָרמעלער גראמאטיק.

וואָס אין יעדער פּראַזע האָט דער הויפּטזאַץ און בײַזאַץ איין לאָגישן סו־ביעקט.

אין אַלע 13 פּראַזעס רעכטס פאַרבינדט מענדעלע דעם בײַזאַץ מיט דעם הויפּט־זאַץ דורך דעם 1־טן פּאַרטיציפּ („אַרויסזעענדיק", „הערנדיק", „פאַרבײַסנ־דיק", „ווייסנדיק" א. א.). אין די אַנטקעגנדיקע פּראַזעס לינקס איז די פאַרבינדונג אַן אַנדערע, און אַ פאַרשידנאַרטיקערע. מע קען דאָ אויסטיילן:

1) די „אַז"־גרופּע (№ a1, a2, a3, a10, a11, a12). אין דער דאָזיקער גרופּע זײַנען די בײַזאַצן פאַרבונדן מיט די הויפּטזאַצן דורך דעם בינדוואָרט „אַז". ס'איז ניט שווער צו זען, אַז דיזעלבע ראָליע קענען דאָ שפּילן (און שפּילן פּאַקטיש) אַזוינע בינדווערטער ווי „ווען", „בעשאַס" „בעיס".

2) די „און"־גרופּע (№ a5, a6, a8,). דאָ האָבן מיר אַ געוויינלעכע קאָאָרדינאַציע פון צוויי זאַצן, און דעריבער פאַרעכן איך אַהער אַזוינע פאַלן, ווו דער „און" פעלט, ער וואָלט אָבער געקענט זײַן (№ a4, b4, b5, a7).

3) די גרופּע 2־טער פּאַרטיציפּ (№ b11, c12). דער 2־טער פּאַרטי־ציפּ שטעלט זיך דאָ אין זאַץ אָנשטאָט דעם 1־טן; די זאַצקאָנסטרוקציע בלײַבט דער־בײַ ניט געענדערט.

4) די לויזע פאַרבינדונג (c5, b8, c11, d11, b13). די פאַרבינדונג דער־קענען מיר צומיינסטנס אין דער וואָרטשטעלונג (c11, d11, b13): די אומדירעקטע וואָרטשטעלונג אין הויפּטזאַץ (פריִער דער פּרעדיקאַט, דערנאָך דער סוביעקט: „האָט זי אַ קוק געגעבן", „איז זי טויט געוואָרן") ווײַזט, אַז דער הויפּטזאַץ איז אַן אויספיר, אַ רעזולטאַט פון דעם בײַזאַץ, וואָס פאַר אים. דאָס איז דער טיפּ פּראַזעס, וואָס ייִערע בײַזאַצן קען מען אָנהויבן מיט „אַז". מע קען זאָגן: „אַז פרומע האָט דערזען" א. אַז. וו. (c11); „אַז זי האָט אים דערזען א. אַז. וו. (d11). אין דער פּראַזע c5 איז דער זאַץ „ער האָט מיר געשיקט זאָגן"—אַ העמשעך פון דעם פריִער־דיקן זאַץ; ריכטיקער וואָלט דאָ געווען צו שטעלן אַ צווייפּונקט (:), אָדער אַ פּינטל מיט אַ קאָמע (;). דאָסזעלבע צומטייל קען מען זאָגן וועגן b8; דער כּילעק איז, וואָס דער זאַץ „ער האָט געמיינט" א. אַז. וו., איז אַ מאָטיווירונג, און מע וואָלט דאָ אים געקענט פאַרבינדן מיט דעם הויפּטזאַץ דורך דעם בינדוואָרט „ווײַל", „וואָרעם" („ווײַל ער האָט געמיינט" א. אַז. וו.). דאָסזעלבע, מיט „ווײַל" קען מען שרײַבן b13 אויך („נאָר ווײַל איך ווייס" א. אַז. וו.).

5) די גרופּע סובסטאַנטיווירטער אינפיניטיוו (b12). דער גאַנ־צער בײַזאַץ: „אַז איך האָב זיך דערמאָנט" איז אײַנגעפּרעסט אינעם סובסטאַנטי־ווירטן אינפיניטיוו „דערמאָנען זיך", מיט „באַם" אָדער „נאָכן" א. ד. גל. פאַר דעם (זע שפּעטער פּראַזע 51).

6) פאַרשידענע. פאַר אונדז קומט דאָ קוידעמקאָל אין באַטראַכט די פאַר־בינדונג דורך „ווײַל" (№ a9, a13), אָדער „אַזויווי", העיוס ווי". מיר וועלן אָבער שפּעטער זען אַנדערע אַרטן פאַרבינדונגען אויך.

מע פאַרשפּאָרט צו זאָגן, אַז ניט שטענדיק אין אַזוינע פאַלן ניצט מענדעלע נאָר דעם 1־טן פּאַרטיציפּ, און אַנדערע שרײַבער דאַפקע נאָר אַנדערע אַרטן פאַרבינ־דונגען. וועגן מענדעלען האָבן מיר שוין געזען אַפילע אין די עטלעכע געבראַכטע

פראזעס, ווי ער ניצט „אז", די „אונ"־פארבינדונג אויכ (№ a1, a2, a3, a11, a8), די לויזע פארבינדונג (b8). ס'איז אָבער וויכטיק צו וויסנ די פּראָפּאָרצ, ווי אזוי די־יענע ארט פארבינדונג טרעפט זיכ בא א שרײַבער, וואָסערע ארט פארבינדונג איז אימ סטיליסטיש נעענטער, ליבער. א שטיקל באגריפ וועגנ דעמ קענענ אונדז געבנ אזוינע ציפער וועגנ אייניקע (ניט אלע) ארטנ פארבינדונגענ:

| ווערק | וויפל דרוק־בויגנ 2) | 1-טער פארטיציפּ: אינמיטנ אָדער נאָכ דעמ הויפּטזאצ | 1-טער פארטיציפּ: פאר דעמ הויפּטזאצ | אז 3) | 2-טער פארטי־ציפּ |
|---|---|---|---|---|---|
| ממ"ס „קליינ מענטשעלע" I (1865) | 1¼ | — | 1 | 11 | — |
| " „ווינשפינגערל" I (1865) | איבער 1 | — | — | 7 | — |
| " „די קליאטשע" I (1873) | 5 | 26 | 12 | 15 | 3 |
| " „מאסאָעס" I (1878) | 4½ | 25 | 21 | 12 | 3 |
| " „פישקע" II (1888) | 7½ | 193 | 31 | 12 | 7 |
| " „ווינשפינגערל" (1888-1889) | 6½ | 234 | 20 | 7 | 2 |
| ש"א „פונעמ יאריד" ב. I . . . | 9 | 15 | 10 | 7 | 46 |
| פערעצ „בילדער אונ סקיצנ" . . | 8 | 23 | 11 | 14 | 3 |
| אפּאטאָשו „אלײנ" . . . . . . | 7¼ | 20 | 4 | 8 | — |
| ש. גאָדינער „דער מענטש מיט דער ביקס" . . . . . . . | 7½ | 10 | — | 1 | — |
| מ. דאניִעל „אפנ שוועל" . . . | 6½ | 1 | 1 | 3 | 4 |
| ה. אָרליאנד „הרעבליעס" . . . | 9½ | 4 | 4 | 6 | 15 |

דידאָזיקע טאבעלע האָט א גרינטלעכנ כיסאָרנ: אנקעגנ די פארבינדונגענ דורכ דעמ 1-טנ פארטיציפּ איז פונ אנדערע ארטנ פארבינדונגענ אנקעגנגעשטעלט בלויז די פארבינדונגענ דורכ „אז" אונ דורכ דעמ 2־טנ פארטיציפּ, ניט מער. מיר האָבנ שוינ אָבער פריִער געזענ, אז ס'זײַנענ פאראנ נאָכ אנדערע ארטנ פארבינדונגענ: דורכ „אונ", לויזע פארבינדונגענ א. אז. וו. אינ דער טאבעלע זעענ מיר זיי ניט, מעמיילע קריגט מענ דאָ א פאלש בילד; ריכטיקער,— ניט קיינ קלאָר בילד. קאָנקרעט גערעדט, מע קענ זיכ פרעגנ אזוי: ווי אזוי קומט אויס, אשטייגער, פערעצ אינ זײַנע 8 בויגנ „בילדער אונ סקיצנ" בלויז מיט 34 מאָל 1־טער פארטיציפּ, מיט 14 מאָל „אז" אונ 3 מאָל 2־טער פארטיציפּ, בעייס מענדעלע דארפ האָבנ פאר זײַנע 7½ בויגנ „פישקע" גאנצע 224 מאָל 1־טער פארטיציפּ, 12 מאָל „אז", 7 מאָל 2־טער פארטיציפּ? מיט וואָס פילט פערעצ אויס די לאָכ אינ דער נעצ פארבינדונגענ? דער ענטפער איז קלאָר, מע פארשפּאָרט אפילע צו עפענענ פערעצעס ביכל: פערעצ ניצט שטארק, אָנשטאָט דעמ 1־טנ פארטיציפּ, א נ ד ע ר ע פארבינדונגענ: די „אונ"־פארבינדונג, לויזע פארבינדונגענ א. אז. וו. רעגיסטרירנ אָבער מיט זיכערקייט דידאָזיקע

2) א דרוקבויגנ איז דאָ אומעטומ גערעכנט 40 טויזנט אויסיִעס.

3) „אז" איז דאָ געמיינט: 1) נ אָ ר „אז" ניט, די „אז"־גרופּע ביכלאל (ד. ה. אהער גייט ניט ארײַנ די פארבינדונג דורכ „בעשאס", „בעייס", „ווענ"); 2) די „אז"־פארבינדונג, וואָס מע קענ זי פארבײַטנ אפּ דעמ 1-טנ פארטיציפּ, ד. ה. אינ די פאלנ, ווענ דער הויפּטזאצ אונ בײַזאצ האָבנ איינ לאָגישנ סוביעקט (זע פריִער ז. 155).

אנדערע פארבינדונגען לאָזט זיך ניט. אזא רעגיסטראציע וואָלט געקענט האָבן א זי־נען פאר אונדז איצט נאָר אין דעם פאל, ווען מיר זאָלן קענען זאָגן, כאָטש מיט א רעלאטיווער זיכערקייט: אָט אין אזוינע קאָנקרעטע פאלן ניצט פערעץ די „און״־גרופע א. אז. וו. דאָרט, ווו מענדעלע וואָלט געניצט דעם 1־טן פארטיציפ. אזא זיכערקייט קענען מיר אָבער ניט האָבן, וואָרעם מענדעלע ניצט אָפטמאָל די „און״־פארבינדונג א. אנד. אויך, דאָרט ווו ער וואָלט געקענט שטעלן דעם 1־טן פארטיציפ. אשטייגער, אין דער פראזע 8 שרײַבט מענדעלע: „מיינענדיק״; אנקעגן שרײַבט ער גופע אין דער פראזע a8: „און מיינ״ (די „און״־פארבינדונג). מע קען זאָגן ביכלאל: אין א גרויסן טייל פאלן, עפשער אין דעם גרעסטן טייל, האָט דער 1־טער פארטי־ציפ אײַנגעשלונגען בא מענדעלען די „און״־פארבינדונג און אנדערע ארטן פארבינ־דונגען. רעגיסטרירן אָבער אין ציפער אזא אנקעגנשטעלונג בא מענדעלען און אנדערע לאָזט זיך ניט; די ציפער קענען ניט האָבן קיין אָביעקטיווע ווערט. אן אויסנאם מאך איך בלויז פאר „אז״; דאָ איז די זאך אביסל אָביעקטיווער; כוצדעם, דארף איך דאָס האָבן פאר מענדעלען גופע, פאר זײַנע ערשטע און לעצטע ווערק, ווי מיר וועלן דאָס באלד זען.

פון דער געבראכטער טאבעלע לאָזט זיך מאכן אזוינע אויספירן:

1) מענדעלע ניצט די פארבינדונג דורך דעם 1־טן פארטיציפ אין געוויסע טיפן פראזעס אין אזא מאָס, ווי קיין אנדער ייִדישער שיינשרײַבער. דאָס איז בא אים די באליבטסטע ארט פארבינדונג.

2) דער 1־טער פארטיציפ קומט בא מענדעלען ניט מיטאמאָל, ניט פון אָנהויב זײַן ליטערארישן שאפן. וואָס ווײַטער־וואקסט אָן דער 1־טער פאר־טיציפ מער און מער, ביז לעסאָף, צום יאָר 1888, דאָמינירט ער בא מענ־דעלען איבער אלע אנדערע ארטן פארבינדונגען. ס'איז גענוג צו פארגלײַכן, אשטיי־גער, אזוינע ציפער: אין $1^1/_4$ בויגן „קליינ מענטשעלע״ האָט מענדעלע 11 „אז״־פארבינדונגען; אין $7^1/_2$ בויגן „פישקע״—12 אזוינע פארבינדונגען.

3) אנדערע ייִדישע שיינשרײַבער ניצן זייער ווייניק דעם 1־טן פארטיציפ, קומען אויס מיט אנדערע ארטן פארבינדונגען. ספּעציעל בא שאָלעם־אלייכעמען פארנעמט א היפש אָרט דער 2־טער פארטיציפ. זאָל דאָ דערבײַ, אגעוו, געזאָגט זײַן: פונקט 3 איז נעגייע ייִדישע שיינשרײַבער, וואָס זײַנען ניט געבראכט אין מײַן טאבעלע אויך. ס'איז גענוג דורכצוקוקן, אשטייגער, בערגעלסאָנס „אָפגאנג״ א. ד. גל. דאָס איז נעגייע א. אבטשוקן. א. קאהאנען. קיין ציפער קען איך דאָ ניט ברענגען, און איך מוז אָפשיקן דעם לייענער צו זייערע ווערק 4).

פונוואנען נעמט זיך צו מענדעלען אזא אָנגעזאָפטקייט מיט דעם 1־טן פארטיציפ (אנקעגן דעם גרעסטן טייל ייִדישע בעלעטריסטיק)?

---

4) א. אבטשוק: „די קאריער פון אדוואָקאט קרוינ״ אין דער „רויטער וועלט״, כארקאָוו, נ. 8—9 1927; א. קאהאנ: „שכיינים״, דאָרט, נ. 10—11, 1927.

אן אויסנאם איז אין דער בעלעטריסטיק אויזער ווארשאווסקי. אין די „שמוגליארעס״ ניצט ער דעם 1־טן פארטיציפ זייער ברייט. איך האָב דאָ אָנגעציילט 206 מאָל 1־טער פארטיציפ נאָך אָדער אינמיטן הויפטזאץ, 23—פאר דעם הויפטזאץ; 17 מאָל „אז״ און 32 מאָל 2־טער פארטיציפ.

מענדעלע האָט דאָס ניט געקענט נעמענ בא דער פאָלקשפראכ, וואָרעמ די גע־
רעדטע שפראכ האָט דאָס ניט. פארשטייט זיכ: די פאָרמעס „גייענדיק“, „שטייענדיק“,
„וויינענדיק“, רײַטנדיק“ א. אז. וו. זײַנענ פאראנ אינ דער פאָלקשפראכ, אָבער אינ
זאצ זײַנענ דידאָזיקע פאָרמעס אדווערבנ (наречие), ניט קיינ 1־טער פארטיציפ. מע
קענ דאָס גרינג ארויסזענ פונ אזוינע קאָמבינאציעס ווי: פאָרנ אפ עמעצנ ר ײַ ט נ ־
ד י ק, צוזענ עפעס ש וו ײַ ג נ ד י ק, צעזעצט ווערנ ל א כ נ ד י ק א. ד. גל., וואָס
טרעפנ זיכ בא מענדעלענ אויכ. מענדעלע האָט דאָ אויכ ניט געקענט נעמענ בא דער
ליטעראטור: בא אקסנפעלדנ, עטינגערנ, גאָטלאָבערנ, לינעצקינ („דאָס פוילישע ייִנגל“
פונ 1868) טרעפט זיכ דער 1־טער פארטיציפ זייער זעלטנ. ווו־ניט־ווו קענ מענ
טרעפנ דידאָזיקע פאָרמע בא א. מ. דיקנ, אָבער ניט בא א. מ. דיקנ האָט זיכ מענ־
דעלע געלערנט. די פובליציסטישע שפראכ יענע צײַט (דער „קול מבשר“, אדעס
1862—1872) ווייסט אויכ זייער ווייניק צו זאָגנ פונעמ 1־טנ פארטיציפ. בעכיינ מוז
מענ זאָגנ, אז מענדעלע אין אינ דעמ פראט א נ אָ וו א ט אָ ר אינ דער ייִדישער לי־
טעראטור; ס'איז מענדעלעס א סינטאקסישער אופטו, אונ גענומענ האָט ער דאָס בא
גראמאטיש מער־אנטוויקלטע שפראכנ, צומ אלעמ ערשטנ—בא רוסיש.

וואָס איז מענדעלע אויסנ געווענ מיט דעמ 1־טנ פארטיציפ? איכ וויל דאָ
נישט באהאנדלענ די טעמע אינ איר גאָרער ברייט,—דערווײַל בלויז דאָס
ויטיקסטע.

די פארבינדונג דורכ דעמ 1־טנ פארטיציפ קענ האָבנ בא מענדעלענ, ווי אינ
יעדער שריפטשפראכ, דערהויפט אינ דער פובליציסטיק, דעמ הויפט־צוועק: אָפצוטיילנ
אינ א קאָמבינאציע פונ 2 זאצנ דאָס מ ע ר ו י כ ט י ק ע פונ דעמ וו ײ נ י ק ע ר ־
ו י כ ט י ק נ פאר דעמ געדאנקענ־קאָמפלעקס פונ די 2 זאצנ. דאָס וויכטיקערע
שטעלט דער שרײַבער אינ הויפטזאצ; דער בײַזאצ מיטנ 1־טנ פארטיציפ
ווײַזט:

1) ב א ו ו אָ ס ע ר צ ו ש ט א נ ד, ב א ו ו אָ ס ע ר ס י ט ו א צ י ע ק ו מ ט פ אָ ר
ד אָ ס, ו ו אָ ס ס ע ד ע ר צ ײ ל ט ז י כ א י נ ה ו י פ ט ז א צ. אשטייגער, אינ דער
פראזע 1 איז פאר מענדעלענ דאָס וויכטיקסטע, וואָס ער פרעגט די גויע; דער
בײַזאצ „ארויסזעענדיק, אז ס'איז אומזיסטע רייד“ איז א צוהילפ צומ הויפטגעדאנק;
דאָס ווײַזט, בא וואָס פאר א צושטאנד פרעגט ער די גויע.

2) א פ א ר א ל ע ל, אָ ב ע ר ו ו ײ נ י ק ע ר ו י כ ט י ק ט ו ע כ צ (פאר דעמ
ה ו י פ ט ג ע ד א נ ק), אשטייגער:

14) „ער (דער טשינאָווניק) זוכט זיכ פלוצלימ צו מײַנע פייעס אונ, נ אָ כ ק ר י מ ע נ ד י ק מ י כ ש ט א ר ק א י נ ק א ס, כאפט ער אינ אימפעט פונעמ טיש א שער אונ שערט מיר אָפ אינגאנצנ איינ פייע („קליאטשע“, I, II, III 54).

דער הויפטגעדאנק איז דאָ קאָנצענטרירט אפ דעמ, וואָס ׳ער טשינאָווניק זוכט
זיכ עפעס צו אימ, דערזעט מיטאמאָל זײַנע פייעס אונ שערט אימ אָפ איינע. דאָס,
וואָס דער טשינאָווניק קרימט אימ נאָכ דערבײַ נאָכ,—דאָס איז א זײַטנשטיק צו דעמ
הויפטגעדאנק; ס'האָט געמעגט ניט זײַנ, אונ דער הויפטגעדאנק וואָלט דערפונ
ווייניק אָנגעוואָרנ; שטעלט דאָס דער שרײַבער אינ א בײַזאצ מיטנ ערשטנ
פארטיציפ.

3) די סיבע פון דעם טועכץ אָדער צושטאנד אין הויפּט־זאַץ. אשטייגער, אין דער פראזע 9: ווײַל ער („דער רויטער מאמזער") האָט זייער גוט געוווסט, אז דאָס ווײַב (פישקעס) וועט זיך שוין פון זײַנע הענט ניט ארויסדרייען (בײַזאַץ: „וויסנדיק זייער גוט" א. אז. וו.), דעריבער האָט ער זי „ביסלעכווײַז ארײַנגענומענ אין די לאַפּעס" (הויפּטזאַץ). אינעם אנקעגנדיקן זאַץ לינקס (a9) בא פערעצן האָבן מיר דיזעלבע לאָגישע באַציִונג צווישן צוויי זאַצן דער בארג איז ניט געקומען צו מאכמעדן, איז מאכמעד געגאנגען צום בארג. פאר: וואָס איז דער בארג ניט געגאנגען? „ווײַל ער האָט פּאַשעט ניט געוווסט פֿון אים" (פון מאכמעדן); פארבינדט דאָ פערעץ די זאַצן אָפּן מיט דעם בינדוואָרט „ווײַל". דאָסזעלבע איז אין 8. דאָסזעלבע איז אין 13. פארוואָס פארהאָפט (מענ־דעלע), אז זײַן אדרעסאט (מ. מארגוליעס) וועט שיין אופנעמען דאָס מײַסע־ביכל „פישקע"? ווײַל ער (מענדעלע) ווייסט יענעמס גוט הארץ. איך האָב דעריבער גע־שטעלט אינעם אנקעגנדיקן זאַץ (a13): „אזוי ווי (ווײַל, העיוס) איך ווייס", אָנשטאָט „וויסנדיק" אין 13. די פראזע איז מיר וויכטיק דערפאר, וואָס דער מאָטיווירנדיקער בײַזאַץ („וויסנדיק" א. אז. וו.) שטייט דאָ אין דער צווייטער העלפט פראזע פריִער פאר דעם הויפּטזאַץ („פארהאָפּ איך" א. אז. וו.). אזוינס טרעפט זיך זעלטענער,

די דרײַ געבראכטע גרופּעס זײַנען ניט די איינציקע. אָבער פאר מײַן צוועק איצט און פאר די איצטיקע ראַמען איז דאָס גענוג. אסאך אָפטער טרעפן זיך די פאלן 1, 2, איידער 3. פרעגט זיך, צי איז דאָ פאראן אָביעקטיווע סימאָנים אפּ אָפּצוטיילן דורך דעם 1־טן פארטיציפּ דאָס ווייניקער וויכטיקערע פון דעם מער וויכטיקן? א געוויסן ענטפער דערויף קריגן מיר, אשטייגער, אין די פראזעס 6 און a6. בערגעלסאָן שרײַבט: „און קוקט"; מענדעלע שרײַבט: „קוקנדיק". דאָסזעלבע איז אין 7 און a7 א. אז. וו. דאָס הייסט: פאר מענדעלען איז דאָס „קוקן" אין 6 א זײַטנשטיק, פאר בערגעלסאָנען ניט. דאָסזעלבע איז אין פראזע 4. ס'איז שווער צו זאָגן אָביעקטיוו, פארוואָס דאָס „פארײַסן די קעפּ", איז ווייניקער וויכטיק פאר „קוקן מיט גאדלעס". מע קען זאָגן פארקערט אויך. די וואָג (פאר ווייניקער און מער וויכטיק) ליגט דאָ באם שרײַבער אין די הענט, ס'איז סוביעקטיוו; קיין קלאָרע סימאָנים איז דאָ ניט מעגלעך פעסטצושטעלן. דערפון נעמט זיך, וואָס אזוינע סטיליסטן ווי פערעצ, ש"א, בערגעלסאָן און אנדערע קענען זיך באגיין מיט א מינימום פאלן 1־טער פארטיציפּ. און ווידער: דער 1־טער פארטיציפּ איז ניט די איינציקע מעגלעכקייט אָפּצוטיילן דאָס ווייניקער וויכטיקע. ס'איז מעגלעך פײַנערע סטיליסטישע קאָמבינאציִעס; אָבער דאָ איז ניט דאָס אָרט דערפון צו רעדן,

מענדעלע האָט זײַנע באליבטע טיפּן פראזעס, ווו דער 1־טער פארטיציפּ איז בא אים א קלאל. לאָמיר דאָ ווײַזן אפּ דעם ציטאט. ברענגט מענדעלע יענעמס רייד (רעפּליקע, דיאלאָג), אזוי טרעפט מען בא אים קימאט שטענדיק דעם 1־טן פארטי־ציפּ, לויט אזוינע 3 סכעמעס:

א) דער 1־טער פארטיציפּ שטייט פריִער פאר דעם ציטאט:

15) a) אלטער שטעלט אפּ מיר אויס א פאָר אויגן, שאָקלט מיט דעם קאָפּ, שטארק אופגעבראכט, b) מאכנדיק דערבײַ ווי אין דער וועלט ארײַן: c) „א גאנעוו אביסל פון א ייִדנו" („פישקע" I, III 30).

דער 1-טער פּאַרטיציפּ (b) קומט דאָ צווישן א טועכץ (a), און דעם ציטאַט (c), דערדאָזיקער בײַזאַץ (b) קומט שטענדיק מיט די ווערטער „מאַכנדיק" (אין זינען פון „זאָגנ"), „זאָגנדיק" א. ד. גל., וואָס דאָס דאַרף ווײַזן, אז עמעצער רופט זיך דאָ עפּעס אָן, אָדער רעאַגירט אַפּ עפּעס.

ב) אינמיטן דעם ציטאַט:

16) a) א געשמאַקע היץ, — א-א-א! — b) רופט איך מיך אָן, c) גייענדיק צופוס לעבן אַלטערס בײַדל,—a) איר שוויצט ר׳ אַלטער? („פישקע", II, III 20—21).

דער בײַזאַץ מיטן ערשטן פּאַרטיציפּ (c) קומט דאָ אינמיטן יענעמס רייד (a-a) נאָך א זאַץ, וואָס דערציילט, אז עמעצער זאָגט עפּעס (b; „רופט איך מיך אָן").

ג) נאָך דעם ציטאַט:

17) a) „גיי שוין גיי, זײַ מוחל!"—b) מאַך איך צום פערדל מיט גוטן, c) איבערבעטנדיק עס אין הארצן פאַר דעם צונעמעניש פּעגירע" („פישקע", II, III 11).

דער בײַזאַץ מיטן 1־טן פּאַרטיציפּ (c) קומט דאָ נאָך די רייד (a) און נאָך א זאַץ (b) וואָס דערציילט, אז עמעצער זאָגט דעם זאַץ a.

אין אַלע 3 סכעמעס באַם ציטאַט האָב איך אָנגעציילט פאַרבינדונגען דורך 1־טן פּאַרטיציפּ אין „פישקע"—76 פאַלן (23+30+23), אין „ווינשפינגערל" (פון 1888—1889,— 86 פאַלן (20+38+28) מיטן 1־טן פּאַרטיציפּ; איך האָב געציילט דאָס אָנקעגנדיקע, די פאַלן, ווען מענדעלע ניצט באַם ציטאַט די פאַרבינדונג דורך דער „און"־גרופּע לויט דער סכעמע, אשטייגער, פון דער פראַזע 8a („און מיין זיכער", אנשטאָט „מייגענדיק" אין 8; דאָסזעלבע איז בענעגייע די איבעריקע צוויי סכעמעס)[5]. אזוינע קעגנפאַלן האָב איך אין „פישקע" אָנגעציילט—24 (5+9+10), און אין „ווינשפינגערל"—27 (8+7+12) אָן דעם 1־טן פּאַרטיציפּ. ד. ה., אז פון 100 אזוינע פאַלן ניצט מענדעלע דעם 1-טן פּאַרטיציפּ אין 76; און פון 113 אין 86, — גענוג אַפּ אײַנצוזען דאָ א סיסטעם, א קלאַל. דעם 1־טן פּאַרטיציפּ בא דעם ציטאַט טרעפט מען אויך אָפּט אין „קליאַטשע", „קליינע מענטשעלע". געציילט האָב איך דאָרט ניט.

בא אַנדערע שרײַבער איז דאָ (באַם ציטאַט) די פּראָפּאָרץ אזאַ: אין שאָלעמאַליכעמס „פונעם יאַריד", ב. I: 28 פאַלן פאַרבינדונגען דורך דער „און"־גרופּע, און בלויז 2 פאַרבינדונגען דורך דעם 1־טן פּאַרטיציפּ. אין פּערעצעס „בילדער און סקיצן" זײַנען די געהעריקע ציפער: 20 און 2; אין אַפּאַטאָשוס „אַליין"—44 און 0. בפּערעך דאָסזעלבע איז בא בערגעלסאָנען און בא אַנדערע, ביז גאָר די ייִנגסטע[6] מע דאַרף נאָך דערבײַ זאָגן, אז בא די דערמאָנטע שרײַבער פאַלט אַרויס אין א גרויסן טייל פאַלן דער גליד b אין דער סכעמע א׳ און אפילע (איבערגרופּירט די זאַצן) אין ב׳ און ג׳ אויך: זיי פאַרשפּאָרן צו דערציילן בא יענעמס רייד, אז ער „זאָגט", „מאַכט" עפּעס. אפילע פאַר דעם דיאַלאָג האָבן זיי גענוג מיטלען אַפּ אויסצוקומען אָן דעם גליד b, מע זאָל וויסן, ווער וואָס ס׳זאָגט.

---

5) איבער פלאַץ־קנאַפּ ברענג איך דאָ קיין מוסטערן ניט, און שיק אָפּ דעם לייענער צו „פישקע" III, 13, 20 א אז. וו.; 63, 89 א. אז. וו.; 34, 75 א. אז. וו.

6) אין אויזער וואַרשאַווסקי „שמוגליאַרעס" טרעפט זיך דער 1-טער פּאַרטיציפּ אין ציטאַט 30 מאָל (11 + 6 + 13), אָבער דאָך איז בא אים די „און"־גרופּע דאָ שטאַרקער פאַרטרעטן — 57 מאָל (35+3+19).

זאָל נאָך דאָ געזאָגט זײַן: מיטן 1-טן פּאַרטיציפּ קען מען טרעפן בא מענדעלען אַלע מינים צײַטווערטער: אַקטיווע (צומײַנסטנס; אַשטייגער: „הערנדיק", „זעענדיק", „טוענדיק" א. אז. וו.), שטייענדיקע („קומענדיק", „זיצנדיק", „אופשטייענדיק" א. אז. וו.) זיך־צײַטווערטער („רוקנדיק זיך" „אָנשלאָגנדיק זיך" א. אז. וו.), פּעריפראַסטישע („א טײַט געבנדיק", „א מאַך געבנדיק", „האַנאָע האָבנדיק" א. אז. וו.). איך האָב אָבער בא אים ניט געטראָפן קיין „ווערנדיק", „זײַענדיק" און „האָבנדיק" מיט א זעלבשטענדיקן באַטײַט (ניט אין דער ראָליע פון הילפצײַטווערטער).

עפשער פון דער איבערגעלאָדנקייט מיטן 1־טן פּאַרטיציפּ געמען זיך בא מענדעלען אייניקע טיפּן פאַלן, וואָס איצט זעען זיי אונדז אויס פרעמד אָדער גאָר פאַלש:

א) 18) דאָס פערדל דאָרט אין יענעם וואָגן, נימעס ווערנדיק אים... צו שטיין אפּ איינ אָרט... איז זיך מעיאשעוו... („פישקע" II, III 56, דאָסזעלבע, ז. 65).

ב) 19) אן אַלטער אויסגעדאַרטער דאָרפהונט... מיט א הינקענדיק פיסל און א קאָלטון באַמבלענדיק זיך אים אפּן עק (פישקע, III, 56).

ג) די פאַרבינדונג פון „בעשאס" מיטן 1־טן פּאַרטיציפּ, אַשטייגער:

20) עפשער איז געוועג... א געשמאַקער שמאַרצ ווי פון א בלאָטער בעשאס קראַצנדיק אים אמאָל אפּ מײַן לײַב („פישקע", III, 96).

21) נאָך און נאָך פּאָרמעס האָט דער קאַמערדינער מיר אָנגעמאָסטן און בעשאס מיך אָנטאָנדיק... האָט ער מיך געצופּט, געצויגן... (קליאַטשע", I, II, III, 177) א. אז. וו.

מע דאַרף אָבער זאָגן: ס'איז ניט קיין שטענדיקע פאַרבינדונג. מענדעלע ניצט אויך נאָרמאַל דעם „בעשאס" מיט אינפיניטיוו: „בעשאס ליי ענען" („קליאַטשע", I, II, III 6) א. אז. וו., אָדער אין א נאָרמאַלן זאַץ: „בעשאס ער איז געפלויגן רײַטנדיק אפּ זײַן אָדלער" („מאַסאָעס" I, 15, II; זע אויך I, 41) א. אז. וו.

ד) מענדעלע פאַרבינדט אייניקע מאָל דורכן 1־טן פּאַרטיציפּ צוויי זאַצן מיט פאַרשידענע סוביעקטן, אַשטייגער, די מוטער זאָגט דעם זון (ייִסראָליק דעם מעשוגענעם):

22) ארויסגייענדיק אפּ דעם הויף (ד. ה. בעשאס דו (איינ סוביעקט) ביסט ארויס־געגאַנגען אפּן הויף; נ. ש.) איז דיר אנקעגנגעקומען אונדזער הויכער גאַלגאַנסקער האָן (צווייטער סוביעקט) („קליאַטשע", I, II, III 46).

23) קוקט אָן א ייִדן פרײַטיק, קומענדיק פונעם מערכעץ, ער בליט („מאַסאָעס" I 85, III).

מענדעלע מיינט דערמיט: קוקט אָן (סוביעקט: „איר") א ייִדן, בעשאס ער ‏ דער ייִד,— צווייטער סוביעקט) קומט... מײַנען קען מען אָבער: בעשאס איר קומט. דאָסזעלבע טרעפט מען (אין געציילטע פאַלן) אין דער „קליאַטשע", אין „קליינעם מענטשעלע" אויך.

זאָל שוין בא דער געלעגנהײַט דערמאָנט ווערן נאָך א קליינע גרופּע פאַלן; ווען מענדעלע ניצט ניט די פּאָרמע פונעם 1־טן פּאַרטיציפּ אָנשטאָט דעם אינפיניטיוו, אַשטייגער:

24) איך האָב (די גילגולים; נ. ש.) אליינ געהערט שרײַענדיק, איך זאָל אזוי הערנ שויפער שעל מאָשיעך (קליאַטשע", I, II, III, 44).

25) פון אַלטע מענטשן האָב איך געהערט דערציילנדיק, אז זיי האָבן אליינ געזעען אזעלכע יאַם־מענטשן („מאַסאָעס" I, 76, II, דאָסזעלבע „פישקע", II, דאָסזעלבע „פישקע", II, III, 92).

ש"א שרײַבט אין אזוינע פאלן:

26) אויך אפ נאָכעם ווערויקס האָבן זײַנע קינדער געהערט דערציילן, אז ער קלויבט זיך אריבער („פונעם יאריד", ב. I 105).

דאָסזעלבע בא לינעצקין („געהערט דערציילנ") אינ „דאָס פוילישע ייִנגל" (לעמבערג 1875, ז. 79). בא מענדעלען גופע האָב איך געטראָפן אינ אזא פאל: „געהערט דערציילנ" („קליינ מענטשעלע" III, 66).

די פארטיציפ־פאָרמע האָב איך געטראָפן בא א. מ. דיקן („געזעענ ארויסגייענ־דיק" „באגעגנט גייענדיק", אינ „מיכאל ברינדזע", ווילנע 1876, 15, 41), אויך בא י. מייזאכן („געהערט דערציילנדיק", אינ „דער ייִדישער דוקעס", ווילנע, 1913, 8) א. אנד. דאָס איז אנ אייגנטימלעכקייט פונעם ליטוויש־רײַסישנ פאָלקס־ייִדיש.

דער לייענער האָט געקענט באמערקנ, אז אינ קיינ איינער פונ די געבראכטע מענדעלעס פראזעס איז ניט פאראנ קיינ 1־טער פארטיציפ אינ א נעגאטיווער פאָרמע („ניט מיינענדיק" א. אז. וו.). דאָס איז ניט צופעליק: מענדעלע ניצט ניט ביכלאל (כוצ זעלטענע אויסנאמענ) דעמדאָזיקנ מינ 1-טנ פארטיציפ. וואָס־זשע טוט מענדעלע אינ אזונע פאלנ, בעייס מיר ווייסנ, אז דער 1־טער פארטיציפ איז בא אים די באליבטסטע ארט פארבינדונג פונ אלע באקאנטע פארבינדונג־ארטנ? מענדעלע האָט באשאפנ א נײַע ארט פארבינדונג: דעמ אינפיניטיוו פונעמ צײַטוואָרט מיט „ניט צו" פריִער.

דידאָזיקע פאָרמע האָט מענדעלע אָנגעהויבנ צו ניצנ שוינ גאָר פרי. מענדעלע שרײַבט, אשטייגער, אינ דער ערשטער אויסגאבע פונ „קליינ מענטשעלע" (אדעס, 1865):

27) א דריטער פלעגט איבערלייענען דאָס קוויטל, קווענקלען זיך און אוועקגיין, אפילו ניט צו זאָגנ מיר א וואָרט („קליינ מענטשעלע" I, 25, III 55).

וואָס ווײַטער ניצט מענדעלע דידאָזיקע פאָרמע מער אונ מער, אונ אינ „פישקע" האָב איך אָנגעציילט 27 אזוינע פאלנ, אשטייגער:

28) די בעשוטפעסדיקע פיס ווערן מעשוגע, ניט צו וויסנ וועמען צו פאָלגן („פישקע", II, III 50, דאָסזעלבע: „ניט צו וויסנ" II III, ז. 132, 135, 153, 174).

29) מיר האָבן אים געטון א נעם, געכאפט די קאָשערע מעציִע, נישט צו מאכנ מיט אים קיינ פיל האסבאָרעס („פישקע", II, III 40).

30) ר' אווראָמ אָבער איז געשטאנען, ניט צו רירנ זיך פונעם אָרט („ווינשפינגערל" II, ב. II 83).

דאָסזעלבע טרעפט מען אינ „ווינשפינגערל", „קליאטשע" א. אז. וו. אז מיט דערדאָזיקער פאָרמע איז מענדעלע אויסנ געווענ דאָסזעלבע, וואָס אינ פאָזיטיוונ זאצ מיט דעמ 1־טנ פארטיציפ,—דאָס קענ מענ זענ פונ די געציילטע עטלעכע פאלנ, ווענ ער ניצט דאָך דעמ 1־טנ פארטיציפ אינ א נעגאטיווער פאָרמע:

31) איך שווײַג, ניט וויסנדיק וואָס צו ענטפערנ (קליאטשע III 131; אינ דער ערשטער רע־דאקציע פעלט די געהעריקע שטעל).

32) הא—א?—מאכט אלטער, דערהערנדיק מײַנ געשריי, עפעס אפ קיהיש, ניט רירנדיק זיך פונ אָרט (פישקע" II, III, 20).

פונוואנען קומט צו מענדעלען דידאָזיקע פאָרמע? בא יִדישע שרײַבער ביז מענ־דעלען האָב איך דאָס ניט געפונען. איך האָב דאָס געטראָפן בא אל. צעדערבוימען אין א פובליציסטיש אַרטיקל:

33) מע קען זיכער זאָגן, וויפל די געמיינדע ציט ארויס פון דער טאַקסע צום אויסהאַלטן די קעהילע, קאָסט דעם אוילעם בלי גוזמע 3 מאָל אזוי פיל... ניט צו שמועסן, וואָס די טײַער־געקויפטע האכ־נאָסעס גייען אויך אוועק ווי זאַלץ אין וואסער (אר״ז „א גאסט אפ א ווײַלע״, „קול מבשר״, נ. 4 פאר דאָס יאָר 1869).

מיר האָבן שוין געזען, אז מענדעלע האָט די ארט פארבינדונג גענוצט פריִער (1866). כוצדעם, איז זיך שווער פאָרצושטעלן, אז מענדעלע זאָל זיך נעמען פאר א מוס־טער צעדערבוימען (א היפש ביסל דײַטשמעריש ביכלאל), ווען ער זאָל ניט האָבן פאר אזא פאָרמע קיין טיפערע גרונטן. עפשער קען מען געפינען אן ענטפער אפ דער פראגע אין אזא פאָרמע, וואָס איך האָב געטראָפן (1 מאָל) בא מענדעלען:

34) פארנאָסעס אָן מי, אָן געלט אריַנצולייגן, זײַנען נאָר יענע, די פריִערדיקע („פישקע״ וו. ווו 165).

דידאָזיקע פאָרמע „אָן״ (ohne) מיט „צו״ מיט דעם אינפיניטיוו, איז באַקאַנט אין דײַטש. צי האָט מענדעלע ניט איבערגעארבעט דידאָזיקע פאָרמע, אריַנגעשטעלט „ניט״ אנשטאָט „אָן״? [7])

אינעם גרעסטן טייל פאלן גיט מענדעלע דידאָזיקע פארבינדונג סאָף פראזע, זעלטענער טרעפט מען זי אין דער מיט, אשטייגער:

35) באם ערשטן באגעגעניש מיט א מענטשן, נישט רעכט צו וויסן ווער ער איז, פון וואנען ער איז, נעם איך און גיב אים איבער אין זײַנע הענט דאָס עלנטע יאָסעמל נעבעך („ווינשפינגערל״, וו, ב. וו, 75).

און גאָר זעלטן אין אָנהויב:

36) קיין צײַט נישט צו האָבן ווארטן אפ ענטפער בייגט זיך רייזע איַן... צו זען, ווער איז („ווינשפינגערל״, וו, ב. וו, 76).

א פאָר מאָל האָב איך באמערקט בא מענדעלען אזוינס, וואָס מע קען דאָס האלטן פאר א פרווו איַנצופירן דידאָזיקע פארבינדונג (אָן „ניט״), אין א פאָזיטיוון זאַץ אויך:

37) דאָס יִדל האָט זיך פאטראכט, אנידערגעלייגט אפ א ווײַלע דעם לעפל, קײַענדיק זייער פאמעלעך, קאם קאם צו מאכן מיט די ליפן, און מע האָט... דערקענט, אז עס טוט אים עפעס שטארק האנאָע („ווינשפינגרל״, וו, ב. וו, 78).

מע וואָלט דאָ געקענט זאָגן: „קאם קאם מאכנדיק מיט די ליפן״.

מיר האָבן שוין געזען פריִער (ז. 163, פונקט ד), פאלן, ווען מענדעלע פארבינדט דורכן 1־טן פארטיציפ צוויי זאצן מיט פארשידענע סוביעקטן. דאָסזעלבע זעען מיר דאָ אויך; אשטייגער:

38) מיכל איז ערגעץ פארוואָגלט, נישט צו וויסן ווו זײַן געבויין איז אהינגע־קומען („קליין מענטשעלע״ ווו, 129—130).

---

7) אזוינס איז אונדז איצט באַקאַנט, אשטייגער, אין אזא זאַץ:
ער קען אסאך זאכן: שפראכן און כעשבן און נאָך, און נאָך, — פון יִדישקייט שוין ניט צו רעדן.
מיר איז אָבער איצט שווער צו אָריִענטירן זיך, צי איז דאָס א פאָלקספאָרמע; ווער האָט געהערט אזוינס בא פאָלקסמענטשן?

לויט דעם מוסטער פון אונדזער פראַזע 28 דאַרף דאָס הייסן, אַז מיכל האָט ניט געוואָלט, ווו זײַנע אייגנע געבייני איז אַהינגעקומען. פאַרשטייט זיך, אַז מענדעלע מיינט דאָ: מע (אַ נ ד ע ר ע, ניט מיכל) האָט נישט געוואָלט א. אַז. וו.

א פּאָר מאָל האָב איך געטראָפן די מיט „נישט צו" פאַרבינדונג בײַ שאָלעם־אליינעכעמען:

39) דער אַנגעוואָפּנטער נעפּעש איז געבליבן שטיין אין הינערפלעט, נ י ש ט צ ו ו י ס ן, וואָס טוט מען מיט זיי („אַלט-נײַ-קאַסרילעווקע", ז. 13).

אויך די פאָרמע: „אָן צו" (זע פריִער № 34):

40) א מינוט זײַנען זיי אַזוי געשטאַנען איינס אַקעגן דאָס אַנדערע, אָ נ א וו אָ ר ט א ו י ס צ ו - ר ע ד ן, און נ י ש ט צ ו ר י ר ן מיט אַן אייווער (ש"א „בלאָנדזשענדע שטערן", ט. וו, פאַרלאַג „קולטור-ליגע", קיִעוו, 1927, ז, 293).

ביכלאל אָבער געהערט דאָס ניט צו ש"א׳ס סינטאַקס. אין אַזוינע פאַלן ניצט ער די „און"־פאַרבינדונג („ער האָט אליין ניט געוואוסט, פאַרוואָס").

„אָן צו" בײַ אַנדערע שרײַבער:

41) האָט ער זיך געשטאַרקט און האָט געמאַכט א טריט ווײַטער און אָ נ א ג ו ט - אָ וו נ ט צ ו ז אָ ג ן האָט ער אַרויסגעשטאַמלט (א. רייזען וו „מענטשן און וועלטן", „פּראָגרעס", וואַרשע, 1912).

42) דער פּראָלעט-שרײַבער האָט אויף זײַן וועג צו סאָוו-בויונג גענוג שטרעקעס צו דעקן, אָ נ א ו י ס - צ ו ל ײ ג ן ו ו ע ג (מ. באַדיר, אין „מאָרגן-פרײַהײַט", № 259, 1930).

43) די צוויי דאַמען האָבן זיך אָנגעקוקט אָ נ א וו אָ ר ט צ ו ר ע ד ן (י. מייזאַך, „נאַפּאָליאָן דער ערשטער", ווילנע, 1908, ז. 21).

בײַ מייזאַכן איז דאָס אָבער פון א כאָשעדיקן קוואַל, וואָרעם אין זעלבן ביכל בײַ אים האָב איך אויך געטראָפן:

44) נאַפּאָליאָן האָט דאָס ה ו י ז ע ר ק אָ נ ט (!) אָ ה נ ע צ ו פ ר ע ג ן בײַ א מענטשן (דאָרט, 26)

א פּאָר ווערטער וועגן אייניקע אַנדערע אַרטן פאַרבינדונגען בײַ מענדעלען.

מיר האָבן שוין געזען אין דער טאַבעלע (ז. 158), אַז מענדעלע ניצט אַמאָל דעם 2־טן פּאַרטיציפּ אָנשטאָט דעם 1־טן, אַשטייגער:

45) אָ פּ ג ע פּ א ר ט י ק ט ז י ך פון דער אַרבעט..., שטעלט ער אויס א פּאָר גלעזערנע אויגן און קוקט אויפן אוילעם („פישקע", וו, ווו 62).

דאָ טרעפט זיך אויך,— אַזוי ווי מיר האָבן דאָס שוין געזען פריִער,— אַז מענדעלע פאַרבינדט דורך דעם 2־טן פּאַרטיציפּ צוויי זאַצן מיט פאַרשידענע סוביעקטן (אַשטייגער, „קליאַטשע" ו, וו, ווו 80: „אָפּגעפּאַרטיקט זיך" א. אַז. וו.). אָבער דידאָזיקע פאַרבינדונג טרעפט זיך בײַ מענדעלען ביכלאל זעלטן. אויפגענומען און ברייט פאַרוועגדט דידאָזיקע פאַרבינדונג האָט ש אָ ל ע ם ־ א ל ײ כ ע ם, ווי מיר זעען דאָס אין דער טאַבעלע. מיר ווייסן אויך, אַז דער 2־טער פּאַרטיציפּ (ווי אויך די „און"־און „אַז"־פאַרבינדונג), איז געוואָרן בײַ ש"א׳ן א מיטל פּאַטער צו ווערן פונעם 1־טן פּאַרטיציפּ. אין דער צווייטער רעדאַקציע „סטעמפּעניו", האָט ש"א דורכאַנאַנד געמעקט דעם 1־טן פּאַרטיציפּ פון דער ערשטער אויסגאַבע און אין א גרויסן טייל געשטעלט אָנשטאָט אים— דעם 2־טן פּאַרטיציפּ[8]. ש"א האָט דידאָזיקע פאָרמע געקענט נעמען

8) זע נ. א ו י ס ל ע נ ד ע ר: „וואָרט-און פאָרם-ענדערונגען אין די וואַריאַנטן פון ש"א׳ס „סטעמפּעניו" אין דער „יִדישער שפּראַך", 1927 נ. 2. שפּאַלטן 1—4.

באם פאָלקסגעברויך: דאָ איז דאָס פּאָשעט א פארקירצונג פון דער „אז"-פארבינדונג („אָפּגעפארטיקט זיך", אָנשטאָט: „אז איך האָב זיך אָפּגעפארטיקט"); אָבער ס'איז א פאקט, אז ש"א האָט די דאָזיקע פאָרמע אויסגעבויט, פארברייטערט איר אָנווענדונג, פארשאפט איר אווטאָריטעט.

מע מוז אָבער זאָגן: שטענדיק, אין אלע פאלן, פארבייטן דעם 1־טן פארטיציפּ איז דער 2־טער ניט אימשטאנד: דער 2־טער פארטיציפּ איז אָנגעמאָסטן פאר אן איינמאָליק, פאר אן אָפּגעטונען טועכץ אָדער צושטאנד; דער 1־טער פארטיציפּ פאסט פאר א דויערנדיק טועכץ אָדער צושטאנד. דעם קלאל קען מען ארויסזען פון אזא פראזע שאָלעם־אלייכעמס:

46) זיצנדיק באם וואַרעמעס און געמענומען צו ביסלעך לעכאיִם, רופט איך מיך אָן צו אים (ש"א „א וואָרט פאר א וואָרט", פארלאג „קניהאָספּילקא", 1925, ז. 20).

„זיצנ" איז אין אונדזער פאל א דויערנדיקער צושטאנד; „איך" זיצ די גאנצע צייט, „בעשאס איך רופ מיך אָנ"—אויך; „געמענומענ"— איז אן אָפּגעטונענע זאך;— פריִער האָט מען „גענומענ צו ביסלעך", דערנאָך ערשט רופט מען זיך אָן. אינעם גרעסטן טייל פאלן איז דאָס דער זין פון שטעלן דעם 2־טן פארטיציפּ בא ש"א׳ן. דאָס איז שוין צו זען דערפון, וואָס 1) ניצט ש"א מיט 2־טן פארטיציפּ צייטווערטער, וואָס ווייזן אן איינמאָליק טועכץ, 2) שטעלט ער דעם בייזאץ מיטן 2־טן פארטיציפּ אינעם גרעסטן טייל פאלן פריִער, פאר דעם הויפּטזאץ. א טיפּישע פראזע:

47) אויסגעהערט די מייסע, האָט אים נאָכעמ וועוויקס מער ניט א פרעג געטון (ש"א „פונעמ יאריד" ב. ו, 80).

ד. ה. פריִער האָט ער אויסגעהערט די מייסע, דערנאָך האָט ער אים א פרעג געטון. אינעם 1־טן באנד „פונעמ יאריד" טרעפט מען דורכאנאנד: „פארקליבן זיך", „ארויסגעטריבן געוואָרנ", „דערזועג", „אָפּגעיאָנטעווט", „צוגעפאָרנ", „דערהערט" א. אז. וו., ניט: „געיאָנטעווט", „געזועג"... „געהערט". אנקעגן, מיטן 1־טן פארטיציפּ: „גראָבנדיק", „ציילנדיק", שטייענדיק", „קומענדיק" א. אז. וו. ד. ה. א דויערנדיק טועכץ. אָבער אויסגעהאלטן איז ש"א ניט. מע קען בא אים טרעפן (זעלטענער) מיטן 2־טן פארטיציפּ א צייטוואָרט פון א דויערנדיק טועכץ (אָדער צושטאנד) אויך; אשטייגער:

48) אָנגעטון די נייע שטיוועלעך און געפילט זיך אין זיימעכאיעדיק גוט, האָבן כעוורע... (ש"א, „פונעמ יאריד", ב. ו, 125).

„געפילט זיך", ד. ה. א דויערנדיקער צושטאנד, איז א דיסאָנאנס קעגן „אָנגעטונ",—אן איינמאָל אָפּגעטונענע זאך.

מענדעלע ניצט גאָר ווייניק דעם 2־טן פארטיציפּ; ער שרייבט אָבער מיטן 1־טן פארטיציפּ איינמאָל אָפּגעטונענע טועכצן אויך: „דערזועענדיק", „דערהערנדיק", „אריינקומענדיק", „אופעפנדיק" א. אז. וו., ד. ה. דאָרט ווו ש"א וואָלט דורכויס געשריבן מיטן 2־טן פארטיציפּ („דערזועענ" א. אז. וו.).

אין דער פראזע 47 איז אין דעם 2-טן פארטיציפּ („אויסגעהערט") געגעבן, ווי געזאָגט, ניט בלויז א פארבינדונג צווישן 2 זאצן, ס'איז אויך געגעבן דער כראָנאָ־

לאָגישער סײדער, ווי אזוי איינ טועכצ אינ הויפּטזאצ („א פרעג געטונ") קומט נאָכ דעמ צווייטנ אינ בײַזאצ („אויסגעהערט"). דאָסזעלבע זעענ מיר אינ דער פּראָזע 45. דעמזעלבנ צוועק קענ מענ דערלאנגענ אנדערש אויכ. די פּראָזע 45 קענ מענ שרײַבנ, אשטייגער, אזוי:

49) נאָכדעמ אז איכ האָב מיכ אָפּגעפּארטיקט מיט מײַנע געשעפטנ, האָב איכ מיכ גענומענ געשמאק צו דער „קליאטשע" („קליאטשע" I, II, III, 5; אינ I: „נאָכדעמ אז איכ בינ פּארטיק געוואָרנ").

מיט דער פאַרבינדונג „נאָכדעמ אז" קומט מענדעלע אויס אינ אייניקע פאַלנ, דאָרט ווו ער וויל ניט ניצנ דעמ 1־טנ פּארטיציפּ, ווײַל דערדאָזיקער פּארטיציפּ ווײַזט ניט דעמ כראָנאָלאָגישנ סײדער צווישנ די 2 טועכצנ אינ הויפּטזאצ אונ אינ בײַזאצ. אָבער ניט שטענדיק; אָפטמאָל שטעלט דאָ מענדעלע אויכ דעמ 1־טנ פּארטיציפּ. א סימענ האָבנ מיר, ווי אזוי מענדעלע שרײַבט איינעמ אונ דעמזעלבנ זאצ אינ 2 רעדאקציִעס פונ דער „קליאטשע". אינ דער 1־טער רעדאקציע:

50) פּארוואָס מיר שלאָגנ די פּארשיווע קליאטשע? האָבנ געענטפערט די פּאָליצייסקע, נאָכדעמ אז זיי האָבנ מיכ אָנגעקוקט פונ קאָפּ ביז די פיס, מיר פירנ זי אינ טשאסט, („קליאטשע", I, 39).

דאָסזעלבע אינ דער 2־טער רעדאקציע:

a50)... האָבנ געענטפערט די פּאָליצייסקע, אָנקוקנדיק מיכ פונ קאָפּ ביז די פיס. („קליאטשע" II, 44; אינ III איז דידאָזיקע שטעלע געענדערט ביכלאל).

קיינ פעסטנ פּרינציפּ האָב איכ דאָ בא מענדעלענ ניט באמערקט.

אמאָל שטעלט מענדעלע אָנשטאָט „נאָכדעמ אז" א. אז. וו.—„נאָכנ" מיט א סובסטאנטיווירטנ אינפיניטיוו:

51) נאָכנ אוועקשטופּנ דאָס רענצעלע פונ מיר בינ איכ געוואָרנ עפּעס שטארקער („פישקע", II, III 20).

דער בײַזאצ גיסט זיכ דאָ צונויפ מיטנ הויפּטזאצ (זע פּריִער ז. 158 גרופּע 5; אנאלאָגיש דער פּראָזע b12: „באמ דערמאָנענ זיכ"). דידאָזיקע פאָרמע, וואָס איז איצט פּאָפּולער אינ אונדזער שריפטשפּראכ, טרעפט זיכ בא מענדעלענ זעלטנ. צולעצט—די פאַרבינדונג: „אינדעמ אז", אָדער „אינדעמ ווי":

52) אינדעמ אז מיר זײַנענ אײַכ דאָס מודיע, קאָנענ מיר זיכ ניט אײַנהאלטנ ניט צו דאנקענ אײַכ... („קליאטשע" I, II III 102).

דאָס איז א דײַטשישע ארט פאַרבינדונג (...indem wir), אונ איכ וואָלט געזאָגט, אז מענדעלע האָט דאָס דאָ באדארפט האָבנ פונ קאָלאָריט וועגנ; א מינ געהויבענער סטיל: די שטעלע געפינט זיכ צומ סאָפ בריוו פונ דער „חברה צער בעלי חיים". האָב איכ אָבער געפונענ נאָכ אזא פאַרבינדונג אינ א דערציילערישער שטעל:

53) אונ אינדעמ ווי ער האָט מיט א געשפּעט גערעדט איבער די מענטשנ, געלאכט פונ זייער יוישער... איז ער געפלויגנ... („קליאטשע" I, 98, אינ III האָב איכ די שטעלע ניט געפונענ; נ. ש).

סאכאקל טרעפט זיכ דידאָזיקע ארט פאַרבינדונג בא מענדעלענ געציילטע עטלעכע מאָל. עפּשער האָט דאָ מענדעלע געזוכט א נײַעמ וועג אונ זיכ אָפּגעשטעלט גאָר אינ אָנהויב.

קורצ הייסט דאָס אזוי:

1. די באַליבטסטע אַרט פאַרבינדונג פון צוויי זאצן מיט 1 סוביעקט, מיט א גע־ווּיסער לאָגישער פאַרבינדונג צווישן זיי (זע פריער ז. 159 פונקטן 1, 2, 3) איז בא מענדעלען (אין די שפּעטערע ווערק) דער 1־טער פּאַרטיציפּ, — דעריקער, אז דער בײַזאַץ שטייט נאָך דעם הויפּטזאַץ אָדער אין דער מיט. אלס קלאל ניצט מענדעלע דידאָזיקע פאַרבינדונג באַם ציטאַט, אין דיאַלאָג. אלע אַנדערע אַרטן פאַרבינדונגען שפּילן בא מענדעלען א נעבנראָליע. אונדזער שיינע ליטעראַטור איז אפ דעם וועג נישט געגאנגען. דורכגעזעצט האָט זיך דידאָזיקע פאַרבינדונג אין אונדזער פּובליציסטישער שפּראַך; מעגלעך אָבער, אַז — איבער אַנדערע ווירקונגען (דער רוסישער פּובליציסטישער סטיל).

2. מענדעלע ניצט ניט דעם 1־טן פּאַרטיציפּ אין קיין נעגאַטיווער פאָרמע. אָנשטאָט דעם ניצט ער דעם אינפיניטיוו מיט „ניט צו" („ניט צו וויסן"). דידאָזיקע אַרט פאַרבינדונג האָט זיך ניט דורכגעזעצט, ניט אין דער שיינער ליטעראַטור, ניט אין דער פּובליציסטיק.

ס'לוינט אָבער, נאָך מײַן מיינונג נאָך, א טראַכט צו טון וועגן באַנײַען דידאָזיקע פאָרמע, דערהויפּט סאָפּ פּראָזע.

קיעוו, דעקאַבער 1927.

# אינהאלט

# ЗМІСТ

# INHALT



---

(* Entspricht dem deutschen „Von“.

